געפיהל, אז ראחעל איז נאר וואס דא געוועז און זי איז אוועק אין יענעם טהייל שניי־פעלד, פון וואנען עס לייכט זיך אזוי, פון דארט קוקט זי זיך צו צו זיינע שפיעלען, און באלד וועט זי ערשיינען און וועט איהם הינטען, ארום די אויגען פערשטעלען מיט איהרע ביידע הענד און פרעגען: „טרעף, ווער עס איז דא?“ דאס געפיהל איז ביי איהם גע־ווען אזוי וואהר און אזוי נאטירליך, אז ווען דאס וואלט ווירקליך גע־שעהן, וואלט ער זיך גאר נישט געוואונדערט. און טיילמאל האט ער זיך עפעס אינסטינקטיוו אומגעדרעהט, געקוקט אויב זי שטעהט נישט הינטער זיין רוקען. ער האט זי געפיהלט נעבען זיך, צווישען די קינדער. אמאל דא, אמאל דארט — אזוי האט זי זיך יעדען אויגענ־בליק דורכגעשלייכט דורך איהם מיט איהר ווייס קלייד, מיט איהר ליכטענדעם לייב...

אז זיי האבען געהאלטען ביים אהיים געהן, איז ער צו צו מערי'ן. ער האט זי געטראפען נאך זיצענדיג אויפ'ן שניי־שליטען מיט פער־מאכטע אויגען.

— וואס, דו שלאפסט? — האט ער לייכט געפרעגט.

= ניין, — האט מערי די אויגען אויפגעעפענט, דער שניי בלענדט מיך.

באלד קוקט זי איהם אן, און זאגט:

— ווייסט ווענגען וואס איך האב געקלערט, מישא? דאס אלעס איז דאך אזוי נאהנט געוועזן. אזוי נעבען אונז — און מיר האבען נים געוואוסט דערפון.

— וואס איז נאהנט געוועזן? — פרעגט מישא.

= דאס דא — ווייזט זי אויפ'ן שניי, אויף די קינדער ארום זיך. מישא האט געקוקט אין דעם בעלויכטענדען טהייל פעלד אריין, פון וואנען עס האט זיך דאס ליכט געגאסען און געזאגט ווי פאר זיך:

— עס האט געפעהלט דאס ליכט...

זי האט איהם נישט פערשטאנען און נישט איבערגעפרעגט.

ע נ ד ע.

— אדרבה, נור דו, יעצט אין דיין צושטאנד... וועט עס נישט זיין צו שווער פאר דיר? — האט מישא געפרעגט פערלעגנו.

— פערקעהרט, מישא, איך וויל זיך ביי זיי לערנען ווי א מוטער צו זיין. — האט זי אויך פערלעגען אבגעענטפערט, און א נאטירליכע רויטקייט האט זי בעגאסען.

זיי האבען זיך ביידע פערשעמט ווי קינדער, ווי אמאל, אין אנהויב.

## קאפיטעל 44.

עס איז געווען א העריליכער טאג. די זונן האט זיך ווי א ליכ־טיגער באלעם געקולערט איבער דעם ווייטען ברייטען שניי־פעלד און אויפגעפלאקערט אין א העלעם בלענדענדעם ליכט א האלבען שניי־פעלד. עס האט זיך געדאכט, אז דארט, אין יענע העלקייט, איז דער שניי צוגאסען געווארען אין א הימעל־וואסער. מישא מיט זיינע תלמידים האבען זיך ארומגעקולערט אין שניי, אליין שוין געווען פון קאפ ביז צו די פיס אין שניי — וואס די תלמידים האבען איהם בע־שאטען. האט ער זיך געיאגט נאך זיי אין א רונדיגע ראד. דאס שטיק פעלד אויף וועלכען מישא מיט זיינע תלמידים האבען זיך גע־שפיעלט, האט אויסגעזעהן ווי א מלחמה־פעלד. האלבע פעטער־שניי־ער'ס האבען זיך ארומגעוואלגערט, טהייל האט געפעהלט די הענד, אנדערע דער קאפ אבגעהאקט. און נאך אנדערע פעטער־שנייערס האבען געהאלטען ערשט אין בעשאפען ווערען. טהייל זיינען שוין גע־ווען פערטיג, און טהייל האבען שוין גערעדט צום ציעל, אין וועלכע די קינדער האבען זייער שניי באלעמס געשאסען. אביסעל ווייטער אויף א שניי־שליטעלע, איז געזעסען מערי און צוגעקוקט זיך צו דער סצענע. עפעס וואס האט זי געקלערט, עפעס נישט — נור דאס וויס־קייט האט זי מיעד געמאכט. זי האט איהרע אויגען צוגעמאכט — און א ווהיגקייט האט זי בעפאלען וואס האט איהר גוט געטהאן.

מישא האט געקוקט אין דער זונן אריין — אין דעם טהייל פעלד, וואס האט געפלאקערט אין דער זונען־שיין. ער האט געהאט דאס

— וועסט דיך נישט שעמען מיט מיר צוגעהן איבער דער גאס, מישא? — פרעגט זי מיט יענעם שמייכעלע וואס איז מישא'ן געווען אזוי בעקאנט.

מישא האט גאר נישט אבגעענטפערט. ער האט פערלעגען גע־שמייכעלט. צום סוף האט ער געזאגט:

— אדרבא, מיט א מוטער איז מעהר כבוד.

— נישט וואהר?... — האט זי נאך געוואלט עפעס זאגען און איז פערשוויגען.

מערי'ס מוטער האט צו איהרע גרויסע צרות דערזעהן ווי מערי טהוט זיך אן ארויסצוגעהן. זי האט זי נישט געוואגט איינצוהאלטען. און צום ערשטען מאל האט זיך מערי געוויזען אין גאס מיט מישא'ן.

עס איז געווען א געלויף און א קוקערייי פון די פענסטער און פון די געוועלבלאך ארויס, און זי איז געגאנגען פאמעליך, טריט ביי טריט, און מיט א געוויסע מאיעסטעטישע מוטערליכע רוהיגקייט האט זי געוויזען די וועלט דאס גליק וואס די נאטור האט איהר געשאנקען. ווי זי וואלט געווען א כהנ'טע און טראגט דעם פאלק די ברכה. מיט אזא אינערליכען שטאלץ האט זי איהר מוטערליכעם געוויזען...

דאס חדר איז איהר זעהר געפעלען. אויפ'ן וועג האט זי געקויפט שאקאלאד און זי האט די קינדער צוטהיילט. געפרעהט זיך מיט די קינדער און מיט בעזונדערע ליעבע האט זי זיי אלע ארום זיך געקלי־בען און זיי עפעס דערצעהלט. מערי ארום די קינדער האט איצט גאר אנדערש אויסגעזעהן. עס איז געווארען פערשטענדליך איהר טראַ־גען — און אין דעם קראנץ פון די קינדער האט עס איהר זעהר גע־פאסט. מישא האט געקוקט אויף איהר מיט א צופרידענער מינע. אין דער מוטערליכער פאזע האט ער זי קיינמאל נישט געזעהן, און ער האט זיך קיינמאל ניט געקענט פארשטעלען, און דאך איז עס אזוי נאטירליך און אזוי זעלבסטפערשטענדליך.

— וועסט מיר ערלויבען אפטער צו בעזוכען דיין חדר, מישא? — האט זי איהם געפרעגט ביים אוועקגעהן.

— נעוויס.

— איך וועל דיר אביסעל מיטהעלפען. דו ווערסט גאר נישט נעגען דעם האבען?

אויב זי וויל איהם זעהן". די מוטער איז אריין — און מערי האט איהם אריינגעבעטען.

ער האט זי געפונען גאר נישט געענדערט, אדרבה, עס האט זיך איהם געדאכט, אז דאס טראגען פאסט איהר זעהר, — זי איז שעהנער געווארען, און אזא רוהיגער גליקליכער שמייכעל בעלויכטעט זי — און ער האט גאר נישט פערשטאנען דעם רעש וואס איז געווארען. עס האט זיך איהם געדאכט, אז פערקעהרט, אז אלע דארפען זיך פרעהען וואס אויף מערי'ן איז געקומען אזא גליק.

זי האט איהם צוגענומען קאלטליך, האט זיך מישא'ן געדאכט. ער האט עס זיך ערקלעהרט מיט איהר יעצטיגען צושטאנד. זי איז געזעסען אויף א וואקעל־שטוהל און גאר נישט געמיהט זיך צו בע־האלטען איהר „שאנד". און גערעדט האבען זיי וועגען ארץ־ישראל. איבערהויפט האט מערי איהם געפרעגט — און ער האט געענטפערט, און איינער האט דעם צווייטענס לעבען מיט קיין ווארט נישט אנגע־ריהרט.

ביים אוועקגעהן האט איהם מערי פלוצלונג געפרעגט:

— דו האסט געעפענט א חדר פאר קינדער?

— יא.

— און א סך קינדער?

— דערווייל איינציגע, נישטא קיין בעהעלפערס.

— ווילסט מיר ווייזען דיין חדר?

— געוויס.

— געהסט דארט יעצט אהין?

— יא.

— און וואלסט מיך געוואלט באלד יעצט מיטנעהמען?

— מיט פערגעניגען.

— טו נעה ארויס, איך וועל זיך פלינק אנטהאן.

ער איז ארויס, די מומע איז איהם בעפאלען מיט פראגען, ער האט איהר גאר נישט געהאט צו ענטפערען.

פלוצים עפענט זיך מערי'ס טהיר, און מערי רופט אריין מישא'ן. זי איז שוין געווען אנגעטהאן אין קלייד — און מען האט איהר יעצט מעהר אנגעזעהן ווי פריהער.

בראד" דערצעהלט. די שוועגערין האט עס ניט געוואלט גלויבען, איז געקומען, איבערציינגט זיך, און איז אהיים אוועק א פלאם רויטע פאר בושה, און דעם מאן אין דער צווייטער שטוב אריינגערופען און דעם „סוד" פערטרויט. באלד איז עס אויך דער פאטער געוואהר געווארען. מען האט נישט געוואוסט צו זי האט חופה וקדושין געגומען. דער פעטער לייזער האט גע'טענה'ט מיט'ן ברודער, אז ער זאל אריינגעהן צו איהר און מאכען א שמועס וועגען דעם, עס איז זיך נישטא וואס צו שעמען — די מוטער האט זיך אבער פאר דער שוועל אוועקגעלעגט מיט א געוויין, אז דאס קינד איז קראנק, אז זי קען זיך א מעשה אנטהאן, מען דארף אבווארטען. דערווייל איז מען אין שטאדט געוואהר געווארען, מען האט אנגעהויבען צו רעדען דערפון אין די געוועלבלעך. די זילבערבערגס האבען זיך געשעמט די נאז אין די גאס ארויסצואווייזען. ר' לייזער איז אוועק צו זיינע געשעפטען, און מע־רי'ס פאטער האט זיך מיטגענומען א פאר ספרים'לעך אין רייזע־זעקעל און איז געפאהרען אין וואלד אריין אויף א פאר טעג.

דערווייל האבען מערי אלע געמידען. די שוועגערין, מישא'ס מו־טער, האט אויפגעהערט ארויפצוגעהן. און פון דער משפחה האט מען זיך דערווייטערט און מערי איז נור איבערגעבליבען מיט דער מוטער אין די גרויסע הוילע שטובען, פון וועלכע זי איז איבריגענס זעהר צופריעדען געווען.

מישא איז אויך געוואהר געווארען צו גלייך מיט אנדערע פון מערי'ס אהיים קומען. עס איז שוין געווען א שטיק שפעטערדיגע צייט ווי ער האט געהאט דעם חדר אפען — און ער איז שוין גאנץ צוריק געזונד און רוהיג געווארען פון די ארבייט.

די ערשטע פאר טעג אז ער האט געהערט פון די „נייעס", האט ער מורא געהאט זי נישט צו שטערען אין איהר איצטיגען צושטאנד. און אפשר וויל זי איהם גאר נישט זעהן. נור געהערט פון דעם רעש וואס איז געווארען אין דער שטאדט, און פון דעם גערודער אין דער משפחה — האט ער זיך געפיהלט פערפפליכטעט באלד זיך צו ווייזען אין פעטער'ס הויז. די מומע האט איהם צוגענומען ווי א משיח'ן, און גע'סוד'עלט זיך מיט איהם אין די ווינקעלאך, אז ער זאל געוואהר ווערען „וואס עס איז?" ווארים איהם וועט זי זאגען. מישא האט געשמייכעלט אין די ברילען און געענטפערט: „ער ווייסט נישט

## קאפיטעל 43.

— געהערט נייעס? זילבערבערג'ס טאכטער איז דאך צוריק־געקומען פון דער וועלט.

— און וואס איז דער מעהר?

— זי האט עפּעס מיטגעבראכט א פּעקעל.

— א טרפה צו א כשר'ס?

— וואס איז דער חילוק, אבי דער אלטער וועט א זיידע ווערען.

— ווער איז דער פאטער?

— זי ווייסט אליין נישט. — איינעם האט זי געליעבט און צום צווייטען האט זי זיך גע'שדכנ'ט — פון וועמען דאס קינד איז ווייסט זי נישט.

— נו, עס וועט נישט פערפאלען ווערען. עס בלייבט אין דער משפּחה.

אזעלכע געשפּרעכען האט מען געקענט הערען פאר יעדען צוויי־טען געוועלבעל אין שטעדטעל נאך מערי'ס צוריקקומען. די שטאדט האט געקלונגען, קיינער האט זי נאך נישט געזעהן, זי האט זיך אויף דער גאס נישט געוויזען, און וועגען איהר פאטער און מוטער זיינען לעגענדען ארומגעגאנגען.

— דער אלטער איז דאך אנטלאפען פאר חרפּה.

— וואוהין?

— אין די בעדער אריין האט ער שוין קיין געלד נישט, איז ער צו א שרייבער אין א וואלד ארויסגעפאהרען.

— זי האט עס געהאלפען דעם טאטען אן עק מאכען פון די פאר גילדען.

— נו, זי האט עפּעס פאר דעם געלד מיטגעבראכט, כאטש נישט בחנם עס אויסגעגעבען...

אין דער היים איז דערווייל געזעסען מערי ווי א שוטה. אהיים געקומען איז זי א קראנקע און א צובראכענע, און האט באלד זיך געמוזט אין בעט לעגען. די מוטער האט עס באלד בעמערקט, דער־ציטערט געווארען, מורא געהאט דעם מאן צו זאגען, און איז געלאפען צו די שוועגערין, מישא'ס מוטער, און האט איהר דעם „גרויסען

פראגראם, וואס ער וויל איינפיהרען אין זיין חדר און דערביי פיעל גע־רעדט וועגען פעדאגאגיק מיט וועלכע ער האט זיך לעצטענס זעהר אינטערעסירט און פיעל דעריבער געלעזען. דער דאקטאר הארכט אויס, צום סוף רופט ער זיך אן:

= צו אידישע קינדער טויג דאס אלעס גאר נישט. פאר זיי איז דאך גאר נישט קיין פעדאגאגיק געשריעבען. מיט זיי דארף מען מיט הארץ צוגעהן, נישט לויט'ן בוך, נור מיט ליעבע, מיט ליעבע וועסטו מיט זיי אויסמאכען. מען דארף זיי ליעב האבען, דאס איז די ערשטע זאך. זיי דערפיהלען עס באלד ווער עס האט זיי ליעב, און דער וואס האט זיי ליעב קען מיט זיי אלעס טהאן. ווארום זיי אלע, דאס גאנצע אידישע פאלק, איז איין קראנקער געפייניגטער יתום, און די קינדער דערפיהלען דאס מיט דער מוטער'ס מילך, זיי זיינען אין דעם יתום'־קייט ארייננעוואקסען — דורך דעם דארפען זיי מעהר ליעבע און מעהר צערטליכקייט ווי אלע אנדערע קינדער, ווארים נור מיט דעם קען מען זיי היילען. — און נאך א מינוט שווייגען רופט ער זיך ווידער אן, ערגעץ וואו אוועקקוקענדיג אן א זייט:

— איך האב דיר נישט געפרעגט וועגען איהר, ווי אזוי און ווען, עס איז דיין זאך. נור זעהסטו, אז מיינע איז מיר געשטארבען, האב איך מיר דעם „ראוו" פאר מיין ווייב געמאכט, און ווען מיינע קינדער זיינען מיר געשטארבען, האב איך מיר זיי.... נו, וואס שטעהסטו און גלאצסט, געה שלאפען! א גוטע נאכט! — שרייט אויס פלוצלונג דער דאקטאר און געהט אריין אין צימער און האקט די טהיר הינטער זיך.

א פאר טעג נאכדעם האט דער דאקטאר אויסגעמיעדען מישא'ס בליק, און געבייזערט זיך אויף דער גאנצער וועלט...

אבער די שטאדט האט געהאט א געשיכטע. עס האט געקלונגען, אז מען האט געטראפען מישא'ן מיט די קינדער אין וויסען שנעע־פעלד ארויסגעהן שפאצירען — האט מען איהם נאכגעשריען, און א נאמען האט מען זיי בײדען, לייזעראוויטש'ן מיט מישא'ן, געגעבען: „דער שווער מיט'ן איידעם".

ער זיך איבערגעוואונקען מיט'ן ווייב און האָט געוואגט גאנץ דע־ליקאט א פרעג צו טהאָן:

— מישא, קלערסטו זיך צו עפּעס נעהמען? דאָס וואָלט דיך גע־ווען צערשטרויערט פון דיינע טרויעריגע געדאנקען

האָט מישא געענטפערט גאנץ גלייכגילטיג:

— יאָ, איך האָב שוין בעשטימט. איך האָב שוין אוועקגעשיקט צום „פּאָפּעטשיטעל" א ביט־שריפט. איך עפען מיר אויף א חדר אין ראָוו.

— וואָס? — האָט דער פאָטער געפרעגט דערשראָקען, ווי ער וואָלט זיינע אויערען ניט געגלויבט — רעכענסט גאָר צו ווערען א מלמד, א מלמד אין ראָוו?

— פאר וואָס נישט קיין מלמד, איז עס נישט אזא פרנסה ווי יעדע אנדערע?

— דו הערסט, מלכה, דיין זוהן ווערט א מלמד — זאָגט דער פאָטער אין דער באָרד אריין.

און די ווייב ווינקט איהם איבער, אז ער זאָל נישט רעדען, ווי איינער זאָגט: „ער איז קראַנק. מען טאָר זיך נישט מיט איהם שפּארען..."

דער פאָטער האָט זי פערשטאַנען, געשוויגען, און מיט די אקסעל געשאָקעלט. אז דר. לייזעראָוויטש האָט געהערט וואָס מישא האָט בע־שטימט, איז ער גאָר מיט אמאָל אַן אנדער מענש געוואָרען. ער האָט זיך אזוי גאָר אָנגעהויבען צו קעמען זיינע פּערלאָזענע, האַלב אויס־געקראַכענע לאָקען, וואָס ער האָט עס שוין נישט געטהאָן פון יאָהרען לאַנג. ער האָט מישא'ן געשאַפט געלד, אויסגעזוכט א דירה אביסעל הינטער דער שטאָדט, געהאָלפען די דירה איינריכטען, דעם טיש, און אלטע טאַבליצע אראָפּגעשלעפּט פון בוידעם וואָס ער האָט אמאָל אויף איהר זיינע קינדער געלערענט. און אויסגעזוכט די פאַסענדע קינדער צווישען די איינוואוינער פון „ראָוו". ער האָט זיי אלעמען געקענט מיט'ן נאָמען, טאַטע מאַמע געקענט — ער האָט זיי אלעמען געהאָלפען ערציהען, ביי אלע קראַנקהייטען געוועזען, און דערצעהלט מישא'ן די געוואוהנהייטען פון יעדען קינד בעזונדער. אמאָל אויף דער נאַכט זיינען זיי שפּעט אויפגעזעסען, וואָס דער דאָקטאָר האָט עס ביז יעצט קיינמאָל ניט געטהאָן. מישא האָט איהם קלאָהר געלייגט זיין

איז דאָס ליכט, וואָס וועבט זיך צווישען צוויי נשמות און בינדט זיי צוזאַמען? פיהלט מען דען נישט אין דעם ליכט דעם בעווייז פון דער עקזיסטענץ פון אונזערע נשמות? הערט מען דען נישט דאָס קלאַפּען פון דעם „האַרץ“ פון דער נשמה אין אַזאַ ליכט? און זעהט מען דען נישט די שעפּפערישע קראַפט וואָס שטעקט אין אונזערע נשמות ביי זייער בעהעפטען זיך? און פאַר וואָס קען אַן אויסערליכער ווילען קומען און פון דעם אַלעס אַ תּל מאַכען, און דו שטעהסט דערביי, דו זעהסט צו ווי עס שטאַרבט אָב אַ טהייל פון דיין נשמה און קענסט גאָרנישט טהאָן — ניט היילען, ניט לעבעדיג מאַכען? ווער איז דער העכערער, שלעכטער „ווילען“, וואָס טהוט דאָס? און פאַר וואָס טהוט ער עס? און מיט אַ מאָל ווי זי וואָלט צוריקגעקומען. — און עס איז איהם פערשטענדליך געוואָרען דער טויט פון ראחעל׳ען. אין דעם טויט האָט זי זיך דאָך איהם אין גאַנצען אַוועקגעגעבען = זי האָט חתונה געהאַט מיט איהם אין איהר טויט. אַמאָל, ווען זי האָט גע־לעבט, איז ער געווען ווייט פון איהר, און האָט ער זי זיך געוואָלט פאָרשטעלען, האָט ער זי קיינמאָל נישט געזעהן פערבונדען מיט זיך. זי איז געווען אַליין, בעזונדער — איינגעפּאַסט צווישען די מענשען אין דעם אָרט, אין וועלכען זי געפינט זיך. און איצט איז עס עפּעס אַנדערש געוואָרען. זי איז אין גאַנצען נעבען איהם. וויל ער זי נעהמען — קומט זי עפּעס אַריבער צו פליהען. אויף קיין אָרט, צווישען קיינע מענשען, אין קיין געהיימנים שטעקט זי נישט. זי ווייס פון אַלעס וואָס ער טהוט און פיהלט. ער דאַרף עס איהר גאָרנישט זאָגען. זי קלערט עס מיט איהם צוזאַמען און פיהלט דאָס מיט איהם צוזאַ־מען. זיי פערשטעהען דאָס ביידע אָהן אַ וואָרט צו רעדען. און ווען ער נעהמט אַדורך דאָס געסעל, און די קרעמער זיצען איינגעוויקעלט אין זייערע גראָבע פוטערס, אַריינגעשטעקט די הענד אין די אַרבעל און קוקען אויף איהם דורך זייערע טריבע מערב׳דיגע שויבען און לאַכען איהם אויס, וואָס ער איז צוריקגעקומען מיט גאָרנישט, דאַכט זיך איהם, אַז דאָס לאַכען זיי אויס זיי ביידע — איהם און ראחעל, וואָס געהט נעבען איהם. און זיי ביידע שמייכלען אין זיך און מאַכען זיך לוסטיג איבער די אָהן־קונים׳דיגע קרעמער.

אין אַ אָבענד, ווען ער איז אַהיים געקומען צו זיינע עלטערן, און דער פאָטער האָט בעמערקט אַז אַנדער פנים אויף איהם, האָט

די וואַלקען אין דער הויך. דער וואַלד האָט מיט זיינע שוואַרצע בוימען געוואָרפען אַ פיאַלעט שאָטען אויף דער שנעע — און געהיט איהם ווי אַ געטרייער שומר, אַז קיינער זאָל נישט אומריין מאַכען די הערליכ־קייטען וועלכע זיינען פון הימעל אַראָבגעפאַלען.

אויף דער לאָנקע איז מישאַ אַפּט מאָל פערפאַלען געוואָרען. גאַנצע טעג האָט ער דאָ געבלאָנדזשעט אין די ערשטע צייט ווען ער איז צוריק געקומען, און איז אַנטלאָפען פון די בייזע, טרויעריגע און רחמנות׳דיגע בליקען וואָס זיינען געוואָרען געוואָרפען צו איהם פון אַלע זייטען, פון זיינע נאָהנסטע. דאָ איז ער אַנטלאָפען פון זיין געוויסען. און דאָ אויף דער לאָנקע איז זי צוריק געקומען צו איהם — ראחעל. זי איז אַרויס פון די ווייסקייט און איז אַזוי ליכט צוריקגעקומען ווי זי איז אַוועקגעפלויגען. ער האָט זי אַזוי קלאָהר געזעהן נעבען זיך, אַזוי נאָהנט געפיהלט, אַז עס איז איהם אַ וואונדער געוואָרען, פאַר וואָס איז ער ניעדערגעשלאָגען געוועזען, פאַר וואָס ער האָט זיך פערלוירען. פערקעהרט, דאָס לעבען הויבט זיך ערשט אָן — און ער האָט מיט אַמאָל דערזעהען דעם ווייטען ברייטען ברעג — וואָס ער האָט געזעהן נעבען איהר אין די לעצטע מינוט — און וואָס איז אויף אַ ווײַלע אַוועק. איצט איז ער ווידער דאָ — דער ווייטער ברייטער וועג — וואָס פיהרט ווי דאָס שנעע־פעלד אין די ליכט אַריין.

און פון דאַמאָלט אָן איז עס אַנדערש געוואָרען.

עפּעס אַ וואונדערליכע זאַך האָט ער געטראַכט, געהענדיג אויף דעם שנעע־פעלד. ביים לעבען האָט ער זי קיינמאָל נישט געפיהלט. וואָס ער האָט ניט געפּרואווט געגעהנען זיך צו איהר איז זי פערשוואונ־דען פון איהם — אַוועקגעגאַנגען אין זיך אַריין. זי איז געגאַנגען נעבען איהם ווי אַ שאָטען, וואָס איז פערשטומט, ווייל ער לעבט אין אַן אַנדער וועלט—און מיר זעהן נור זיין שפּיגעל שיין... ערשט האָרט פאַר׳ן טויט האָבען זיי זיך אָנגעהויבען צו געגעהנען איינער צום צווייטען. ער האָט געפיהלט ווי עס בינדט זיך עפּעס צווישען זיי. זייערע נשמות ווערען געהיילט און פון די היילונג שטראַהלט עפּעס אַרויס אַ ליכט וואָס וועבט זיי צוזאַמען. קומט דער טויט און רייסט עס איבער. אין די ערשטע פּאָר טעג נאָך איהר טויט האָט ער זיך געפיהלט פערלאָזט פון איהר, ווי ער וואָלט זי פערלאָרען. פערא‍יינ־זאַמט איז ער געוועזען אין דער וועלט, און האָט געקלערט דעריבער, וואָס

איז מיט איהר אויסגעווען וואו די וועלט האט אן עק, אין פאלעסטינא געווען = נאך אמעריקא געוואלט פאהרען, קאליע געמאכט נור דעם פאטער'ס געלד, און דאס ווייבעל בעגראבען ערגעץ אויפ'ן וועג. יעצט איז ער צוריק געקומען און זיצט אויף דעם ארימען שווער'ס קארק".

און פאר אזעלכען האט ער זיך געהאלטען. ער האט זיך גערעכענט שולדיג אין ראחעל'ס טויט. ער האט זי ארויסגענומען פון דער היים און איז געלאפען מיט איהר איבער דער וועלט זוכען. וואס האט ער געזוכט? און פאר ווערמעס געלד האט ער געזוכט? פאר'ן פאטער'ס, ביז ער האט דאס ביסעל געלד, דעם נדן אויסגעגעבען — און דאס ווייבעל בעגראבען — און יעצט איז ער צוריקגעקומען מיט גאר נישט, און דרעהט זיך ארום איבער דער שטאדט פוסט און פאס.

נור מיט א מאל איז דאס גאנץ אנדערש געווארען

דאס האט זיך געמאכט אויף דעם ווייסען פעלד, אויף וועלכען ער איז געגאנגען אליין שפאצירען הינטער'ן שטאדט. אז מישא איז אהיים געקומען אין זיין שטעדטעל האט שוין דער שנעע געהאט צוגעדעקט אלעס. און דער „ראוו" איז געלעגען א בעשנעעטער אין זיין גראבען און דער געפרוירענער ווייסער הימעל־פעלץ האט צוגעדעקט די גאנצע שאנד פון „ראוו", אלע הייזלעך האבען מיט א מאל אויסגעזעהן אנ־דערש, ריינער און בכבוד'ער, אין ווייסע פעלצען — און די דעכער אין ווייסע היטלען. הינטער דעם ראוו, פאר'ן וואלד האט זיך געצויגען א גרויסע ברייטע לאנקע, אויף וועלכע אין זומער האבען די קינדער פון ראוו ארומגעוואלגערט זיך צווישען די בהמות און ציגען פון דער שטאדט. פון איין זייט האט זי געהיט דער טונקעלער וואלד — און פון דער צווייטער זייט האט זי זיך געצויגען אין הימעל אריין — מיט גאר נישט געווען פערשטעלט און בעגרענעצט — און הינטער איהר האבען זיך נור אין נעבעל אויסגעמישט די בערגער פון יענער זייט טייך. יעצט אין שנעע — איז די לאנקע געווען איין שטיק און האט זיך געבלינקט מיט זיין ווייסקייט אין דער זון ווי א שפיגעל ים. וואס ווייטער אריין אין דער לאנקע איז דער שנעע געווען ווייסער און העלער. דא און דארט האבען געבלאנדזשעט טונקעלע פלעק־קען אויפ'ן שנעע־פעלד, וואס די וואלקען פון הימעל האבען פערטונ־קעלט מיט זייערע שאטענס. נאר א סך זונען־פלעקען האבען דא און דארט אויפגעלויכטען, און זיי האבען אויף דער ערד אויסגעזעהן ווי

## קאַפּיטעל 42.

מישא איז פערפאַהרען צו דר. לייזעראַוויטש. דר. לייזעראַוויטש האָט ער געפונען ביי זיין געוועהנליכע בעשעפטיגונג ארומגערינגעלט מיט קראַנקע ווייבער, מיט קינדער און אַלטע אידען פון „ראַוו". דער דאָקטאָר האָט אפילו ניט קיין צייט געהאַט איהם צו בעגריסען. די ערשטע פּאָר טעג האָט ער מיט מישא'ן וועניג וואָס גערעדט, און צו די גרויסע איבערראַשונג פון מישא'ן האָט ער איהם גאָר נישט גע־פרעגט וועגען ראחעל, נישט וועגען איהר טויט, נישט וועגען דער סבה דערפון, און וואו זי ליגט בעגראָבען (כאָטש מישא האָט מיטגעטהיילט דעם דאָקטאָר פון דעם אומגליק טעלעגראַפיש). מישא האָט געהאַט דאָס געפיהל אזוי ווי דר. לייזעראַוויטש איז עפּעס בייז אויף איהם און מיידט מיט א כיון אויס יעדעס געשפּרעך מיט איהם, און ער האָט זיך געפיהלט איבעריג ביי איהם אין הויז, און עס איז געוועזן ווי דר. לייזעראַוויטש גיט איהם דאָס צו פערשטעהן מיט זיין שווייגען און אויסמיידען איהם.

די היים האָט ער אויך אויסגעמיעדען. אין דער היים איז געוועזן אונערטרעגליך. די מוטער האָט איהם געהאַלטען אין איין בעווייגען, אין איין בעדויערען, און דעם טרויער האָט מען אָנגעזעהן איז ניט אזוי אויף דעם טויטען — נור אויף דעם וואָס עס וועט דער סוף זיין פון איהם, פון מישא'ן. דער פאָטער איז געוועזן פעריאַגט אין זיינע גע־שעפטען. די עסקים זיינען זעהר שלעכט געוואָרען נאָך די קריזיס־יאָהרען. אין זיינע אויערן האָט אָבגעקלונגען דאָס וואָרט „באַנקראָט". מען האָט עס אויך אָנגעזעהן אין דער שטוב ביי זיי, און ביים פעטער; (דער פעטער איז גאָר עפּעס דורך דער צייט עובר בטל געוואָרען, זיצט א גאַנצען טאָג אין שטוב און קריגט זיך מיט דער מוהמע וועגען קליינינגקייטען); דעם פאָטער זיינעם האַלט נאָך אויף דאָס ארומלויפען ארום די עסקים אָבער פון זיין מינע האָט ער אויך באַלד בעמערקט די נייע זאָרג וואָס איז איהם צוגעקומען: מישא, וואָס וועט פון איהם דער סוף זיין? און איז ער נעגאַנגען איבער דער גאַס האָט זיך איהם געהערט הינטער זיך רעדען: „אָט געהט לייזער זילבערבערג'ס בן, א יונג פון עטליכע און צוואַנציג יאהר — האָט גענומען א ווייבעל און

פון אלע, ווארום זי האט בעשאנקען אלע וואס האבען געקוקט אויף איהר, פון איהר רייכטהום — ווי די בלום בעשענקט אלע מיט איהר געשמאק וואס זי שיקט פון זיך. שטיל איז געווען ארום איהר ווי אין א הייליגקייט. די פלעשלאך מעדיצין און מענשליכע געברויכען וואס האבען געשטערט דאס בילד פון איהר לעבען, האבען יעצט געפעהלט. ארום איהר זיינען געווען בלומען, רויטער גאלדען־לאק מיט רויטע בלוטיגע הערבסט־בלעטער. דאס טרויעריגע געזיכט פון מישע'ן ביי איהר לעבען האט זיך פערענדערט אין א רוהיגעס, שטאלצעס און ערהאבענעס. ער האט אויסגעזעהן ווי א יונגער כהן וואס שטעהט ביי זיין הייליגטהום און האט נישט פערשטאנען די טרויעריגע בליקען וואס מען האט געשיט ארום איהם.

און א דער אלטער סלוצקער איד פון „האטעל ווארשוי" האט געהערט מישע'ס אומגליק, האט ער זיך ארויסגעקריגען פון האטעל און איז אוועק צו מישע'ן. דער אלטער איז אויך געלאפען צום ראבינאט און איינגעארדענט די קבורה. ער האט מישע'ן ארויפגעלעגט זיין אלטע האנד אויף דער פלייצע און געזאגט:

— עס איז נישט קיין חילוק וואו דער מענש קומט צום קבר־ישראל, די גאנצע ערד געהערט צו גאט און וואו עס געפינט זיך דער הימעל איבער'ן קאפ — דארט געפינט זיך גאט

מישע האט געשמייכעלט דעם איד אין פנים אריין. דערנאך זיינען געקומען שווארצע אידען מיט שווארצע קאפאטעס און שווארצע בערד און האבען ראחעל אוועקגעפיהרט אין א שווארצען וואגען. מישע האט נישט פערשטאנען פארוואס און ווען. און אז ער האט געזעהן, ווי מ'לייגט זי אין דער ערד אריין איז ער זיכער געווען, אז דאס פארען זיך די אידען נישט ביי דער ריכטיגער ראחעל — די ריכטיגע ראחעל איז אוועקגעפלויגען פון זיי און געפינט זיך יעצט אין דעם קליינעם הייזעל, דארט, ביים „ראוו" אין זייער שטעדטעל, וואוהין ער פאהרט יעצט צו איהר. וועט דען נישט זיין אזוי ווי זי האט געזאגט:

„א קליין הייזעל אין עק פון „ראוו", הינטער דעם וואלד, און קליינע אידישע קינדערלאך וועלען קומען אונטער'ן פענסטער און אריינקלאפען אין די שויבען".

נאכט הינטער'ן לאדען ווי מען זינגט. מיר דאכט זיך, אז מיר זיינען שוין לאנג אין דערהיים און מיר וואהנען אין א קליין הייזעל, הינטער דעם ראוו,ביים ראנד פון וואלד. דו ווייסט שוין וואו, דארט, ביים שנעע־פעלד, עס איז קיינער נישטא אין דעם הייזעל, נור איך מיט דיר — עס איז נאכט, מיר זיצען ביידע אויף אונזער בעט און מיר ווארטען אויף עפעס — און פלוצלים דערהערען מיר עס, פון הינטערן פענסטער, פון וואלד ארוים זינגט, זינגען קינדישע שטימען א קינדער־ליעד, דאס זעלבע ליעד וואס איך האב זיי בייטאג אין וואלד געלערענט, אט דאס ליעד זינגען ז י י ...

און זי הערט זיך איין ווי זי וואלט עפעס געשפירט.

— הערסט, מישע, הערסט דאס ליעד? אט זינגט עס הינטער אונזער פענסטער — הערסט דאס ליעד, דאס ליעד זינגט שוין און מיר האבען נאך ניט חתונה געהאט, יעצט דאכט זיך מיר, וועלען מיר קיינמאל שוין ניט חתונה האבען. מישע — פאלט זי ארויף אויף מישע'ס האלז און הויבט אן האסטיג צו וויינען.

אין א פאר טעג ארום איז זי פון מישע'ס הענד ווי א פויגעל ארויסגעפלויגען. מישע האט אפילו נישט געדענקט ווען. ער האט אפילו ניט געוואוסט אויב זי איז טויט. — זי האט פונקט אזוי אויס־געזעהן ווי פריהער. זי איז געלעגען אויף איהר געלעגער, ארום איהר די רויטע בליטען־בלעטער מיט דעם גאלדענעם מאך פערשפרייט, און אויף איהר פנים איז געלעגען אויסגעגאסען א איידעלקייט וואס האט ווייך געמאכט יעדעם הארץ, די איידעלקייט פון טויט, וואס וויל שוין גארנישט און גיט אלעס. איהרע אויגען זיינען געווען אפען און האבען אריינגעקוקט אין דער וועלט און געזעהן עפעס וואס קיינער פון די לעבעדיגע האט דאס נישט געזעהן, און דאס פערגעניגען פון זעהן האט זיך אויסגעגאסען אין איהר צערטליכקייט און ארום די ליפען האט גערוהט א שמייכעל פון רחמנות, ווי זי וואלט זיך ערבארימט אויף די אלע אומגליקליכע לעבעדיגע, וואס זעהען נישט די לויטערקייט וואס זי און קענען נישט געניסען פון דער צערטליכער איידעלקייט וואס זי געניסט. אזוי האט זי ארויסגעשיינט פון איהר געלעגער ווי א יונגע קעניגין וואס קען מיט איהר שמייכעל און גוטסקייט לייזעליג מאכען די וועלט — און זי האט דאס געטהאן. גארנישט האט זי בעד־דארפט, גארנישט האט איהר געפעהלט. זי איז געווען די רייכסטע

און יעדען טאָג האָב איך זיך פאַרטיג געמאַכט חתונה צו האָבען. איך האָב זיך געוואַשען, מיין שעהנסטע קלייד אָנגעטהאָן, און אַ פלעשעל חתונה־וויין ביי מיר אין שטיבעל אָנגעגרייט, און צוויי ליכט אויפ'ן טישעל אָנגעצונדען, און פאַרנאַכט בין איך ארויסגעגאַנגען פון דער שטאָדט, דיר אנקעגען צו געהן, אפשר קומסטו? געדענקסט, דענסמאָל, פרייטאג אויף דער נאַכט, ווען דו ביזט אָנגעקומען קיין ירושלים, האָסטו געפונען צוויי ליכטלעך אָנגעצונדען? ביזט אַ צייט נישט געקומען. בין איך אַהיים געקומען, אויסגעלאָשען די ליכט און שלאָפען זיך געלייגט און געוואַרט מיט אונגעדולד אויפ'ן צווייטען טאָג, טאָמער וועסטו קומען, און דו ביזט אַלץ נישט געקומען. נור דענסמאָל, ווען דו ביזט געקומען ביזטו אַזוי טרויעריג און אַזוי גליקליך געווען, און איך האָב געוואַרט, אַז דו וועסט מיר עפּעס זאָגען, נור דו האָסט מיך גענומען און דו ביזט מיט מיר ערגעץ־וואו ווייטער געפאָהרען. איך האָב דיר גאַרנישט געפרעגט, ביז דאָ אין „האָטעל וואַרשוי", ביז מיר האָבען געפונען דאָס קינד. ווייסטו פאַרוואָס איך האָב זיך אַזוי דערשראָקען, ווען איך האָב געזעהן דאָס קינד? — דאָס קינד האָט מיר געזאָגט, אַז ס'איז געקומען דער טאָג פון מיין חתונה. אַז איך האָב עס נור דערזעהן, האָב איך באַלד דערפיהלט, אַז אַט דאָס קינד וועט אונז אויף אייביג צוזאַמענבינדען.

זי האָט אָבגעהאַקט אין מיטען פאַר שוואַכקייט. מישע האָט זי יעצט שוין נישט איבערגעריסען — ער האָט איהר פערשטאַרט, געקוקט גלייך אין די אויגען אריין און ער האָט געהערט איהר שטים. איהר שטים איז מיט אַ מאָל שטילער געוואָרען, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז די לופט זאָל איין וואָרט נישט אויסכאַפּען וואָס ווערט גערעדט צווישען זייערעביידע נשמות. איהר שטים האָט געזונגען, ווי זי וואָלט נישט מיט'ן מויל און דורך ווערטער גערעדט, נאָר זי איז אַזוי שטיל געווען — ווי איהר נשמה וואָלט גערעדט צו מישע'ן.

— זעהסטו, מישע, דאָס האָט אונז דאָס קראַנקע קינד חתונה געמאַכט. ווייסטו פון וואַנען איך ווייס? זעהסטו, איך האָב מיר אַ סימן געמאַכט, איך האָב מיר געזאָגט, אַז ווען עס וועט קומען די צייט פון אונזער חתונה — וועל איך הערען הינטער אונזער פענסטער אַ געזאַנג ביינאַכט, און פון דענסמאָל אָן. ווען מיר האָבען דאָס קראַנקע קינד געפונען אין „האָטעל וואַרשוי", פון דענסמאָל אָז הער איך ביי־

ברוסט און האלז און אזוי האט זי צוגערופען מישע'ן צו זיך און האט איהם פלוצלינג געפרעגט:

— מישע, זעה איך נישט אויס ווי א כלה אין דעם טאג פון איהר חתונה?

— ראחעל! — האט מישע אנגענומען איהר צוהיצטע האנד

— איך בין דאך נאך א כלה, מישע — האט ראחעל געשמייכעלט — און יעדער טאג איז ביי מיר דער חתונה־טאג. זעהסטו, דענסמאל, ווען דו האסט מיך פיינר געהאט און האסט מיט מיר חתונה געהאט נור צוליעב רחמנות, ווייל דו האסט עס געוואלט צוליעב טהאן מערי'ן, וואס האט דיך וועגען דעם געבעטען — בין איך נישט דיין ווייב געוועזען. נישט דו מיין מאן און נישט איך דיין ווייב. נור צוויי פרעמדע זיינען מיר געוועזען די גאנצע צייט ביז די נאכט, דו געדענקסט שוין, דארט, אינ'ם קליינעם דייטשען שטעדטעל, וואו מיר זיינעןביידע אליין געוועזען, דענסמאל, דארט אין דער נאכט, אין דרויסען ביי דער ברונען, וואו איך האב זיך געוואלט אין וואסער ווארפען, דארט בין איך ערשט דיין כלה געווארען. דארט האב איך געזעהן אז דו האסט מיך ליעב. און טהוסט עס ניט צוליעב מערי'ן. בין איך דעמאלט דיין כלה געווארען, און פון דענסמאלט אן בין איך א כלה, און כ'האב יעדען טאג געווארט אויף דער חתונה.

— ראחעל, וואס רעדסטו? געדענק אין גאט, ראחעל, הער אויף, הער אויף, ווארים איך וועל משוגע ווערען.

— ניין, מישא, פארוואס זאל איך אויפהערען? פארוואס ווילסטו מיך נישט אויסהערען? קוק ארויף צו מיר, בעהאלט נישט דיין פנים אין מיינע הענד, ניין. קוק מיך אן, מישא, קוק מיך אן מיט דיינע אויגען גלייך אין מיינע, איך וויל דיר עפעס זאגען, זאגען זעהר א נענייטיגטע זאך.

און זי האט געגלעט זיין קאפ מיט איהר האנד.

— פון דענסמאל אן, מישא, בין איך דאך דיין כלה, און יעדער טאג איז געוועזען דער טאג פון מיין חתונה. איך האב געווארט אויף דיר דארט, אין ירושלים, אז דו זאלסט קומען און מיר זאגען: „ראחעל, איך האב געפונען אונזער וועג, קום וועלען מיר חתונה האבען“. אזוי האב איך געווארט יעדען טאג.

חדר, און זייער שפּאַציערען געהן מיט די קינדער איבער דעם פעלד וואָס איז הינטער דעם ראָוו, און האָט פאַר מישע'ן אויסגעזונגען אַלע קינדער־ליעדער וואָס זי האָט געקאָנט. אָט די ליעדער וועט זי מיט די קינדער לערנען געהעריג איבער'ן פעלד. און מישע'ן האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס אַלעס איז דאָך אַזוי וואָהר, און וועט דאָך געווים זיין, אַז עס איז זיך גאָר נישטאָ וואָס צו שרעקען פאַר די קראַנקע. וואָרום ראחעל איז דאָך טאַקע גאָרנים קראַנק; זי ווערט נור וואָס אַ טאָג לייכטער, און וואַרימער, און איהר פּנים ווערט וואָס אַ מאָל איידעלער, איידעלער, אַזוי איידעל — אַז עס דאַכט זיך אַז איהר געזיכט ווערט ווי אַ קינד, און די אויגען ווערען ביי איהר גרעסער און הערשען איבער איהר פּנים, איבער'ן בעט, איבער דער שטוב.

מישע האָט געקויפט פיעל בלומען, עס איז דאַמאָלס די צייט געווען פון רויטען לאַק און פון רויטע הערבסט־בלעטער. וועלכע ראחעל האָט אַזוי געליעבט. ער האָט אָנגעקויפט זעהר פיעל רויטען לאַק און אוועק־געשטעלט אויפ'ן פענסטער און איהר בעט האָט ער בעלעגט מיט רויטע בלוט־בלעטער און גאָלדענע הערבסט־בלעטער.

די בלענער האָבען זיך אויסגעמישט מיט איהר גאָלדען־האָהר און פון דעם קראַנץ האָט ארויסגעשיינט ראחעל'ס איידעלע געזיכט מיט די גרויסע אויגען, ווי אַ יונגער מלאך. און עס האָט זיך געדאַכט, אַז ראחעל איז גאָר נים קראַנק, ליגט גאָר ניט אין בעט, זי האָט זיך פער־שטעלט פאַר אַ מלאך, נור די רעצעפּטען־פלעשלעך, וואָס שטעהען נעבען איהר בעט שטערען דאָס בילד. און אַ מאָל אין אַ פערנאַכט, ווען די הערבסט־זון האָט בעלויכטען די הויכע צווייגען פון די בוימער, וואָס האָבען זיך אין פענסטער געוויזען, האָט טאַקע ראחעל מישע'ן געבעטען, אַז ער זאָל אוועקנעהמען פון איהר בעט דאָס טישעל מיט די רעצעפּטען, אַז דאָס מאַכט זי קראַנק. מישא האָט איהר דאָס צוליעב געטהאָן. און די שטוב איז געווען פול מיט בלומען־צווייגען און ראחעל האָט געבעטען ביי מישע'ן דעם גאָלדען לאַק פון פענסטער, וואָס ער האָט היינט אין דער פריה געקויפט. מישע האָט איהר דערלאַנגט, זי האָט צוואַרפען די גאָלדענע בלימלעך וואָס האָבען געלויכטען מיט זייערע ווייכע סאַמעט־בלעטלעך, ווי קליינע לעבעדיגע קינדער־לייבעלעך — צוואַרפען איבער איהרע האָהר, איבער איהר נאַקעטע

מישע — אין דער וועלט וואהנען מענשען, אומעטום, אומעטום וואה־נען מענשען און אז מען האט מענשען ליעב, האבען זיי אויך ליעב. און אז מענשען קושען זיך, פרעהען זיך, זינגען — פרעהען זיי זיך אויך און זינגען אויך...

עס איז אבער וואס אמאל ערנסטער געווארען. מען האט נישט אנגעזעהן אן די קראנקע, נאר די קראנקע איז מיט יעדען טאג לייכטער געווארען און איז עפעס געווען אזוי, אז ווען זי וויל קען זי פון בעט זיך אויפהויבען און ארויספליהען — דאס איידעלקייט איז געלעגען אויסגעגאסען אויף די אויגען — און דאס יונגע מויל האט געלאכט, און טיילמאל האט זי אלעמען פערלאזט און איז ערגעץ וואו אין זיך ארייג־געגאנגען אויף גאנצע טעג, דאמאלס האט זי קיינעם נישט געזעהן. זי האט זיך גארנישט דא געפונען, — און ווען זי איז פון דארט צוריק־געקומען האט זי זיך פערוואונדערט און נייגעריג צוגעקוקט צו דעם טרויעריגען מישע'ן און צו די טרויעריגע אלטע דייטשקע, וואס זיצען נעבען איהר בעט. זי האט לייכט בעריהרט מיט איהר בלייכער האנד, וואס האט יעצט אויסגעזעהן ווי א קראנקע בלום, מישע'ס קאפ, און א שמייכעל איז געפאלען אויף איהרע ליפען, ווי זי וואלט איהם בע־דויערט, וואס ער קען נישט מיטגעהן וואו זי איז געווען...

דער דאקטאר האט געראטהען מישע'ן, אז מען זאל זי נעהמען אין האספיטאל אריין (אויב דאס האספיטאל וועט זי נור וועלען צונעהמען) ווייל דער קריזיס איז נאך נישט אריבער, און מען קען נישט וויסען מיט וואס עס וועט זיך ענדיגען. מישע האט זיך פערלוירען, ער האט נישט געוואוסט וואס צו טהאן. ער האט אהיים טעלעגראפירט צו דר. לייזעראוויטש, נור פון דער היים האט ער קיין ענטפער נישט געקריגען. ער האט מורא געהאט פאר'ן האספיטאל, ער האט געוואוסט ווי ראחעל האט דאס פיינד, און צווייטענס, אפשר וועט מען איהם נישט צולאזען. נור צום מעהרסטען האט איהם בערוהיגט ראחעל אליין. איהר בע־נעהמען און איהר אויסזעהן זיינען געווען אזעלכע, אז עס איז זיך נישט געווען וואס צו שרעקען. געערדט האט זי ווי א געזונטע און האט דאס געלעכטער געמאכט פון דעם דאקטאר'ס ערנסטע מינע, און אויס מישע'ן געלאכט וואס ער איז אזוי טרויעריג. און עפעס זעהר א גרויסע פרייד שטעהט זיי ביידע פאר, און געהאלטען תמיד אין רעדען פון די פלענער פון די צוקונפט. ווי אזוי דאס וועט אויסזעהן זייער

ווען די גוים האָבען מיך געשלאָגען... געשלאָגען האָבען זיי מיך, די האָאַר מיר אויסגעריסען, צובייזלט מיך.. נאָר דאָס... שלעכט'ס האָבען זיי מיר מישט געקענט טהאָן, איך האָב זיך נישט געלאָזט — שרייט אויס ראחעל, און האקט אָב אין מיטען.

מישע איז בלייך געוואָרען. ער האָט פערביסען די ליפּען, איז געזעסען און האָט ערגעץ וואו איינגעעגבערט זיין בליק אין א ווינקעלע פון שטוב.

— און זעהסטו, מישע, זאָגט ראחעל מיט'ן זעלבען פריהערדיגען שמייכעל: וואָס טויג אונז דאָס לעבען, אז די מענשען ווילען שטענדיג אזוי שלעכט זיין? וואָס טויג די וועלט? ווילסטו קענען זיצען אין דיין ווינקעלע, און גערעכט זיין, און גוט זיין, און ליעב האָבען, און די וועלט וועט ארום און ארום שלעכט זיין און מענשען ווילען איינער דעם צווייטען שלעכטס טהאָן? ניין, מישע, ווייסטו, וואָס מיר וואָלטען טהאָן? מיר וואָלטען ארויסגעהן פון אונזער ווינקעלע און אָנצינדען די וועלט; א גרויס, גרויס פייער, אַלעס זאָל פערברענט ווערען, מיר אויך, אונזער גערעכט ווינקעלע אויך. מען דאַרף נישט לעבען גוט און גערעכט אליין פאַר זיך, אז די איבעריגע וועלט איז שלעכט, דאַרף אַלעס, אַלעס אונטערגעהן. איז עס נישט אזוי?

מישע האָט אנגעכאַפּט איהרע הענד און טיעף אין זיי זיין פּנים ארייננעגראָבען און לאַנג געשוויגען

— פאַרוואָס ווינסטו, מישע? פרעהען דאַרפסטו זיך, מיר זיינען דאָך גליקליך. זעה, מישע, די גאַנצע וועלט וועט זיך מיטפרעהען מיט אונזער גליק. זיי זיינען דאָך נישט אזוי שלעכט פאַר פערביטערט־קייט, עס איז דאָך זיי אויך נישט גוט — אָבער מיר ווילען שוין היינט אָנהויבען ליעב צו. האָבען אַלע אונזערע קליינע אידישע קינ־דער, און אויך זייערע קליינע קינדער אין די פעלדער, און די וועלדער, אַלע, אַלע ווילען מיר ליעב האָבען און פרעהען זיך מיט זיי. שוין היינט, שוין יעצט, ווען אַלעס איז נאָך אזוי טרויעריג, אזוי שלעכט = ווילען מיר אין דעם שלעכטקייט אָנהויבען ליעב צו האָבען, אָנהויבען צו זינגען, זיי ווילען זעהן, אז מיר זינגען, אז מיר פרעהען זיך — ווילען זיי צוערשט אויס אונז לאַכען, פערשעהמען אפשר, נור דערנאָך ווילען זיי אויך אָנהויבען ליעב צו האָבען, און צו פרעהען זיך מיט אונזערע פרייד — און מיטזינגען מיט אונז. עס זיינען דאָך מענשען,

— זעהסטו, מישע, — ציהט זי איהם שטארקער צו זיך, — דארט אין שפיטאל, ווען איך בין געלעגען מיט דער קליינער מיידעלע, וואס מיר ווייסען דאך ס'מאל נישט ווי זי הייסט, מיט דער מיידעלע וואס מיר האבען דא געפונען און איך האב עס דעם אלטען אידען איבער־געגעבען, — איז מיר געקומען דאס אויפ'ן זינען. איך האב געקלעהרט פארוואס מיר לויפען ארום איבער דער וועלט. פארוואס מיר זיינען אין פאלעסטינא געפאהרען — און דארטען אין דערהייםווארטען דאך אויף אונז די קליינע קינדערלאך. מיר אלע זיינען זיך צולאפען איבער דער וועלט עפעס זוכען און די קליינע קינדערלאך האבען מיר אויף קיינעם נישט איבערגעלאזט. ווייסטו, וואס מיר דאכט זיך, מישע? מיר דאכט זיך, אז מיר אנטלויפען דאס פון אונז אליין. מיר האבען זיך פיינד, פיינד אידען, פיינד אידישע קינדער, פיינד אונזער לעבען— דורך דעם לויפען מיר אוועק פון אונז. מיר מיינען אז מיר וועלען ערגעץ אנדערש וואו געפינען אנדערע אידען, אנדערע אידישע קינ־דערלאך, האבען מיר אין דער היים די איבערגעלאזט, אליין פערלאזט. מיר טהוען נישט גוט, מישע, עס זיינען נישטא קיין אנדערע אידישע קינדערלאך, נאר די מיידעלע, וואס מיר האבען געפונען דא, און די אידישע קינדערלאך דארפען מיר ליעב האבען. האסטו זיי נישט ליעב, מישע? זאג, האסטו זיי פיינד? דורך דעם אנטלויפסטו פון זיי?

— אבער, ראחעל, איך אנטלויף דאך נישט פון זיי, נור פון דעם לאנד וואו מען שלאגט זיי, מיר זיינען דאך געגאנגען זוכען א לאנד, וואו מען שלאגט זיי נישט — דארט וועלען מיר אלע אראבקומען — און דארט וועלען מיר אלע אינאיינעם זיין. און דארט וועלען מיר די קליינע אידישע קינדערלאך ליעב האבען. ווי אזוי קען מען ליעב האבען — ווי האבען מיר צייט דערויף אז דער שונא שטעהט שטענדיג מיט'ן חליף איבער'ן האלז?

— יא, מען שלאגט זיי, מען שלאגט זיי — זאגט ראחעל אין טיעפען נאכדענקען. און פלוצלים ווערט איהר פנים רויט פערשעהמט, זי פערשטעלט זיך מיט די הענד די אויגען און קיכערט אין די הענד אריין, און זאגט פערשעהמט: — ווייסט, מישע, וואס איך לאך? מיר דאכט זיך, מישע, זעהסטו, מיר דאכט זיך — שטאמעלט זי, און זוכט ווערטער פערשעהמטערהייד — אז זיי, די קליינע אידישע קינדערלאך... ניין, אלע אידען זיינען געגליכען, ווי איך דאמאלט, דו ווייסט שוין...

קליינע אידישע קינדער, וואס די מאמעס האבען זיי פערלאזט און מיר וועלען זיי ערציהען. מיר וועלען צוריקפאהרען אין אונזער שטעדטעל, מישע, דארט, אין ראוו, וואו דער טאטע וואהנט. און מיר וועלען צוזאמענגעהמען די קליינע אידישע קינדער פון ראוו און מיר וועלען זיי פיהרען יעדען טאג אין וואלד אריין און טאנצען מיט זיי צווישען די גרינע בוימעלאך. מיר וועלען ליעדער זינגען און איבער די פעלדער געהן, די גוים וועלען זעהן אזוי פיעל קליינע אידישע קינדער־לאך, געהען ציצה־כנפות׳לאך אנגעטהאן און מיט גרינינקע צווייגעלאך אין די הענד איבער די גרינע פעלדער אין וואלד אריין — וועלען זיי לאכען אויס אונז — און מיר וועלען זיך אזוי פרעהען... מיר וועלען זיך א הייזעל בויען הינטער׳ן וואלד ביים עק פון ראוו. דארטען וועלען די קליינע אידישע קינדערלאך ארונטערקומען אונטער אונזער פענסטער און אריינקלאפען אין די שויבען אריין. וועלען מיר זיי אין שטיבעל צו אונז אריינגעהמען, איך וועל זיי העמדעלאך נעהען, העמדעלאך וואשען, פיאות׳לאך לאקען און מעשה׳לאך דערצעהלען, ווען דו וועסט מיט זיי לערנען.

נישט אנדערש צו זיין, נישט בעסער, נישט ערגער, נור אזוי ווי זיי זיינען, אזוי זאלען זיי בלייבען, מיט צושראקענע אויגעלאך, מיט די קינדישע פנים׳לאך און מיט די גרויסע טלית־קטן׳לאך. — דערנאך וועט מען זיך אין צווייען נעהמען. צוויי אין צווייען און מיר וועלען, א גאנצע לאנגע ריהע אידישע קינדערלעך, געהן אין גרינעם פעלד אריין, קוויטעלאך, געלד אויגעלאך און בלאהע ליכטלעך קלייבען. איך וועל זיי ווייזען ווי די פויגעל בויען זיך נעסטען אין די צווייגען, ווי די מוראווקעס שלעפען זיך די בעלקענס מיט די קלעצער צונויף זייערע אונטער־ערדישע הייזלאך צו בויען. און מיר וועלען זיך פרעהען מיט זיי, און מיר וועלען אינאיינעם צום וואסערעל געהן — באדען זיך מיט זיי, אין וואסער פאטשען, און ליעב האבען די קליינע אידישע קינדער.

מישע האט זי אנגעקוקט. ער איז געקומען צו דער איבערצייגונג אז זי רעדט פון קלאהרען זינען, אז זי האט דאס אלעס טיעף דורכ־געקלעהרט, און ער איז נייגעריג וואס האט זיי געבראכט צו די זעלבע געדאנקען וואס איהם:

— אבער, ראחעל, ווען האסטו דאס אלעס אזוי דורכגעקלעהרט?

מיר אוועק אויפ'ן בעט, — האט זי געצויגעז מישע'ן צו זיך — צום בעט — אזוי, מישע, פארוואס ביזטו טרויעריג? פאר וואס? ווייל דער אלטער איד האט דאס קינד צוגענומען. — ער האט עס איינגעוויקעלט אין א טלית און איך האב עס אזוי לאנג געהאלטען, אזוי לאנג, ביז דער אלטער איד איז געקומען.

— אבער דו ביזט דאך קראנק, ראחעל? בערוהיג דיך, געדענק און גאט — נעהם דעם רעצעפט, וואס דער דאקטאר האט פערשריבען.

— ווער איז קראנק, מישע? איך בין געזונד, דער דאקטאר איז קראנק, זיי אלע זיינען קראנק. איך בין געזונד, איך בין גליקליך. גליקליך, מישע. וואס ווייגסטו, מישע? פארוואס ביזטו טרויעריג? איצט, ווען מיר וועלען שויןביידע צוזאמען זיין, תמיד צוזאמען זיין,— אין איינעם ארבייטען, יעצט, ווען מיר האבען שוין ביידע געפונען דעם וועג וואס וועט אונז אויף אייביג צוזאמענבינדען, וויינסטו, מישע?— אהא, איך וויים וואס דו וויינסט, דו בענקסט, מישע. יא? — קוקט זי איהם גלייך אין די אויגען אריין מיט א קינדישע מינע.—זאג, דו בענקסט נאך מערי'ן? מערי וועט מיט אונז אויך זיין, מישע.

— אבער געדענק אן וואס רעדסטו? וואס רעדסטו, ראחעל?

— ניין, מישע, שעם דיך ניט, זאג מיר. איך האב אויך ליעב מערי'ן און דו האסט זי ליעב, איך האב שוין לענגס געקלעהרט דערפון. עס איז א רחמנות אויף איהר. וואו וואלגערט זי זיך נעבעך אליין ארום אויף דער וועלט מיט ווילד פרעמדע מענשען, און מיר האבען דאך דא אזא אוצר געפונען, אזא גליק, מיר דארפען איהר אויך געבען פון אונזער גליק. זי איז אזוי פערלאזט... זאגט זי מיט אזא רוהיגע, בערויערענדע מינע, אז מישע איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אז זי רעדט נישט פון ווארימקייט, נור נאך א טיעפער איבערלעגונג. דאס זיינען לאנג נאכגעקלעהרטע געדאנקען, וואס זי האט א לאנגע צייט געווארימט אין זיך.

— אבער פון וואס פאר א גליק רעדסטו, פון וואס פאר אן אוצר? — פרעגט מישע.

— דו ווייסט נישט וואס פאר א גליק? האב איך דיר נאך ביז איצט נישט דערצעהלט? — לאכט ראחעל גליקליך. — פון קליינע אידישע קינדער, שרייט אוים ראחעל מיט פרייד, — פון קליינע אידישע קינדער, וואס מיר וועלען צונויפקלייבען, ווי פייגעלאך אין פעלד.

צויגען פון „האָטעל ווארשוי“, געדרונגען אַ שטוב הינטער דער שטאָדט, ביי אַ דייטשקע, און אַהין האָט ער געבראַכט ראחעל. ראחעל האָט אָבער נישט געוואָלט געהן אין בעט אריין. זי האָט געשמייכעלט צו מישע'ן, אין איהרע אויגען איז געלעגען אַ פערפיהרעליכער רייץ, ווי דאמאָלס, ווען ער האָט זי געזעהן באַלד נאָך דעם אומגליק וואָס האָט זיך מיט איהר געטראָפען. זי האָט ארומגענומען מישע'ס קאָפּ מיטביידע הענד און געקוקט איהם גלייך אין די אויגען אריין און געזאָגט מיט אַ שמייכעל:

— מישע, מישע, איך בין דאָך גאר ניט קראנק, פערקעהרט, מישע, איך בין געזונד; איך הויב דאָך ערשט אָן געזונד צו ווערען. מיר האָבען דאָך געפונען אונזער ציעל, אונזער וועג. דו געדענקסט, מישע, וואָס דו האָסט מיר צוגעזאָגט, וואָס מיר ביידע האָבען זיך צוגעזאָגט דאמאָלט, אין דער נאַכט אין דעם דייטשען שטעדטעל... דו געדענקסט, מישע? היינט ווייסען מיר שוין וואָס מיר האָבען צו טהאָן, וואו עס ליגט דער וועג —. ער איז דאָך אַזוי נאָהענט געווען. אַזוי נאָהענט... מישע, מישע, זיי גליקליך.

אַ פלאָם פייער האָט אָנגעצונדען מישע'ן, ער האָט זיך אַליין נישט געגלויבט, צייט דאמאָלס האָבען זיי מיט איין וואָרט, מיט איין מינע נישט דערמאָהנט די סצענע וואָס איז געווען צווישען זיי. ער האָט איהר געקוקט אין די אויגען אריין, ער האָט געזעהן, אַז זי רעדט פון וואַרימקייט. איהרע אויגען זיינען בעגאָסען מיט בלוט און איהר געזיכט פלאַמט. אָבער דאָס געזיכט און די מינע זיינען געווען אַזוי נארמאַל, איהר האַלטען זיך איז געווען אַזוי נאַטירליך, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז יעצט, יעצט איז זי געזונד — און ביז איצט איז זי קראַנק געווען. זי איז דאָך געווען די זעלבע ראחעל, דר. לייזעראַוויטש'ס טאָכטער, נאָך פון דאמאָלט אָן ווען ער איז אריינגעקומען צו איהר ברודער דוד, אַזוי האָט זי אויסגעזעהן ערשט ווי דאמאָלס, ווען דער פאָטער האָט איהר די צעפּ געוואַשען און זי איז געזעסען אין אַ ווינקעל. נאָר איצט איז זי נאָך אינגער, נאָך קינדישער געווען און אַזוי ליכט — אַז אַ דאַכט זיך כאָפּט זי זיך אויף און פליהט ארויס דורכ'ן פענסטער.

— מיין מאַן, ביזט דאָך מיין מאַן — האָט זי געלאַכט צו מישא'ן.

— וואָס איז אַ מאַן? — מישע קום דאָך אַהער. קום זעץ דיך נעבען

וואס איז מורא צו האבען? זיי וועלען אריבערקומען קיין אמעריקא, זיי וועלען איהם שוין געפינען דארט. זיי וועלען פאהרען איבער'ן ים, ער איז איבער זיי. אפילו דא, אין די דייטשע שטעדט, וואס עס דאכט זיך, אז עס איז שוין גארנישט דא, נור דער דייטש מיט זיין חכמה, אפילו דא, אין „האטעל ווארשוי" — געפינט זיך גאט אויך. און, גלויב מיר, אז אפילו דארט, דריבען פון וואנען מיר לויפען, געפינט זיך אויך גאט און, אז גאט איז ווידער דארט — וואס לויפען מיר? און וואס האב איך מורא, אז זיי וועלען מיך צוריקשיקען, אז קוים געפינט זיך נור דארט גאט, האב איך שוין קיין מורא:"

---

## קאפיטעל 41.

אין א פאר טעג ארום איז ראחעל צוריקגעקומען צו מישא'ן, מען האט זי נישט דערקענט. זי איז געווען געענדערט. א צופלאמט געזיכט, די אויגען האבען זיך בעהאלטען טיעף אריין אין די אויגענזעקלאך, וואס זי האט געהאט אונטער די ברעמען און דער ווייסעפעל האט פון דארט ארויסגעקוקט מיט בענקשאפט. זי האט זיך געוואקעלט אויף די פיס און שמייכלענדיג האט זי זיך אוועקגעזעצט אויף דעם ערשטען בעסטען ארט וואס איז געווען צו זיצען. נור זי האט נישט געמאכט קיין איינדרוק פון א קראנקע. זי איז עפעס זעהר לייכט און גרינג געווארען און עס האט זיך געדאכט, אז איהרע טריט ריהרען נישט אן דעם דיל, נור זי שוועבט און איהר פנים האט א גאנץ, גאנץ אנדערן איינדרוק געקריגען, עפעס א אונפערשטענדליך איידעלקייט איז געווען דערויף אויסגעגאסען און אן אונפערשטענדליך גוטסקייט.

מען האט זי בעדארפט באלד לייגען אין בעט אריין. מען האט געזעהן, אז זי איז קראנק. עס איז געווען די העכסטע צייט אין האספיטאל אריין זי צו נעהמען, האט מישא נישט געוואלט. ער האט מורא געהאט מען וועט איהם מעהר נישט צולאזען צו איהר. אין „האטעל ווארשוי" האבען זיי נישט געקענט בלייבען, עס איז געווען געפעהרליך פאר די איבריגע עמיגראנטען. מישא האט זיך דאך ארויסגע־

שאפט און פריינדשאפט געשלאסען. די צרות האבען זיי צוזאמענגע־שמידט מיט איין פעסטע קייט און עס איז נישט מעהר געווען בעזונדערע מענשען, בעזונדערע משפחות וואס האבען זיך ביז יעצט נישט גע־קענט. ניין, — עס האט זיך גערדאכט, אז איין איד מיט'ן צווייטען איז משפחה, אז זיי האבען זיך שוין ערגעץ וואו אמאל געזעהן, גע־לעבט צוזאמען און דא האבען זיי זיך נאכאמאל צוזאמענגעטראפען און מען בעגעגענט זיך ווי אלטע גוטע בעקאנטע. אזוי האבען זיי זיך אינאייגעם געהאלטען. עצות זיך געגעבען, גע'סוד'עט זיך, אבגענארט צוזאמען דעם בעל־הבית און אינאיינעם פלענער געמאכט אויף דער צוקונפט.

זיי האבען זיך נישט געשראקען פאר דעם ווייטען לאנד אין וועלכען זיי געהען, אמעריקא — עס איז דאך שוין אזוי נאהנט, ווי עס וואלט זייער ריכטיגע היימאטה געווען, האט דאך יעדער דארט זיין ברודער, זיין משפחה, זיין פריינד, מיר פאהרען דאך קיין „אמעריקא"!

און אין דעם האפען זיינען געלעגען די גרויסע שיפען און אין די בייכער פון די שיפען זיינען יעדע וואך איינגעשלונגען געווארען די איינוואהנער פון „האטעל ווארשוי". עס איז עפעס געווען ווי א שיפען־שפייז, וואס מען זאמעלט אן אין „האטעל ווארשוי" פאר די גרויסע שיפען־חיות, געלאפען פון מענשען־הענד, וואס שרעקען מיט זייער ווילד פייפען.

ביי די האפענס וואו זיין נאציאן שיפט זיך איבער פון איין מדינה אין דער צווייטער, דא אין דעם „האטעל ווארשוי" — אינ'ם שפייכלער פאר'ן אידישען פאלק — האט ער דערזעהן דאס וואונדער. עס וואנדעלט זיין פאלק און צופיהרט די גרענעצען פון איין מדינה אין דער צווייטער, עס גיט זיך די הענד איבער די קעפ פון די פעלקער, וועלכע האבען זיך אבגעגרענצט אין זייערע פיער איילען ערד, און עס בעשאפט איין נאציאן איבער דער גאנצער וועלט, עס בינדט זיך צוזאמען, עס בעשאפט איין וועלט, ווי איין הימעל איז איבער זיי, איין ערד פאר דער חיה וואס היסט מענש.

איהם האט זיך גערדאכט, אז ער הערט הינטער זיך דעם סלוצקער איד:

„ווייז מיר א שטיקעל ערד וואס האט נישט קיין הימעל איבער זיך, איז קוים האט עס א הימעל איז דא גאט, און אז גאט איז דא,

ער נים אין די ימים פערפאלען ווערען, ער קומט אן — און דא קענען זיי ניט איבערלעזען. קיינער נישט, אפילו די בעסטע שרייבערס. דארף מען דאך האבען דוד'ל שרייבער, — האט מען צו איהם א בריעף געשריבען, אז ער זאל אנשרייבען דעם אדרעס אזוי, אז מען זאל איהם קענען איבערלעזען. און צו די קינדער אין אמעריקא אויף א פרואוו אויב דער בריעף וועט אנקומען — און דערווייל האלט מען מיך דא אב".

דער איד איז געפאהרען מיט א בעקאנטע משפחה פון סלוצק. די משפחה האט מען דורכגעלאזט, דעם איד האט מען איינגעהאלטען, געוואלט איהם צוריקשיקען אין דער שטעדטעל, וואס זיינען אויסגעגרונען פון איהם די איינוואהנער. אבער דער איד האט זיך גארנישט געמאכט דערוים. „וואס, זיי סטראשען מיך צוריקשיקען? און איז דען דארט ביי אונז אין שטעדטעל גאט נישטא? דאך גאט איז אומעטום — אפילו אין „האטעל ווארשוי", אפילו אין די שטאדט דא, ביי די דייטשען איז אויך גאט דא. און אז קוים געפינט זיך נור גאט, האב איך שוין קיין מורא נישט." זאגט דער אלטער איד. „אט דאס איז מיין רפואה" ווייזט ער אויפ'ן קליינעם תהילים'ל, „דאס איז מיין רעצעפט, איך האב נור מורא פאר אן ארט וואו דארט געפינט זיך גאט נישט. נור קוים איז נור א שטיקעל הימעל דא איבער'ן קאפ, געפינט זיך גאט — האב איך שוין פאר קיינעם קיין מורא נישט. קען מיר שוין קיינער קיין שלעכטס נישט טהאן, אהן זיין רצון."

אט דער איד, וואס האט זיך מיט גארנישט אויסגעצייכענט פון הונדערטער, טויזענדער אנדערע אידען, איז איהם געוועזען א לעבעדיג וואונדער פון אידישען פאלק. וואס איז דער כח אין וועלכען זיי גלויבען און וואס זיינען זיי דאס אזוי זיכער? ווער האט זיי געגעבען די זיכערהייט? און וואס איז דער בעוויז? זיי בעדארפען נישט קיין נס. דאס לעבען איז פאר זיי דאס דער גרעסטער נס און מיט דעם גלויבען געהען זיי איבער דער וועלט.

דאס האטעל „ווארשוי" האט זיך יעדע וואך אויסגעליידיגט און יעדע וואך איז עס פול געווארען. יעדע באהן האט נייע עמיגראנטען געבראכט, פון אלע עקען רוסלאנד, גאליציען, רומעניען און אנדערע געגנדען און זיינען זיך אין איין פונקט צוזאמענגעקומען, אין „האטעל ווארשוי". דא האט זיך איין איד מיט'ן צווייטען ערקענט, ברודער-

## קאפיטעל 40.

מישא האט נישט געוואוסט די גאנצע צייט פון ראחעל'ן, מען האט איהם נישט צוגעלאזט צו איהר, און ער האט זיך ארומגעדרעהט ארום דעם האספיטאל, כאפען דארט א ווארט וועגען קינד, וועגען ראחעל'ן. ווארים אויך ער האט געהאט דאס זעלבע געפיהל ווי ראחעל: דאס, וואס דאס קינד איז איבערגעגעבען געווארען צו זיי אין די הענד, איז נישט קיין איינפאכער צופאל, נור עפעס על פי כיון האט מען זיי אנפערטרויט א קינד פון פאלק. און דאס קינד איז א סימבאל פון אלע אידישע קינדער. ער האט זיך דאך סוף־כל־סוף בערוהיגט, געזעהן, אז ער קען דא גארנישט מאכען און איז אוועק צוריק צו די אנדערע עמיגראנטען אין האטעל „ווארשוי“. איבריגענס האט ער שוין דארט געהאט געפונען א חבר. דאס איז געווען דער אלטער איד ר' שלמה חיים, פון סלוצק, וואס האלט זיך אייך אין האטעל „ווארשוי“ שוין צייט וואכען און פיהלט זיך שוין דארט א גאנץ היימישער. ער ווארט אויף די פאפירען פון דער היים, געשטארבען איז ביי דעם אידען דאס ווייב, די קינדער זיינען אלע אויסגעוואנדערט נאך אמע־ריקא, „איבערגעלאזען ווי א שטיין אליין. די גאנצע שטאדט אויס־געוואנדערט, ווי נור א יונג בוימעלע אנטלויפט עס. — וואס וועל איך אליין איבערבלייבען אין א גוי'אישע שטאדט, ליגען אויף א בית־עולם, קיינער וועט קיין קדיש ניט זאגען, קיינער וועט אויף קבר־אבות נישט קומען. אז די אלטע אידען, די בעקאנטע, חברים, פריינד שטארבען אויס, דאס יונגוואַרג אנטלויפט — וויל איך אריבערפאהרען קיין אמעריקא, זעהן וואס איז דאס דער נייער גלות בבל, וואס אידען האבען זיך אויסגעקליבען. וואס ווערט דאס אויס זיי, אויס דעם נייעם דור וואס מיר פערטרויען אז דאס אמעריקא, ווי האלט דאס דארט מיט'ן אידישקייט און וואס מאכען מיינע בנים דארט.“ אנגעקומען אין האטעל „ווארשוי“ האט מען דעם אידען פערהאלטען. אז אדרעס האט ער אפילו צו זיינע קינדער יא געהאט, נור קיינער קען זי נישט איבערלעזען.

„ביי אונז אין שטעדטעל קען זי נור איבערלעזען איינער, דוד'ל שרייבער, אז ער שרייבט אז א בריעף אויף אט דעם אדרעס דא, וועט

אריינגעקרעכצט אין איהר קישעלע אריין. ראחעל האט עס נישט געקענט פערטראגען. זי האט איין מינוט נישט איבערגעקלערט; אז זי האט דערזעהן דאס קראנקע קינד, ווי עס ליגט אליין, אבגעווארפען פון אלע, האט זי זיך אן עפעס דערמאהנט. עס האט זיך איהר געדאכט, אז זי האט ערגעץ־וואו דאס קינד געזעהן און דאס קינד איז איהר'ס זעהר א נאהנטע. עס איז איהר קינד, און זי איז מחויב זיך דערמיט אבצוגעבען. זי איז צוגעגאנגען צום קינד און האט זיך דערנעבען געלעגט, זי האט עס ארומגענומען. רחל'ע האט זי צום ערשט אנגעקוקט מיט איהרע שווארצע אויגען, ווי עס וואלט זי עפעס געוועזן געפרעגט. באלד האט דאס עפעס דערפיהלט און האט שוואך איבערגעגעבען מיט צוטרויען איהר קעפעל אויף ראחעל'ס ברוסטען.

ראחעל האט עס צוגענומען און זי האט אין איהרע הענד דערפיהלט, ווי זי האלט עפעס וואס איהר'ס און עס געהערט צו איהר.

און אז די ווייבער האבען עס דערזעהן, האבען זיי אויסגערופען מיט שרעק:

— גערענקט אין גאט, וואס טהוט איהר? דאס קינד איז קראנק, איהר וועט זיך דאך נאך אנשטעקען און מוזען איבערבלייבען.

— עס איז מיין קינד — האט ראחעל אבגעענטפערט.

און צומארגענס זיינען זיי טאקע נישט אבגעפאהרען מיט די אנדערע פאסאזשירען. זיי האבען גענומען פון דעם אידען דעם אדרעס פון דעם קינד'ס פאטער אין ניו יארק און זיינען איבערגעבלי־בען דערמיט אין „האטעלווארשוי“.

דער דאקטאר האט עס אונטערזוכט. עס האט זיך ארויסגע־שטעלט, אז דאס קינד איז קראנק אויף טיפוס, און ראחעל האט עס אבגעגעבען ווי עס איז איהר אייגענס, און איז איבערגעבליבען דערמיט אין האספיטאל, ווארטענדיג ביז עס וועט געזונד ווערען, אז זיי זאלען עס מיטנעהמען קיין ניו יארק צום פאטער.

---

געהויבען ארומצוקוקען, נאכצושפירען און געווארפען אויגען מיט חשד אויף איטליכען בעזונדער. אבער ער האט גארנישט געקענט דערגעהן. דער גאליציאנער איז ארום שאקלענדיג מיט'ן קאפ. און דער איד, וואס האט געפיהרט דאס קינד, האט בעשטימט, אז ער זאל זיך מארגען, ווען מען וועט געהן צום שיף, ארויס'גנב'ענען זיך פון קינד. דאס קינד איבערלאזען אין „האטעל ווארשוי" און אליין, מיט זייניגע, ארויף אויף דער שיף.

ער האט זיך וועגען דעם גע'סוד'עט מיט זיין ווייב. און צו די אנדערע אידען האט ער אזוי געזאגט מיט א רחמנות־פנים:

— וואס זאל איך טהאן? איך האב געוואלט א אידען א טובה טהאן. די מוטער ליגט קראנק אין האספיטאל, דאס קינד האבען זיי נישט געוואלט אננעהמען. עס איז געזונד, זאגען זיי. עס האט נישט ביי וועמען צו זיין. פון איין שטאדט זיינען מיר, האב איך עס געוואלט דעם פאטער מיטברענגען. און אז עס האט זיך אזוי גע־מאכט, בין איך נישט שולדיג. אונגליקליך ווערען איבער א פרעמד קינד וויל איך נישט, איך האב אליין קליינע קינדער, זיי קענען נאך אויך, גאט בעהיט, קראנק ווערען.

די אידען און די וייבער האבען געקוקט אויפ'ן קראנקען קינד און געשאקעלט מיט די קעפ. זיי האבען רחמנות געהאט דערויף — אודאי האבען זיי עס געוואלט העלפען, נור זיי זיינען אזוי אנגע־שראקען און נידערגעשלאגען געווען, אז זיי האבען פערשטיקט דאס רחמנות אין זיך.

אויף דער נאכט, אז עס איז געקומען צום לעגען שלאפען, די לעצטע נאכט איידער די שיף געהט אב, האט די פרעמדע אידענע געבעט דאס קראנקע קינד בעזונדער, האט דערביי איהר קעסטעל מיט די זאכען און איהר קישעלע, וואס זי האט מיטגענומען פון איהר מוטער, אונטערגעלעגט. איהרע אייגענע קינדער האט זי ארום זיך צוזאמענגענומען און בעהיט זיי, אז זיי זאלען זיך נישט חלילה צו־ריהרען צום קראנקען קינד און זיך נישט אנשטעקען. אויך אלע איבריגע עמיגראנטען האבען זיך אבגערוקט פון דעם קראנקען קינד. יעדע משפחה איז געלעגען ארום איהרע קעסטלאך און פעקלאך און פערבראכט די לעצטע נאכט אין „האטעל ווארשוי". אין א ווינקעלע, אליין, איז געלעגען דאס קראנקע קינד, ווי א מצורע און עס האט

קינד האָט הויכע וואַרימקייט, זיי האָבען בעשטימט דאָס צו זאָגען דעם אידען.

— איהר קענט נישט פאָהרען, דאָס קינד איז קראַנק — זאָגט מישאַ צו דעם אידען.

— וואָס רעדט ער, וואָס וויל ער פון מיר האָבען? — בעט זיך דער איד ווי ביי אַ גזלן — עס איז נישט מיין קינד. איך האָב רחמנות געהאַט אויף אַ פרעמדע אידענע און איבערגענומען איהר קינד. איצט וועל איך דאָ מוזען בלייבען צוליעב דער מיידעלע. איך וועל עס צו־ריקשיקען צו דער מוטער, וואָס ווילען זיי פון מיר?

דערהערט ווידער אין „האָטעל וואַרשוי" דאָס וואָרט: „דאָס קינד איז קראַנק", איז אַ גרויסער רעש געוואָרען. אייניגע האָבען גע־שריען, אַז מען זאָל זאָגען דעם פערוואַלטער דערפון. אַנדערע האָבען זיך געבעטען: „אידען, האָט רחמנות אויף זיך, זאָגט נישט דעם פער־וואַלטער, מען וועט אונז דאָ אַלעמען אָבהאַלטען צוויי־דריי וואָכען צייט, דערווייל געהט די שיף אוועק, מען וועט אונזערע קינדער אין האָספּיטאַל נעהמען, פון אַמעריקאַ צוריקשיקען". יעדער איינער האָט זיך ווידער צוזאַמענגענומען זיינע קינדער, געקוקט זיי מיט שרעק אין די אויגעלאך אריין און מיט שרעק זיך בעהאַלטען. און דער איד האָט געשריען און די אידענע האָט געוויינט: „איך וועל דאָס קינד איבער־לאָזען, לאָז זיין וואָס עס וויל. פאַר אַ פרעמד קינד וויל איך נישט ליידען, מעהר פעהלט אונז נישט מען זאָל אונז אין אַמעריקאַ נישט אריינלאָזען."

אין מיטען דעם רעש איז געזעסען דאָס זיעבען־יעהריג מיידעל, דעם קאָפּ אַנגעלעהנט אויף אַ זייט און געקוקט שוואַך מיט די אויגען, אַזוי ווי זי וואָלט געוואוסט, וועגען וואָס דאָ געהט אַ און עס איז איהר שוין אַלץ איינס געווען.

דערווייל איז אריינגעקומען דער גאַליציאַנער אידעל, מיט די ציטערנדע פּאות. דער עולם איז אין איין מינוט שטיל געוואָרען און איז פערנומען געווען אין שמועס און געלעכטער און פּאַקען זיך. אַזוי ווי עס וואָלט גאָרנים געווען. נור אין דער שטיל האָט איינער צום צווייטען געוואונקען און געמאַכט מיט די הענד, צייכען זיך געגעבען, אַז מען זאָל פערשווייגען. דער גאַליציאַנער אידעל האָט אָנגעהויבען עפּעס צו דערשמעקען, אַז דאָ האָט עפּעס פּאַסירט. ער האָט זיך אָנ־

איינער דעם צווייטען געסוד'עט אין אויער אריין, און בעהאַלטען זיך אין די ווינקלאַך, אבי נור ווייטער זיין פון דעם, וואָס איז קראַנק.

— וואָס קראַנק, ווער איז קראַנק? — האָט שמעון, דער אידענעם מאַן, אויסגערופען, וועלכער איז דערווייל געקומען צולויפען און גע־כאַפּט דאָס קינד אויף די הענד. — ווער האָט אויפ'ן קינד דאָס אויס־געטראַכט? וואָס ווילען די „דייטשען" פון מיר? — רופט ער אויס מיט אַ געבייזער אויף ראחעל און מישאַ'ן — וואָס פאַר אַ נייע קאַנטראָלצשיקעס זיינען אויף מיין קאָפּ אויפגעשטאַנען? דאָס קינד איז געזונד, דאָס קינד לאַכט, שמייכעלט. רחל'ע, רחל'ע, ווילסט פאָהרען קיין אמעריקא? — רופט ער צום קינד — און שטעקט איהר די באָרד אין פּנים'ל אריין, און קיצעלט איהר אונטער די אָרימלעך, אז עס זאָל לאַכען. „נאַ, דאָס קינד שמייכעלט — רופט אויס דער איד מיט צופרידענהייט. — וואָס ווילען זיי פון דאָס קינד האָבען?"

אז ראחעל און מישאַ האָבען דערזעהן די שרעק, וואָס זיי האָבען אנגעוואָרפען מיט זייער וואָרט „קראַנק" אויף די איינוואָהנער פון „האָטעל וואַרשוי", האָבען זיי מורא געקריגען, אז זיי זאָלען ניט ארויס־רופען ביי די איינוואָהנער אַ פערקעהרטע מיינונג, און אַן אַנדערע איינדרוק וועלכען זיי האָבען זיך געוואונשען. ראחעל האָט זיך צוריקגעכאַפּט און אויסגערופען: „ווער זאָגט, אַז דאָס קינד איז קראַנק? דאָס קינד איז געזונד, גאָר געזונד, קום רחל'ע, קום שפּיעלען מיט די קינדער" — און האָט פון דעם אידענ'ס האַנד ארויסגענומען דאָס קינד און געפיהרט עס אין הויף אריין צו די אנדערע קינדער, און דער עולם האָט זיך בערוהיגט.

ראחעל האָט אָבער באַלד בעמערקט, אז דאָס קינד איז ווירקליך קראַנק. די בעקלאַך האָבען געגליהט ווי פייער, און די אויגען האָט עס געהאַט קראַנקע. געלייגט דאָס קעפּעלע אויף אַ זייט און געבעטען זיך מיט די קראַנקע אויגען רוה. ראחעל האָט רחמנות געקריגען אויפ'ן קינד. זי האָט נישט געוואוסט, וואָס צו טהאָן. האָט גערופען מישאַ'ן אַן אַ זייט און געזאָגט צו איהם מיט טרעהרען אין די אויגען:

— דאָס קינד איז קראַנק, עס איז מיר אַ רחמנות צו צוקוקען, איך ווייס נישט וואָס צו טהאָן?

זיי האָבען אין געהיים געמאַסטען די היטץ און דערזעהן, אז דאָס

קינד איז געזעסען נידערגעשלאָגען, איינס אליין אין דעם גרויסען צי־מער אין האָטעל „ווארשוי“, אויף די פּעקלעך און האָט ניט געוואָלט ארויסגעהן צו די אנדערע קינדער. ראחעל האָט בעמערקט דאָס קינד זיטצענדיג אין אַ ווינקעל ווי אַן ערוואקסענע, איינגעבויגען דאָס קעפּעל אויף איהרע דינע שוואכע הענטלאך, און די קינדערשע אויגלאך האָבען דורך די פּאָר טעג, וואס זי איז דאָ געזעסען מיט די „פרעמדע עלטערן“ געקריגען אזא אויסדרוק, אזאַ גלאַנץ, ווי אַ שטומער הונד וואָס קען נישט רעדען, נור פערגלייסט די אויגען און זאָגט אלעס ארוים מיט'ן בליק.

— וואָס איז, דאָס קינד איז קראנק? — פרעגט ראחעל די אידענע, וועלכע איז געזעסען דערביי.

— וואָס, קראַנק? — דערשרעקט זיך די אידענע פאר דעם וואָרט, וואָס שמעקט מיט צוריקשיקען — דאָס קינד איז געזונד. געה דיך, רחל'ע, געה דיך שפּיעלען מיט די אנדערע קינדער.

ראחעל האָט עס געפּרואווט אַנגעהמען ביי דער האַנד, דאָס קינד האָט געוואָרפען דערויף אַ קראַנקען דערשראָקענעם בליק און צוריק בעהאַלטען זיך אונטער די קעסטלאך.

— וואָס איז דעם קינד? — פרעגט ראחעל.

— וועה איז נאָך מיר — ברעכט די אידענע זיך די הענד — אפשר איז טאַקע דאָס קינד קראַנק, האָב איך מיר אליין זיך אַנגע־מאַכט אַ צרה. זעה, שמעון — רופט זי צום מאַן — וואָס האָסטו געטהאַן? נאַ, זעה, דאָס קינד איז קראַנק, מען וועט דאָך אונז איבער איהר אין אַמעריקא נישט אריינלאָזען. איך האָב דיר באַלד גע־זאָגט, לאָז מיך צורות מיט פרעמדע קינדער, איך האָב גענוג מיינע, נאַ, זעה, וואָס וועסטו איצט טהאָן?

דערהערט אין האָטעל „ווארשוי“ דאָס וואָרט קראַנק, איז אַ שרעק אריבער איבער'ן גאַנצען האָטעל, ווי דער מלאך־המות וואָלט אַנגע־קלאַפּט מיט די פליגלען. — „ווער איז קראנק?“ „וואָס איז קראַנק?“ — האָט איינער דעם צווייטען מיט דערשראָקענע אויגען און מיט בלייכע געזיכטער געפרעגט. יעדער האָט אַנגעהויבען צוזאַמענצורופען, צונויפצוזאַמלען זיינע אייגענע קינדער און בעהאַלטען זיי, ווי די היהנער בעהאַלטען די היהנדעלעך אונטער זיך. „אוי, וועה! ווע־מען האָט דאָס אומגליק געטראָפען? אַ, וואָס איז געשעהן?“ — האָט

ראחעל, ארומגערינגעלט מיט א מענגע קליינע קינדער. געזעסען זיי אן ביי די הענד און יוזעפ מיט זיי אין הויף ארום. און פון דארט פון די קליינע, ערשטאָרטיגע קינדער דערהערט זיך א פרייד, א לאַכען, וואָס האָט אזוי פרעמד אבגעקלונגען אין דעם שרעקליכען ראַטשיל „וואַרשוי“, ווי מענער פון מוזיק אין א טורמעדהויז. און מיישא'ן האָט זיך נאָך דאכט, אז דאָס קליינע קינדערלאַכען הייליגט ראחעל'ס נשמה און זי ווערט געזינטער, וואָס א טאָג זי איז מעהר מיט די קינדער.

## קאפיטעל 39.

# דאָס קראַנקע קינד.

פֿון די קינדער איז געווען איינס, וועלכעס האָט ראחעל'ן מעהר צוגעצויגען, ווי אנדערע. עס איז געווען א זעכצן־יעהריג מיידעל, א קראַנקעס, וואָס איז מיט דער מוטער אראָבגעפאָהרען צו זייער פאָטער קיין אמעריקא. די מוטער האָט עס אבער פערלאָרען אויפ'ן וועג. פערהאַלטען ביי דעם גרענעץ עפּעס איבער א קראַנקהייט, וואָס מען וואָלט צוליעב דעם איהר נישט אריינגעלאָזען אין אמעריקא. איז די מוטער איבערגעבליבען אין איינעם פון די האַלטשטאַט'ס פון א אידישער חברה. דאָס קינד אבער האָט א אידישע משפחה, וואָס איז געווען פון דער זעלבער שטאָדט, מיטגענומען. געוואוסט אז עס איז זייער קינד, אוב זיי זאָלען עס איהר פאָטער אבגעבען אין ניו יאָרק. זעהר שווער איז געווען אויסצוגעבען דאָס קינד פון דער מוטער, און די מוטער האָט עס אליין געלערענט ווי אזוי עס זאָל דערציילען זיינע עלטערען, אז מען וועט עס פרעגען ווי עס הייסט, און אנרופען עלטערען די, וועלכע האָבען עס מיטגענומען. דאָס קינד איז געווען נאָך אזוי קליין, אז עס האָט נישט פערשטאַנען, וואָס דאָ האָט פּאַסירט, און צו וואָס מען טוט דאָס אליעס. דאָס עס זיך געוואונדערט און נישט געוואָלט מיטפאָהרען מיט די פרעמדע עלטערען. ביז האָט דאָס קינד מיט געוואַלד פון דער מוטער אויסגעריסען און געוואַלט עס אין מורא ביז עס האָט זיך צוגעוואוינט צו די פרעמדע עלטערען. דאָס

דעם אירענ'ס טובה. מרי טהוען די אירען א געמעלינקייט, און איהר קוטט זיך דא בונטעוועו.

דערנאך, אז דער גאליציאנער איד האט ביי זיי שוין גערעט אויסגעטויישט דאס געלד, האט ער זיי גענומען איינהאנדלען סחורה: טיבער אויפ'ן וועג, עסענוואַרג, צעטלען, „אהן וועלכע מען לאזט נישט אריין", שיפסקאַרטען, כאטש זיי האבען שוין געהאט פון דער היים אויס.

אין דער שטיל, אנגעשראקענע, האבען די עמיגראנטען איבער־געטראגען די צרות פון האטעל „ווארישוי", וואו די לופט איז געווען שטיקענד, דאס בעטגעוואנד ברודיג און וואו מען האט זיי צוזאמענ־געשטיקט צו צוואנציג פאמיליען אין א שטוב. זיי האבען מורא גע־האט פאר דעם, וואס דער גאלדענער שליסעל פון דער נייער היים, אמעריקא, איז אין זיין האנד — פאר דעם גאליציאנער אידעל מיט די געקרייזעלטע פאות.

און ראחעל האבען זיך געפונען צווישען זייערינע. ראחעל האט גרויס רחמנות געהאט אויף די קינדער, די קינדער, וועלכע זיי־נען געווארען פערגוואלדיגט אין פאגראם ווי זי. דאס זיינען געווען איהרע אינגערע שוועסטער. צושראקענע און מורא האבענדיג פאר יעדען פרעמדען מעניש, האבען זיי זיך אויף געשראקען פאר איהר. אבער באלד האבען זיי דערפיהלט דאס ווארימקייט און די ליעבע וואס פליסט פון איהר צו זיי. די קינדער האבען זיך בעהאפטען אין איהר, ווי צו א עלטערע שוועסטער, און זי האט זיי אין דערפריה אלע, וואס האבען זיך געפונען אין דעם געמענגענים פון האטעל „ווארי־שוי", צוזאמענגענומען, ארויסגעפיהרט זיי אויפ'ן הויף, געוואשען זיי ביים ברונען און געשפיעלט זיך מיט זיי אין דעם זונען־שיין. וואס איז אויך דא צו די אונגליקליכסטע פון די אונגליקליכע אהער געטריבענע דורך די הויכע רויטע מויערען און האט בענאסען מיט ליכט און ווארימקייט די אריםסטע פון די ארימע — די קליינע אידישע עמיגראנטען־קינדער, וואס זיינען אנטלאפען פון פאגראם און געהען אין דער וועלט זוכען זיך א היים.

מיט מרייד האט מישא צוגעקוקט, ווי ראחעל האט זיך געפונען איהר גליק צווישען די קליינע קינדער. אז זייער גורל איז אויך איהר גורל און זי פיהלט זיך א שוועסטער פון זיי. ער האט געזעהן, ווי

— ס'אַ ליגען ! ליטוואַקעס, איהר האָט יאַ געלד, דאָס וואָס איהר דאַרפט ווייזען אין אַמעריקאַ. אַז ניט, וועט מען אייך ניט לאַזען פאָהרען.

— פאַר אַמעריקאַ האָב איך רוסיש געלד, — בעט זיך דער איד.

— אַהאַ, זעהט איהר, אַז איהר זאָגט אַ ליגען, גוט אַזוי אויף אייך, ליטוואַקעס, וואָס מען יאָגט אייך, — צושרייט זיך דער גאַליציאַנער, — דער דייטשער מלך־חסד ירום הודו לאָזט אייך אַדורך דורך זיין גרעניץ, און איהר ווילט נישט טוישען זיין געלד. קען מען אייך גוטס טהאָן? איז נישט רעכט אַלעס וואָס מען טהוט אייך? — קרעכצט דער גאַליציאַנער.

— וואָס ווילט איהר פון דעם איד? — פרעגט מישאַ — ער בעצאָהלט אייך דען נישט פאַר דעם, וואָס ער עסט און וואָהנט דאַ? וואָס ווילט איהר האָבען? ער דאַרף ניט קיין געלד וועקסלען.

— אַהאַ, די בונטאָווניקעס. די בונטאָווניקעס ווערען מיר צוריק שיקען, — סטראַשעט דער גאַליציאַנער אויף מישאַ'ן מיט'ן פינגער — בונטאָווניקעס דאַרפען מיר נישט אין אַמעריקאַ, — זאָגט ער, גלייך ווי אַמעריקאַ וואָלט זיינע געווען — בונטאָווניקעס גיבען מיר צוריק ארויס דעם רוסישען קיסר ירום הודו. האָט איהר פערשטאַנען?... זיטצען שאַ שטיל, אַז נישט איז אַ זשאַנדאַרם, פערשטאַנען?

דאָס וואָרט זשאַנדאַרם האָט ווי אַ קול פון מלאך־המות אָבגע־קלונגען אין האָטעל „וואַרשוי“. אַלע האָבען זיך דערשראָקען און אָנגעהויבען צו שרייען אויף דעם אָרימען עמיגראַנט, אַז ער זאָל טוישען זיין געלד.

דער איד האָט אַרויסגעטרעגט פון דער קאַפּאָטע זיינע פופציג רובעל, וואָס ער האָט געהאַט איינגענעהט צו ווייזען אין אַמעריקאַ־נער האַפען, פאַר וועלכע ער האָט פון דעם גאַליציאַנער אידעל גע־קריגען הונדערט מאַרק.

— נעהט אייך צוריק איין אין ראָק, — זאָגט דער גאַליציאַנער — ווען איהר וועט קומען אין אַמעריקאַ, זאָלט איהר דאָס ווייזען, וועט מען אייך אַריינלאָזען, וואָרים מיט דייטשע געלד לאָזט מען יאַ אַריין, און מיט רוסיש געלד — נישט. עס איז נישט גילטיג, פערשטעהט איהר, יונגער־מאַן, — ווענדעט ער זיך צו מישאַ'ן — מיר מיינען

פאר דעם האבען זיי בעצאהלט און געקריגען די קאנצעסיע און געזעהן פון דער פרנסה ארויסצוקריגען וואס מעהר פראפיט.

אין דעם גיהנום איז עס מישא מיט ראחעל'ן אריין. און דער־זעהענדיג זיך צווישען הונדערטער און טויזענדער זייערע ברידער און שוועסטער, וועלכע זיינען צונויפגעקוועטשט געווארען אין די גרייסע קאזארמעס פון דעם האטעל „ווארשוי", די מענער בעזונדער און די ווייבער בעזונדער, — אלע זיינען זיי געווען אנטלאפענע פון די פאגראמען, און אלע האבען זיי געטראגען דעמזעלבען גורל וואס זיי, און געלאפען זוכען א היים — האבען זיי זיך באלד געפונען מיט זיי פערברידערט און האבען זיך געהאלטען צווישען זיי ווי אייגענע.

---

אין א גרויסער שטוב אויף דער ערד, צווישען די פעק, זיינען געלעגען די מוטערס מיט די קינדער — ביי טאג האט מען די מענער צוגעלאזט צו זיי — איז יעדע משפחה געלעגען בעזונדער ארום איהר געפעק. און זיי האבען אויסגעזעהן ווי די ארויסגעטריבענע, וואס האלטען זיך אויף מיעדע, ביי די ברעגען פון בבל.

צווישען זיי האט זיך ארומגעדרעהט א גאליציאנער אידעל, מיט צושראקענע פאות, אהן א ראק און אהן א קאפעל, און געשריען מיט א קוויטשענדיג קול: „שא, שטיל זאל זיין! שא שטיל זאל זיין!" באטש ער מיט זיין קוויטשענדיג קול'בעל האט געזומזעט אין שטוב ווי הונדערט ביהנען. ער איז צו צו א משפחה און גע'טענה'ט, אז זיי האבען נאך נישט זייער געלד אויסגעטוישט און זיי זאלען ביי איהם דאס געלד וועקסלען.

דער איד האט זיך ביי איהם געבעטען, אז ער דארף נישט קיין געלד וועקסלען, און דאס וואס ער האט בעדארפט, האט ער שוין געוועקסעלט ביי דעם גרעניץ.

— אז איהר וועט נישט אייער געלד וועקסלען, וועט מען אייך צוריקשיקען מיט אייערע בעבעכעס, — האט זיך צובייזערט דאס גאלי־ציאנער אידעל און געשראקען מיט דער האנד. און אויסגעזעהן האט ער ווי א מלמד א גזלן, וואס וועט באלד נעהמען דעם קאנטשיק אין האנד אריין און אנשלאגען יונגע בחורים זיינע.

דער ארימער עמיגראנט האט זיך דערשראקען און געבעטען זיך ביי איהם, אז ער האט נישט קיין געלד.

און אפילו די וואָס זיינען געקומען צו דער סטאַנציע זיך מיט זיי בע־שעפטיגען, די אָנגעשטעלטע פון די אידישע חברות, האָבען זיי אויך ניט בעסער בעהאַנדעלט ווי ארעסטאַנטען, וועלכע מען פיהרט איבער פון איין טורמע אין דער צווייטער. ווייל גלייכגילטיג איז דאָס מענ־שען־האַרץ געוואָרען צו זיי. אַזוי פיעל זיינען זיי געווען און אַזוי גע־וועהנליך און אָפט זיינען זייערע צרות געוועזן.

דאָ, אין דער האַפען־שטאָדט, האָט מען זיי אַריינגעפיהרט אין דעם האָטעל „וואַרשוי". „האָטעל וואַרשוי" האָט עס געהייסען, אָבער אין אמת'ען איז דאָס געווען אַ רויטער הויכער מויער ווי אַ טורמע, מיט אַ הויכער דיקער וואַנד אַרומגערינגעלט, וועלכע איז געווען פערשלאָ־סען מיט אַן אייזערנע טהיר. און זיי האָבען זיך נור געמעגט אויפ־האַלטען אין די וואַנד פון דער טורמע „האָטעל וואַרשוי" אָדער אין זיין הויף. די שטאָדט־פערוואַלטונג האָט נישט ערלויבט, אַז די עמי־גראַנטען זאָלען זיך ווייזען אין דער שטאָדט — האָט מען זיי געהאַלטען אין דער „האָטעל" פערשלאָסען און זיי האָבען געמוזט קויפען פאַר זייער געלד דאָס וואָס מען האָט זיי אָנגעבאָטען. און בעצאָהלט דאָס צווייפאַכיגע, געגנייט זיי אויסצוטוישען ווידער זייער רוסישעם געלד, כאָטש זיי האָבען עס שוין געהאַט געמוזט אויסטוישען ביי דעם גרעניץ. עס האָט אָבער נישט נעהאָלפען, דערפאַר וואָס די הויז־בע־זיצער האָבען גע'טענה'ט, אַז די רוסען האָבען אַ סך געלד און זיי בעהאַלטען זייער געלד אין דעם בעטגעוואַנד איינגענעהט. די מענ־שען, וועלכע האָבען געקויפט די קאָנצעסיע אויף אַ עמיגראַנטען־האָטעל פון דער שיף־געזעלשאַפט, האָבען נעהאַלטען די עמיגראַנטען פאַר זייער אייגענטהום, מיט וועלכען זיי מעגען טהאָן דורך דער צייט וואָס זיי וואָהנען אין האָטעל אַלעס, וואָס זיי ווילען. דורך דעם טאַקע האָבען זיי זיך בערעכטיגט אַזוי צו בעהאַנדלען די עמיגראַנטען און פערוואונדערט זיך, וואָס זיי בייזערען זיך דעריבער. און כאָטש די מענשען פון האָטעל זיינען אַליין געווען גאַליציאַנער אידען, דאָך האָבען זיי די צרות פון די אויסוואַנדערנדע ברידער, וועלכע טהיילען דעם גורל פון זייער פאָלק, גאָרנישט געריהרט. זיי זיינען שוין געווען צוגעוועהנט צו די צרות, מיט וועלכע זיי זיינען אומגעגאַנגען טאָג־טעגליך. און, איבריגענס, זיינען די עמיגראַנטען געווען זייער פרנסה.

דער שטראָם פון דער עמיגראַציע האָט געפלאָסען ווי אונאויפהערליכע טייכען. מען האָט נישט געוואוסט פון וואַנען עס נעהמען זיך אַזוי פיעל אידען. און די וועלכע זיינען אומגעגאַנגען מיט זיי, געהאַט צו טהאָן מיט זיי טאָג־טעגליך — האָבען זיי אויפגעהערט צו בעטראַכטען פאַר מענשען, פאַר לעבעדיגע וועזענס, וועלכע האָבען אַ ווילען און נערוועז, און זיי בעהאַנדעלט ווי טויטע סחורה וואָס מען פעקעלט איבער פון איין לאַנד אין צווייטען. און די עמיגראַנטען, אַנגעשראָקען, פערוועהטיגט, האָבען זיך איינגעקאָרטשעט, מיט אונטערטעניגקייט, מיט שקלאַפּישע דערשראָקענהייט ערפילט אַלעס וואָס מען האָט זיי געהייסען און פערציטערט אויסגעהערט די געשרייען.

זיי זיינען שוין געוועהנט געוועזען דערצו און זיי האָבען שוין געוואוסט, אַז זיי האָבען נישט מעהר זייער אייגענעם לעבען, נור זיינען פערקויפטע שקלאַפען, וואָס מען בעהאַנדעלט זיי, ווי טויטע סחורה.

מען האָט זיי דאָס באַלד צו וויסען געגעבען, ווי זיי זיינען נור אַריבער דעם דייטשען גרעניץ, וואו מען האָט זיי מיט געוואַלד אין די דעזינפעקציאָנס־הייזער אַריינגענומען, געפּאַרעט זיי און אין אַ קאַראַנטין פערהאַלטען אייניגע טעג. דאָרט האָבען זיי געמוזט שיפס־קאַרטען קויפען, געלד וועקסלען לויט'ן פרייז, וואָס מען האָט זיי אָנגעוואָרפען, און עסען פאַר זייער געלד דאָס, וואָס מען האָט זיי געגעבען. די ליכטיגע שיין האָבען זיי נישט געזעהן דורך דער גאַנצער צייט, וואָס זיי זיינען אין וועג. ווי מען האָט זיי אין תפיסה גענומען ביי דעם גרעניץ, אַזוי האָט מען זיי געהאַלטען פערשלאָסען ביז צום שיף.

עקספּעדירט האָט מען זיי ווי פיה, מיט די ווייבער און קינדער אין פערשלאָסענע וואַגאָנעס, וועלכע האָבען זיך טעג און נאַכט געשלעפּט איבער די גרויסע שטעדט פון דייטשלאַנד. אויף יעדע סטאַנציע האָבען זיי דערזעהן פאַר זיך דאָס שטרענגע געזיכט פון דייטשען זשאַנדאַרם, וועלכער איז געשטאַנען און געהיט די טהירען פון זייערע וואַגאָנעס, אַז זיי זאָלען נישט אַרויסגעהן אויף די גרויסע סטאַנציעס.

ווי אַרעסטאַנטען האָבען זיי דורך די פענסטער אַרויסגעקוקט מיט קנאה אויף די פרייע מענשען, וואָס בעוועגען זיך אויף די סטאַנציעס.

## קאפיטעל 38.

# האָטעל וואַרשוי.

אין צווישען־דעק האָבען זיך מישא מיט ראחעל'ן איבערגעשיפט צו א אייראָפּעאישען גרויסען האפען, פון וואנען עס געהען שיפען קיין אמעריקא.

צו דעם האַפען זיינען זיי שוין אָנגעקומען ווי עכטע עמיגראנטען און מען האט זיי בעהאנדעלט ווי אלע זייעריגע, וועלכע דאס גורל טראגט אויף דער צווייטער זייט אטלאנטיק. מען האט זיי מיט די איבריגע עמיגראנטען איינגעשלאסען אין די עמיגראנטען־האטעלען, אבצוווארטען אין די האפען אויף דער שיף.

דער עמיגראנטען־האטעל איז געווען איבערפילט מיט אויסוואנדערער. עס איז געווען די צייט פון די אגענטען. פון אלע עקען רוס־לאנד זיינען די אידען געלאָפען פון פּאָגראָמען. די שרעק פון טויט איז געלעגען אין זייערע אויגען, און איבער זייערע געזיכטער האט שוין דער מלאך המות איבערגעווישט מיט זיינע פליגלען. דענערווירט ביז משוגעת האבען זיי זיך געשראקען פאר יעדער אומגעריכטער בעווע־גונג, פאר יעדען בלאז פון ווינד, פאר יעדען הויך געשריי. די מוטערס זיינען געזעסען מיט זייערע קינדער איינגעקארטשעט אין די ווינקלאך. תמיד געהאלטען די קינדער ביי זיך אויף די קניען, מורא האָבענדיג, אז מען זאָל ניט קומען פון זיי זייערע שוואלבען אוועקרויבען. ביי נאכט פלעגען זיי זיך אויפכאפּען מיט הארצ־רייסענדע געשרייען, איבערגעשראָקען פון די ווילדע חלומות און אויסשטרעקען זייערע הענד, זוכענדיג זייערע קינדער וואס זיי־נען געלעגען נעבען זיי.

די מענער האבען זיך שוין בעסער געהאלטען. אין זיי האט גע־לעבט אן אונבעוואוסטער לעבענס־אינסטינקט, וואס זיי האבען גע־ערבט פון די העלדען פון דער ביבעל. בעזעגעלט מיט דער האפנונג פון דער נייער היים, וועלכע זיי געהן זיך זוכען, האבען זיי איבערגע־טראגען אלע ענויים, דער לייכטער שמייכעל איז ניט אראב פון זייערע געזיכטער און זיי האָבען בערוהיגט זייערע ווייבער מיט זייערע קינ־דער מיט זייער רוהיג האלטען.

ארונטערגע'גנב'עט אונטער די אויגען און זיטצען דארט ווי צוויי שלעכטע סמנים.

די אויגען האבען איהר ארויסגעשטארט, וואס האט אנגעזאגט אז דאס הארץ האט זעהר פיעל געליטען אין די לעצטע צייט — זי האט זיך אנגעהויבען צו פערגלייכען מיט דער מיידעל וואס זי האט געזעהן נעכטען געבען איהם און זי האט בעמערקט, אז דאס געזיכט ווערט בלייך.

נור וואס האט זי אם מייסטען געשטערט איז געוועזן איהר קליידונג. זיא איז געוועזן צו ראפינירט אז זיא זאל נישט בעמער־קען, אז אין דעם אלעס, אין די געלבע פלעקען אונטער די אויגען, אין די שווערע בעוועגונג און אין דאס וואס מען זעהט אן איהר טראגען, ליגט א געוויסער רייץ... וויבליכעס וואס מאכט די מענער צערטליך. נור די קליידער, די קליידער זיינען ווירקליך געוועזן צו אלט. דער זיידענער זשאקעט איז געוועזן אבגעפלעקט, דאס זיי־דען האט געשווישטשעט און ער האט זיך געקארטשעט אויף איהר, און פון איהם האט זיך אהן גראציע ארויסגעשניטען דער הויכער בויך. און דאס איז געוועזן ארימליך און האט ערוועקט א רחמנות־געפיהל...

ניין, אזוי זאל ער מיך ניט זעהן!

זי האט אנגעהויבען פלינק צוריקצוגעהן, זי איז אבער דאך נייע־געריג געוועזן צו זעהן אויב ער ווארט אויף איהר. זי איז אריבער אויף דער צווייטער זייט פון דעם טראטואר, אריין אין א הויז, און פון דארט איהם געזוכט, צווישען די פיעלע זיצענדע. זי האט איהם בע־מערקט.

זי איז פלינק אוועק. זי איז פערביי א געשעפט מיט בלומען. איז איהר עפעס איינגעפאלען, זי איז אריין, האט געקויפט פאר'ן גאנ־צען געלד וואס איז איהר נאך איבערגעבליבען רויטע רויזען און האט זיי איהם אהיים געשיקט.

פאר ביידע, פאר איהם מיט איהר.

זי האט אהיים טעלעגראפירט צום פאטער נאך געלד, אהיים צו פאהרען, איינגעשלאסען זיך אין איהר צימעריל ביז דאס געלד איז נישט אנגעקומען און איינגעגראבען זיך אין די קישענס. אין די פאר טעג אין איהר גאנץ לעבען דורכגעגאנגען פאר איהר.

זי וועט איהם אנשרייבען א בריעף, אז זי וויל זיך זעהן מיט איהם, בעשטימען איהם א נאכט. שרייבען איהם בפירוש, קיינע ליעבעס־סצענעס, נור ארויסצוהעלפען אין א נויטה. זי וועט איהם דאס געבען אנצוהערען אין א בריעף, עס איז זיך נישטא וואס צו שעהמען, ער וועט עס פערשטעהן. און פאר זיך, גאט, וואס געהט איהר יעצט אן קאוואלסקי? — זי מוז זיך העלפען פריי ווערען.

פיעל מאל האט זי אנגעהויבען שרייבען דעם בריעף און נישט געקענט געפינען די ריכטיגע פארם. זי האט איהם דאך אנגעשריבען בלינדערהייט, און ווי א פעראורטהיילטע האט זי איהם אוועקגעלעגט אויף דער פאסט. נאך דעם בריעף איז זי רוהיגער געווארען, נאך איז גאר נישט פערפאלען, עס וועט זיך אלעס איינארדנען, און קוים וועט זי פריי ווערען פון „דעם“, הויבט זיך אן דאס לעבען אויפ'ס ניי. זי איז דאך נאך אזוי יונג, דאס לעבען איז אזוי לאנג. וואס בינדט זי מיט יאש בלום? זי האט איהם קיינמאל נישט געליעבט, און וועט קיינמאל נישט ליעב האבען דאס וואס קומט ארויס פון איהם... עס איז גלייכער. מיט דעם בערוהיגטען געדאנק איז זי איינגעשלאפען. אויפגעהויבען זיך שוין נאך האלבען טאג. זי האט זיך בעדארפט טרעפען מיט איהם אין א גרויסע קאפע, פאר דער אפערא, ארום דריי א זייגער. זי איז איבערגעבליבען אין דער היים ביז נאך מיטאג כדי זי זאל נישט מיעד זיין. אנגעטהאן זיך, געמיהט זיך מיט אלע מעגליכקייטען נאך צו בעהאלטען דאס וואס האט זיך שוין נישט געלאזט בעהאלטען; עס איז נאך צייט געווען איבערצוגעהן זיך צו פוס.

פלוצים, ווי זי געהט אזוי איבער א בולוואר, ווארפט זיך איהר איהר בילד אין די אויגען. זי האט זיך דערשראקען און אבגעשטעלט זיך. עס איז געווען א גרויסער שפיגעל אין א טהיר־שויב פאר א גרויסען מאגאזין וואס האט איהר געוויזען איהר בילד. זי האט זיך דערשראקען דערפאר. כאטש זי האט אזוי גוט געקענט איהר געזיכט און בעמערקט די ענדערונג פון טאג צו טאג, נור דא האט זי זיך געזעהן אין גאנצען מיט אמאל. דאס טראגען איז שוין נישט געווען צו בעהאלטען. עס האט זיך ארויסגעוויזען פון איהר לויזען זשאקעט, און דאס געזיכט איז דורך דעם רעש'ענדרען לעבען אין די לעצטע פאר וואכען געווארען אזוי געענדערט! צוויי געלבע פלעקען האבען זיך

אויפגעהויבען און אוועק. עס איז נאכט געווארען, און עס האט זיך נעקליבען אויף רעגען, פאריז האט זיך געאיילט אין די רעסטאראנען מיטאג עסען. און צווישען די מענגע, קאוואלסקי מיט'ן מיידעל. מערי א שטיק הינטער זיי. זיי זיינען פערשוואונדען אין איינע פון די קליינע קינסטלערישע רעסטאראנען, וואס געפינען זיך אויף מאנ־פארנאס. זי האט זיך געדרעהט פאר דער טהיר, אויף דער גאס זיי אבגעווארט. עס האט נעגאסען א רעגען, זי האט נישט געוואלט אוועק — טאמער פערליערט זי זיי אויס דעם אויג. זי האט לאנג געווארט און איז דורכגענעצט געווארען אין רעגען. צום סוף זיינען זיי ארויס, זי האט מורא געהאט אז זיי זאלען נישט נעהמען קיין וואגען. צום גליק האט ער נישט גענומען קיין וואגען, ער איז נור געלאפען מיט דער מיידעל אין רעגען, און זייער לאכען האט אבגעקלונגען איבער דער גאס. זיי זיינען ווידער אריין אין א קאפע־הויז איבער־ווארטען דעם רעגען. מערי ווארט אונטער דער טהיר. צום סוף האט דאך דער רעגען אויפגעהערט און זיי האבען זיך געלאזט איבער דער גאס. מערי האט זיי געהאט אויפ'ן אויג. זיי זיינען פערשוואונדען אין א געסעל, און אריין אין א הויז, און מערי איז געוואהר געווארען זיין אדרעס.

---

## קאפיטעל 37.

א גאנצע נאכט האט מערי זיך געפייניגט: וואס זאל זי אנ־הויבען צו טהאן?

זי מוז פטור ווערען פון דעם אונגליק אין וועלכען יאש בלום האט זי אריינגעבראכט. זי מוז זיך בעפרייען, דערנאך וועט זי שוין זעהן. אין דעם וועט איהר בעהילפיג זיין קאוואלסקי. געוויס וועט ער דאס טהאן. און גאר נישט מעהר פערלאנגט זי פון איהם, זי איז נישט אייפערזיכטיג. קיינע סצענעס. זי האט איהם פריהער אויפגע־הערט צו ליעבען ווי ער זי — וואס פאר א רעכט האט זי אויף איהם? און וועגען דעם קען זי זיך מיט איהם דורכרעדען. פאר איהם איז זיך נייטא וואס צו שעהמען. ער וועט עס פערשטעהן. און געוויס וועט ער אלעס אנווענדען אין בעסטען ארדנונג. ער איז א רזשענטעלמאן.

דאמאָלט עפּעס ווי „אויף יעדען פאַל“ גוט אויפבעוואהרט דעם נאָמען פון קאפּע. יאַש אַליין איז נישט אהין אריין, ער האָט מורא געהאַט צו טרעפען זיך מיט בעקאַנטע. זי האָט זיך יעצט דערמאָהנט אָן דעם אָרט, און איז יעדען פאַרנאַכט דאָרט אהין, פערביישפּאַצירט די גאַס. זי האָט פון גאָר נישט געקלערט, גאָר נישט געהאָפט צו געפינען, נור זי האָט דאָרט יעדע פאַרנאַכט אהין שפּאַצירט, ווייל דאָס אָרט איז איהר מעהר נאָהנט געווען ווי יעדעס אנדערע. אַמאָל, אין אַ פאַרנאַכט, ווען זי איז דורך די קאַפּע, איז איהר אין די אויגען געפאַלען אַ בעקאַנט געזיכט. זי האָט זיך צום ערשט נישט פערוואונדערט, אזוי ווי עס וואָלט געווען אַ נאַטירליכע זאַך. זי האָט זיך דאָך באַלד אָבגעשטעלט פאַר הארץ־קלאַפּונג. אין אַן עק פון קאַפּע האָט זי בעמערקט קאָוואַלסקי׳ן. ער זיצט ארומגערינגעלט מיט אַ גאַנצע חברה בעקאַנטע און פיהרט אָן זעהר אַ לעבעדיג געשפּרעך. זי האָט געקוקט אויף זיין געזיכט, די מינע זיינע איז דאָך איהר אזוי בעקאַנט געווען. דאכט זיך ווי זי וואָלט איהם ערשט פערלאָזט און דאַרף נור אהין געהן צו איהם. ער האָט זיך דאָך גאָר ניט געענדערט — האָט זי מיט אַ קלאַפּענדען הארץ צו זיך געזאָגט, ווי ער וואָלט ערשט פון פּעטערבורג דאָ אהער געקומען. ראזירט, אויסגעפּראַנטעוועט, און פערקרימט די אויבערשטע ליפּ, לאַכענדיג. נעבען איהם האָט זי אָבער גאַנץ גוט בעמערקט באַלד דאָס מיידעל. זי האָט געפיהלט אז דאָס איז יעצט קאָוואַלסקי׳ס געליעבטע. פון ערשטען אויגענבליק האָט זי מעהר געקוקט אויפ׳ן מיידעל ווי אויף איהם. זי האָט זי גוט דורכגעשטודירט. דאָס מיידעל איז געווען יונג און שעהן, מיט שוואַרצע טרויעריגע אויגען און אַ איידעלע קיהן. זי האָט זיך געזעהן אין דער מיידעל, ווען זי איז אַמאָל מיט איהם אזוי געזעסען אין פּעטערבורג. זי האָט דערקענט אין זיין מינע און זיין לאַכען, אז ער איז פערליעבט און גליקליך. און ווען ער האָט געקוקט אויפ׳ן מיידעל און ווען ער האָט גערעדט צו איהר — האָט זי דערקענט יענעם פערלעגענעם שמייכעלע אין זיינע ליפּען פון דאמאָלט ווען ער האָט גערעדט צו איהר. זי האָט זיך ווי געוואָלט פיינינגען, האָט זי זיך אויסגעקליבען אַ בעהאַלטען אָרט הינטער אַ טהיר פון אַ געוועלב און האָט פון דאָרט בעטראַכט די גאַנצע צייט. לאַנג איז זי געשטאַנען, זי האָט נישט געוואָלט פריהער אוועקגעהן ביז זי וועט נישט געוואהר ווערען זיין אדרעס. צום סוף האָבען זיי זיך

איז טויט. אָדער זי וואָלט אונרוהיג געווען, אָדער קיינס פון די זאכען איז נישט געשעהן. די זונן האָט געשיינט ווייטער יעדען טאָג, און ביי־נאַכט איז פינסטער געווען, ער איז געווים נישט טויט, איבער איהם האָט זי נישט וואָס צו קלערען. צו קלערען האָט זי איבער זיך. בע־שטימט האָט זי געהאַט, אויסצורייסען פון זיך אַלע סענטימענטען און אַן ענדע צו מאַכען פון דעם וואָס האָט זי געבראַכט אין דער לאַגע. זי איז נישט צו דעם דאָ, כדי אָבצוהיטען עפּעס יענעס'ס אָנדענקען...

— און אַלס אַזעלכע, נור אָבצוהיטען זיין אנדענקען האָט ער זי בע־טראַכט. דאָס האָט זי בפירוש ארויסגעזעהן פון זיין פיהרען זיך מיט איהר און פון זיינע לעצטע ווערטער, און טאַקע דערפאַר, וואָס ער האָט זי געוואָלט צו דעם בעשטימען — האָט זי זיך געוואָלט פון דעם בע־פרייען. די ערשטע זאַך מוז זי פון דעם לויז ווערען. נישט אויס נקמה, נור פאַר זיך. פאַר זיך. וואו וועט זי זיך דערמיט אהין טהאָן?

זי האָט אָנגעהויבען צו קלערען וועגען אַ דאָקטאָר. קיינע בע־קאַנטע האָט זי נישט געהאַט מיט וועמען זיך מישב צו זיין, און די וועלכע זיינען יאָ געווען וואָלט זי נישט געוואָלט מיט זיי איבער דעם רעדען — האָט זי געוואַרט אויף אַ נס. דערווייל, איז וואָס אַ טאָג שפּעטער געוואָרען, און דאָס געלד האָט זיך אויך אויסגעלאָזט.

עס האָט שוין געהאַלטען דערביי, אַז זי האָט אַלעס וואָס עס איז נור געווען צו פערזעטצען, פערזעטצט. געבליבען זיינען נור קליידער און וועש, מיט וועלכע זי האָט זיך נישט געקענט שיידען, און אפילו אויב יאָ — וואָלט זי אויך אין פאַריז נישט געפונען קיין קונה. אהיים פאָהרען צום טאַטען אין אַזאַ הולך? זי האָט נישט מורא געהאַט פאַר'ן געוואַלד וואָס וועט ווערען, פאַר דער שאַנד פון דער שטאָדט און פאַר'ן צער פון טאַטע־מאַמע, נור זי האָט זיך דערמאַהנט אַן דעם רחמנות וואָס זי וועט ערוועקען צו זיך.

קיינמאָל, קיינמאָל נישט. שטאַרבען אין די גאַסען, און נישט דאָס.

זי האָט נור געדענקט וואָס יאַש האָט דאַמאָלט געזאָגט אין קאַ־באַרעט אַז ער האָט געזעהן קאָוואַלסקי'ן. זי איז געווען זיכער אַז יאַש האָט זי אָבגענאַרט, גערייצט זיך, דאָך האָט זי דאָס געהאַלטען פאַר אַ שטיקעל האָפנונג, אפשר יאָ.

יאַש האָט זי [illegible] געפּ[illegible]רט אויף מאַנפּאַרנאַס, און האָט איהר אָנגעוויזען אַ [illegible] [illegible]. זי האָט

און דער יונג ליגט נאך צו איהרע פיס און בעט זיך:

— מערי, מערי, זאג מיר צו, דו וועסט נישט מעהר וויסען פון מיר. אזוי ווי איך געה ארויס פון דער טהיר קום איך נישט מעהר צוריק. מיר וועט זיין לייכטער ארויסצוגעהן פון דאנען און וויסען, אז עס בלייבט עפעס איבער נאך מיר, מערי! איך מוז אוועק, נאך היינטיגע נאכט אוועק, איך קען נישט מעהר, זאג צו — —'— — — — — — — — —

נאך אין דער נאכט איז דער יונג פערשוואונדען און זי האט אפילו נישט געוואוסט ווען ער איז אוועק.. זי איז געפאלען א מיעדע און איז איינגעשלאפען. אויפגעהויבען זיך, האט זי איהם מעהר שוין ניט געטראפען.

---

## קאפיטעל 36.

נאך א פאר טעג איז זי אין האטעל געבליבען. זי האט געווארט אפשר וועט זי הערען פון איהם. זי האט גאר נישט מעהר געהערט. פון האטעל האט זי געמוזט ארויס. עס האט געקאסט טייער, און נאך די לעצטע רעכנונג איז איהר איבערגעבליבען ווענינ געלד. זי האט אנגעהויבען צו קלערען וואס ווייטער צו טהאן. זי האט נישט געזעהן קיין אויסגאנג פון דער לאגע. אין פאריז צו זיטצען האט נישט קיין טעם. צו וואס? און זי ווערט אויפפאלענד. א פרוי אליין, שוואנגערנדיג (מען האט שוין אנגעהויבען צו בעמערקען, כאטש ווי־פיעל זי האט נישט געפרואווט צו בעהאלטען...) אבער וואו אהין?

זי האט זיך איבערגעצויגען אין א קלענערען און א ביליגער'ן האטעל אויף דער זעלבער גאס. גאנצע טעג איז זי געלעגען אויפ'ן בעט, פערשלאסען די טהיר און אויפגעציטערט ביי יעדען טריט וואס האט זיך געהערט הינטער די טהיר. עס האט זיך איהר אלץ געדאכט, אז מען קומט נאך איהר, און מען וועט זי מיטנעהמען דארט וואו יאש בלום איז יעצט.

— און וואו איז ער יעצט? איז ער טויט? איהר האט זיך גע־דאכט, אז ער איז נישט געשטארבען. וואלט ער געווען טויט — וואלט דאך עפעס געמוזט געשעהן, אפשר וואלט מען געקומען אנזאגען, אז עה

— וועל איך אן אנדער מיטעל געפינען, וועל איך איבער די טרעפ שפרינגען. עס זיינען דא פיעל מיטלען. איבריגענס בין איך שוין ביי א דאקטאר געוועזן.

— מערי וואס רעדסטו, וועסט עס נישט טהאן!

— געוויס וועל איך עס טהאן. מיין נישט, אז עס איז מיר לייכט מיט דעם. איך וויל פון דעם פטור ווערען.

זיי זיינען צוריק אין צימער אריינגעקומען.

עס איז געווען פינסטער, נור פון דרויסען האט זיך געזעהן א שיין פון א גאס־לאמטערנע, וואס האט בעלויכטען זייער צימער. זיי האַבען קיין ליכט נישט אנגעצונדען. דער יונג האט פלינק צוגעשלאסען די טהיר הינטער זיך, אוועקגעזעצט זיך אין דער פינסטער און געשוויגען.

פלוצלינג איז דער יונג געפאלען צו איהרע פיס, ער האט זי ביי די פיס ארומגענומען און געבעטען זיך:

— מערי דו וועסט עס נישט טהאן, שווער מיר אז דו וועסט עס נישט טהאן. איך וויים אז דו האסט מיך נישט ליעב געהאט, האסט אין דיין לעבען עפעס אנדערש, איך האב גארנישט אין מיין לעבען מעהר, איך מוז שטארבען. איך וויל שטארבען, איך קען נישט לעבען אין שאנד. איך וויים נישט אויב איך וועל קענען שטארבען. איך האב קיין כח נישט מעהר, דו האסט מיר דעם כח אבגענומען. איך וועל אפשר אין דער ווייטער וועלט געהן און לעבען אונטער א פרעמדען נאמען, וועסט קיינמאל נישט הערען פון מיר, נור זאג מיר צו, אז דאס, דאס, די שפור פון מיר וועט איבערבלייבען, אז דו וועסט עס נישט פערניכטען, זאג מיר צו — איך בין אזוי יונג, נאך אזוי יונג און מוז אוועק און איך וויל אז עס זאל עפעס פון מיר אויף דער וועלט איבער־בלייבען, איך וועל מעהר כוח האבען דענסמאל צו שטארבען אז איך וועל וויסען אז עפעס וועט נאך מיר בלייבען, אז מיין לעבען איז נישט אהן א שפור אדורך — זאג מיר צו, שווער מיר צו, אז דו וועסט עס דערהאלטען.

זי איז געזעסען ווי פערגליווערט, און געשוויגען. אין דער מינוט האט זי ווירקליך פיינד געהאט דאס וואס שטעהט איהר פאר. און איז ביי זיך זיכער געווען אז זי וועט אבווישען יעדען שפור וואס קומט ארויס פון דעם פאטער דא...

איינציגע וואָס ער פערמאָגט איצט, איז דאָס קינד, וואָס שטעהט איהר פאָר. דאָס האט ער ליב מעהר פון זיין לעבען, מעהר פון זיין שאנד, און מיט דעם האט זי איהם אין דער האנד און קען מאכען מיט איהם, וואס זי וויל. און אהנע צו רעדען א ווארט, איז זי ארויס פון בעט:

— איך דאנק דיר, וואס דו ביזט געקומען נאך מיר, מיר איז שוין אויך געוואָרען לאנגווייליג צו בלייבען אין דער היים, אָט בין איך באלד אנגעטהאן. נור דו מוזט מיך היינט לאָזען טאנצען — האט זי ארונטערגעווארפען איהר קאָפּ צו איהם — דו הערסט, נישט ווי דעמאלסט.

זי האט זיך פלינק אנגעטהאן. דער יונג האט געשוויגען, געווען פערקלערט. זי איז פלינק אראָפּ פון די טרעפּ. דער יונג איז אבער באלד איהר נאָכגעלאָפען, האָט זי איינגעהאלטען, געקוקט איהר אין די אויגען אריין און געפרעגט:

— מערי, וואס טהוסט דו?

זי האָט איהם גלייך אנטקעגען געקוקט און געענטפערט:

— איך וויים, וואס דו מיינסט, נור דענק נישט, אז איך וויל האבען דאס קינד, איך וויל עס אויך נישט, אויך נישט האבען.

— וואָס ווילסטו טהאָן?

— איך וויל אזוי לאנג טאנצען, טאנצען ביז איך וועל קראַנק ווערען.

ער האט זי פעסט ביי דער האנד אנגענומען:

— דו וועסט עס נישט טהאן.

— געוויס וועל איך עס טהאן, דו ווילסט דאך אויך, אז איך זאל עס טהאן.

— ניין, איך וויל עס נישט — האָט דער יונג אויסגעשריען.

דער פערשלאפענער פארטיער האט געקוקט אויף איהם פערוואונדערט.

— איך וויל עס נישט, מערי!

— וויל איך עס טהאָן, וועסט מיר נישט איינהאלטען.

— איך וועל דיך נישט לאָזען טאנצען. קום מיט מיר ארויף, די מינוט ארויף. און ער האָט זי ווי א פויגעל געכאפּט און געשלעפּט זי אויף די טרעפּ.

— און דאס געלד?

— דאס געלד, דאס געלד — איך האט געטהאן דאס וואס איך האב געפונען פאר נויטיג.

יאש, וואס רעדסטו!

דער יונג האט שטיל געשוויגען.

= ביז די זאך וועט ווערען קלאר, קען איך מיט דיר נישט פער־קעהרען. דו פערשטעהסט... זיי מוחל. און ער איז אוועק פון איהם.

דער יונג איז געבליבען אליין. לאנג האט ער זיך ארומגעדרעהט אויף די בולווארען. ער איז אוועק מיט'ן שטראם מענשען און איז אנגעקומען אויף מאנמארט. ער איז דארט אריין אין דער קליינער קאפע־שאנטאן. עס איז געווען זעהר ליכטיג, דער עולם איז ארום גע־זעסען, געטרונקען שאמפאניער, און צוגעזעהן זיך צו די אויסגעלאסענע טענץ. ער האט זיך אויך אוועקגעזעצט ביי א טישעל און געהייסען זיך דערלאנגען שאמפאניער. באלד איז נעבען איהם אויסגעוואקסען א מיידעל, האט זיך נעבען איהם אוועקגעזעצט. ער האט זי צוערשט ניט בעמערקט, זי האט זיך אונטערגעג'גנב'עט הינטער איהם, געקוקט איהם אין פנים אריין און געפרעגט אויף מערי'ן... ער האט זי אב־געשטויסען פון זיך, בעצאהלט, גענומען א וואגען און איז אהיים גע־פאהרען.

מערי איז געשלאפען. ער האט זי אויפגעוועקט פון דעם שלאף מיט זיין רעש'דיגען אריינקומען. מערי האט זיך ארומגעקוקט פער־וואונדערט און דערשראקען. דער יונג זאגט צו איהר:

— מערי, טהו דיך אן, קום, מיר וועלען פאהרען אויף מאנמארט.

מערי פערשטעהט נאך ניט גוט זיינע ווערטער.

= מערי, קום מיט מיר, איך וויל מיט דיר געהן צו דער „בלויער מויז“, דארט וואו מיר זיינען געווען, דו ווייסט שוין וואו. איך וויל, אז דו זאלסט טאנצען היינט מיט דער מיידעל, א סך טאנצען. מערי, קום! וואס שלאפסטו, אין פאריז שלאפסטו?

זי האט פערשטאנען זיין גאנצען מיין און איז בערייט געווען מלחמה צו האלטען מיט אלע מיטלען. זי האט זיך נאך געהאלטען אין איבערלעגען, וואס פאר א טאקטיק זי זאל אנפיהרען מיט דעם יונג. זי האט זיך געריכט דערויף, אז ער וועט איהר דאס פארלעגען. זי האט גאנץ גוט געוואוסט, אז דער יונג קעמפפט מיט זיך, אז דאס

נישט איז ביז יעצט געוועזען זיין אייגענס. אַלעס איז געוועזען פרעמדעס אַנדערעס, בשותפות'דיגעס, — נור דאָס איז זיין אייגענס.

נור אַזוי לאַנג ווי דאָס איז — וועט ער גאָר נישט קענען טהאָן, עס וועט איהם נישט לאָזען, מען דאַרף מאַכען אַן ענד פון דעם, דורכ־אויס, ער האָט זיך אַליין דערשראָקען פאַר די ווערטער. ליעבער פון דער וועלט אַן ענד, איידער פון דעם.

ער האָט זיך דעם טאָג אַ גאַנצען טאָג אַרומגעדרעהט אויף די בולוואַרען, ער האָט נישט געוואָלט זעהן מערי'ן. פאַרנאַכט איז ער אַוועק אויף סט. מישעל, אין דעם קוואַרטאַל פון די סטודענטען. ביי אַ טישעל פאַר אַ קאַפע האָט ער דערזעהן קאָלעגען פון דערהיים, ער האָט דערזעהן צווישען זיי דעם ראַבין, און פּלוצים האָט ער דערזעהן דעם שוועסטער'ס חתן, סטאַף. דאָס פּלוצליכע ערשיינען פון סטאַף אין פּאַריז האָט איהם אַן אַלין געמאַכט פערגעסען. ער איז צוגעגאַנגען צו די חברים און געזאָגט אַ הויכען „גוט אבענד" און אַרויפגעלעגט די הענד אויף סטאַף'ס אַקסלען. די חברים האָבען זיך אומגעקוקט און דערזעהן יאַש'ן, זיינען זיי פּלוצים שטיל געוואָרען, אַוועקגעבויגען די קעפּ און זיך געמאַכט ווי זיי וואָלטען איהם נישט בעמערקט. עס איז געווען אַ פּיינליכע מינוט. סטאַף האָט זיך אויפגעהויבען און מיט־גערופען יאַש'ן, און זיינען ביידע אַוועקגעגאַנגען אויפ'ן בולוואַר.

— ווי קומסט דו פּלוצים דאָ אַהער? איז מאַטילדע אויך דאָ? סטאַף האָט איהם נישט אָבגעענטפערט, מען האָט געהערט ווי זיין האַרץ קלאַפּט. ענדליך האָט ער געזאָגט:

— יאַש, דו ווייסט וואָס מען רעדט אויף דיר?

— איך ווייס, איך ווייס, וואָס זיי האָבען געשריבען אין „טשער־וואַני שטאַנדאַרד", אַז איך האָב פערשוועמדעט פּאַרטיי־געלדר, אַז איך בין אַ פּחדן, אַז איך בין אַ פעררעטהער, אַ פּראָוואָקאַטאָר, וואָס דו ווילסט! — האָט יאַש געזאָגט אין אַ געמאַכטען שמייכעל.

— יאַש, דאָ איז נישטאָ פון וואָס צו לאַכען. וואָס האָסטו בעשטימט צו טהאָן?

— גאַרנישט.

— און קלערסטו אַזוי ווייטער צו לעבען מיט דער שאַנד?

— אַז זיי ווילען זאָלען זיי בעשטימען אַ משפּט, איך וועל זיי אויפ־ווייזען, אַז איך האָב נישט געקענט אַנדערש.

זיך געמוזט לייגען אויף א פאר טעג אין בעט אריין. יאש בלום איז געווארען אונגערולדיג—ער האט זיך אליין ארומגעדרעהט אויף די בול־ווארען און האט באלד בעמערקט, אז דאס פאריזער שכרות פון וועלכער ער האט זיך די ערשטע צייט אננגע־שיכור'ט איז אויף שוין דורך. ער ווערט ניכטער, די לאגע שטעהט איהם פאר די אויגען, און וואס ווייטער... וועט ער טאקע ווארטען ביז צום סוף, ביז דאס גאנצע געלד וועט זיך האבען געענדיגט, — און ער וועט געהן ווי א גנב צו דער תליה? מען וועט איהם שלעפען. אדער, אפשר איז גלייכער ניט צו־ווארטען אויפ'ן תליון, נור ווי א מאן, אליין אן ענדע צו מאכען פון דעם לעבען. וועט ער אויך דא זיך אבשלעפען ווי דארט אין "פרידענהיים", און ווייטער און ווייטער לעבען אין שאנד, אלס פערדעטהער און פחדן, ניט קענען זיך ווייזען פאר די חברים און דער משפחה, די שוועסטער זאלען זיך שעהמען מיט איהם? ער, יאש, פון די בלומ'ס, לעבען אלס פחדן, אלס פערדעטהער? ווי נידעריג איז ער געפאלען, ניין. עס וועט נישט זיין. דאס, ווייס ער, וועט נישט זיין. אבער נישט ווארטען אויפ'ן תליון, נישט ווארטען אויף די לעצטע מינוט, ניין, מען דארף אוועק־געהן — ווען דער טיש איז נאך ניט געגרייט און דאס ווייך אין גלאז. מען דארף אוועקגעהן מיט פרייד, ווי א מאן, ווי יאש בלום דארף אוועק־געהן.

אבער טיעף אין הארץ האט ער געפיהלט, אז דאס זיינען אלץ ווערטער. אזוי ווי דארט אין „פרידענהיים", אזוי אויך דא נארט ער זיך אב. דאס לעבען נארט איהם אין לעבען אריין. ער פיהלט אין הארץ גאנץ גוט, אז אין אמת'ן האט ער פערדרוס געהאט וואס מערי פאהרט מיט איהם און לעבט מיט איהם מיט דאס רוישענדע לעבען, אז אין הארץ האט ער מורא, אז עס זאל „איהם" נישט שאדען; אז ער טהוט נאר דאס, כדי זיך פאר „איהם" צו פערענטפערען, אבער אין אמת'ן נארט ער „יענעם" אב. ער לאזט ניט מערי'ן מאכען קיין שווערע בעוועגונגען. ער האט זי נישט געלאזט טאנצען מיט'ן מיידעל אין דער „בלאער מויז", ווייל ער האט מורא געהאט, אז עס זאל „איהם" ניט שאדען... און דאס האט ער זי אליין אנגערעדט, אז זי זאל זיך לע־גען אויף א פאר טעג אין בעט אריין, דאס אללעס האט ער געטהאן, כדי עס זאל נישט שאדען דאס וואס שטעהט פאר... ער ליעבט דאס וואס עס עס שטעהט פאר, ווייל עס איז זיינס... זיין אייגענס... נאר

פון דעם אלעם האָט געטריפט דער טויה, און עס איז געזונד געווען און פריש ווי די מוטער ערד האָט דאס ארויסגעגעבן. עס האָט געיאָגט פון דעם גרינוואַרג א פרישער הויך פון דער ערד און האָט זיי אבגעטובל'ט פון די צוהיצטע לייבער, פון שאַמפּאַניער געראויש און שטיקענדע תאוה־לופט מיט וועלכע זיי האָבען זיך אַרומגעטראָגען א גאַנצע נאַכט אין די קאַפע שאַנטאַנען. באלד זיינען זיי אריין אין די אלעען פון בלומען. אויף דער ערד זיינען געלעגען ווי מאַסען קליינע קינדער אין ווייסע און רויטע העמדלאך אנגעטהאָן — רויטע רויזען און ווייסע רויזען. געפּרעסט האָט זיך איין רויז צו דער צווייטער און געקושט זיך מיט זייערע זיידענע קאַלטע לייבלעך וועלכע זיינען נאַס געווען פון טויה... גאַנצע אַלעען האָט זיך געצויגען די רויטע, ווייסע רויזען־וועלט. קערענדיג זיינען געווען די לייבלעך פון די רויזען־קינדער; איינס האָרט געוויקעלט צום צווייטען האָט דאס געגעבען פון זיך דעם געזונדען קינדישען רויזען־געשמאַק. זיי זיינען אריין אין די אלעע פון די ווייסע מאַרגאַריטקעס וואָס האָט אויסגעזעהן אין דער קופּע ווי אַן אַלעע פון קינדישע אויגען. אַן אַלעע פיילכען וואָס האָבען געציטערט פאַר פרישקייט, און מורא געהאַט מ'זאָל זיך נישט צו זיי צו ריהרען. א גאַס פון געלע פעלד־בלומעלאַך וועלכע האָבען אויסגעזעהן ווי קינדישע הענטלעך האָבען זיי געפּליקט — און א גאַס פון ווייס בלאָע וואַסער־ליליען, וואָס האָבען אין זיך נאָך געהאַט דאָס געהיימנים פון וואַסער, פון וועלכע מען האָט זיי ארויסגעריסען. געלע נאַלד אייגעלעך האָבען זיך אויסגעמישט אינאיינעם מיט „משה רביינו'ס שיכעלאך". און פון די פעלדער מיט גרינס און קווייטען האָט געיאָגט דער אָטהעם פון זונן און ערד, און אין דעם אָטהעם האָבען זיך יאַש און מערי גע־טובל'ט, געריייניגט, אויסגעבאָדען זייערע לייבער און זייערע נשמות פון קאַבאַרעטען־לופט און פון שוויים פון צוהיצטע קערפּער...

יאַש האָט אנגעקויפט פולע הענד מיט רויזען און פרישע פיילכען. מערי האָט איינגענורעט איהר פּנים צווישען די ווייכע קאַלטע פיילכען־לייבלאך, און אין זייער קילהייט אבגעוואַשען די קושען פון דער מיידעל אין קאַבאַרעט...

מערי איז באלד מיער געוואָרען פון דעם רוישענדען לעבען און האָט

## קאפיטעל 35.

יאש און מערי זיינען ארוים פון קאפע־שאנטאן.

אין דרויסען האט געבלאזען א פרישער מארגען־ווינד, וועלכער האט זיי ארומגענומען און אויסגעוויעעט און אויסגעבאדען אלע זייערע גליעדער אין חלום פון שכרות. פאריז איז געווען איינגעהילט אין א פערשלייערטען רויט־פיאלעטיגען הויך, וואס האט ווי א פערשלייערטער שאל געוויעעט איבער'ן הימעל. אלעס איז געווען צוגאסען אין דעם שלייער. עס האט זיך געדאכט, אז די הייזער, די לאנגע טונקעלע גאס וואס ציהט זיך, די גאס־לאמטערנעס, וואס הויבען אן זיך אויס־צובלייכען אין דעם מארגען־גרוי, זיינען אלע ניט אויף דער וואהר, נור ווי אילוזיאנען און אלעס איז געמאכט אוים וואלקען — און צו־לאזען זיך און געהען אויף און מישען זיך אוים מיט דעם רויט־פיא־לעטענדיגען. די ביימער האבען זיך ווי געוויגט, און אלעס, די הייזער, די גאס, די לאמטערנעס און די דראזשקעס מיט די פערד וואס זיינען געשטאנען אויף דער גאס, האט זיך געדאכט הויבען אן צוריקצוקומען פון אן אנדער וועלט, פון דער נאכט, אין אונזער וועלט אריין. זיי האבעןביידע געשוויגען, און מורא געהאט יעצט צו זיין אליין — און דאך געוואלט זיין אליין. זיי האבען זיך אויפגעזעצט אויף א איין־שפאנער, און אנשטאט אהיים צו פאהרען האט יאש געהייסען דעם קוטשער פאהרען אין די „האלען" וואו מען ברענגט אריינצופיהרען פון די אומגעבונג פון פאריז גרינווארג און בלומען פאר פאריז. אויפ'ן וועג האבען זיי אנגעטראפען גאנצע בוידען מיט גרינווארג. א וואגען מיט פרישע רויטע מערען, א גאנצער וואגען מיט רעטעכער, מיט גרינעם סאלאט, אדער רויטע רויזען. דאס גרינווארג איז אזוי פריש געווען ווי די נאכט פון וועלכע די וועגען פאהרען אוים, — און עס האט זיי א גרוס אבגעגעבען פון אן אנדער וועלט. זיי זיינען פער־טרונקען געווארען צווישען גרינווארג. זיי זיינען געגאנגען צווישען אלעען רויטע מערען, ציבעלעס, רעטעכער, סאלאטען, גרינע ארבעס שויטען. איין וואנד איז געשטאנען מיט טאמאטען וואס האט אויס־געזעהן ווי א רויטע זונען־וואנד; פון דער צווייטער זייט איז גע־שטאנען א וואנד מיט גרינע יונגע ראש־חודש רעטעכלאך.

מערי האט דרייסט און ארויספאדערענדיג געקוקט אויף יאש'ן, און האט יעצט אליין שוין ארומגענומען דאס מיידעל, צוגערריקט זיך צו איהר און זי לאנג געקושט.

— קום טאנצען, מיין פריינדין, — האט מערי אנגענומען דאס אונבעקאנטע מיידעל ביי דער האנד, און אין א פאר אויגענבליקען זיינען זיי שוין פערשוואונדען צווישען דעם טאנצענדיגען עולם, און שטארק זיך געשמיעדט איינס צום צווייטען, און טיעף זיך אין די אויגען געקוקט.

יאש איז געזעסען ביי זיין טישעל, פערלעגט איין פוס אויפן צווייטען און איז זיי נאכגעלאפען מיט זיינע בליקען. א פייערדיגע ראנד האט געברענט זיין קאפ, עס האט איהם געשווינדעלט פאר זיינע אויגען, אלעס האט זיך ביי איהם אויסגעמישט: דער זאל, דאס ליכט און די פארלאך. ער האט געמיינט, אז עס איז א גיהנום, אלעס פאלט אראפ אין א פייערדיגע גרוב, און מיט אלע פאלען זיי אויך מיט, ער און מערי.

נור פלוצים האט ער זיך אויפגעהויבען, איז צוגעגאנגען צו דעם פארעל, און אנגענומען מערי'ן ביי א האנד:

— קום אהיים.

— איך וויל נישט אהיים געהן, דא וויל איך זיין מיט דער מיידעל.

— מערי, קום אהיים, געדענק אן גאט, ה' אס טהוסטו.

זי האט איהם געלאכט אין פנים אריין, און ווי טריאומפירענד געזאגט:

— יאש, וואס טהוט זיך מיט דיר?

ער האט זי פעסט ביי דער האנד אנגענומען און מיט גוואלד פון דער מיידעל אוועקגענומען.

מערי האט נאך דעם קאפ ארונטערגעווארפען און בעהאפטען זיך מיט דער מיידעל מיט די בליקען.

ער האט זי ארויסגעטראגען פון זאל.

איך ווייס נישט, האט מערי געזאגט גלייכגילטיג און געווארפען גנב'שערהייד א בליק אויפ'ן מיידעל, — וועלכע איז אלץ געשטאנען אין ווינקעל.

— קאוואלסקי'ן! — האט דער יונג אויסגעשריען, ווי ער וואלט געוואלט עפעס נקמה נעהמען.

מערי האט אויפגעציטערט, זי האט זיך אבער באלד בערוהיגט. זי האט ניט געוואוסט, צו זי זאל דעם יונג גלויבען אדער ניט. צו זאגט ער דאס כדי זי אויפצורעגען. אדער דערצעהלט ער איהר יעצט דעם אמת, ווייל ער איז אין אזא שטימונג.

— האסט מיט איהם גערעדט? — פרעגט זי גלייכגילטיג.

— ניין, ער איז געגאנגען מיט א דאמע, האב איך זיי ניט געוואלט שטערן.

זי האט צו איהם ארויפגעקוקט פון די גנב'ישע אויגען, ווי זי וואלט וועלען זאגען: דיך פערדריסט וואס איך קוק אויפ'ן מיידעל, און האט ערשט רעכט אנגעהויבען צו קוקען אויף דער מיידעל, און זיי האבען זיך דורכגעשמייכעלט זיך מיט די בליקען.

— זאל איך'זי צורופען? — פרעגט יאש מערי'ן.

— יא.

באלד איז זי צוגעקומען. ווי א יונגער העלד איז זי פערשעהמט, שמייכלענדיג מיט שטארקע נור שטילע טריט צוגעקומען צום טישעל. מערי האט זיך פערשעהמט, דאס הארץ האט ביי איהר געקלאפט. דאס זעלבע אויך ביים מיידעל, דאס מיידעל האט זיך אוועקגעזעצט נעבען מערי'ן, יאש האט איהר אנגעגאסען שאמפאניער. זיי האבען געשוויגען.

— וואס שווייגסטו, מערי, קוש זי, זעה וואס פאר א שעהנע ליפען זי האט, — זאגט דער יונג צו מערי'ן.

מערי האט איהם, רויט ווערענדיג, בייז אנגעקוקט. זי האט איהם ווי געדראהט מיט איהר בליק. פלוצים האט זי זיך אומגעווענדעט צום מיידעל און האט זי אנגענומען ביי דער האנד און פריינדליך איהר געשמייכעלט אין פנים אריין.

דאס מיידעל האט זי שטארק ארומגענומען מיט איהרע פרישע יונגע הענד, און לאנג און טיעף געקושט איהר אין מויל אריין.

געקריגען. מענער האבען געזעהן ווי פרעמדע קושען און האלזען זייערע פרויען, זייערע געליעבטע און האבען גוטיג צוגעשמייכעלט... טהייל האבען אליין זייערע פרויען געווארפען אין פרעמדע ארעמס אין דער פערפיהרערישער שטימונג, אין דער פער־שיכור׳טער ליכט וועו עס מישט זיך אויס דער גרויער מארגען־שיין וואס קוקט אריין דורך די פענסטער מיט דער עלעקטרישער בעלייכטונג — אין די קאפע־שאנ־טאנען...

יאש האט זיין ווייב ארומגעשלעפט א גאנצע נאכט פון איין שאנטאן אין דער צווייטער. און ארום פיער פארטאג, אין דער בין־השמשות׳ער שטימונג האט ער זי אריינגעבראכט אין דערי „בלאער מויז“. זיי זיינען אויך געווען ווי דער אנדער עולם שיכור און מיעד פון די פיעלע אויפרעגענדע איינדריקען וואס זיי האבען געהאט דורך דער גאנצער נאכט אויף מאנמאטר. זיי האבען זיך בעהאלטען אין א ווינקעלע און געהייסען ברייגגען שאמפאניער. לאנגזאם געטרונקען, געשוויגען און צוגעקוקט זיך צו די טאנצענדע מיידלאך.

זיי האבען ביידע געקוקט אויף א מיידעל וואס האט זיך אליין ארומגעדרעהט צווישען עולם און געזוכט מיט די אויגען א ריכטיגע פארטנערין. דאס מיידעל איז געווען נאך גאר א יונגע, מיט א פריש קינדיש געזיכט, נור אויגען טיעף איינגעגראבענע אונטער די ברעמען, וועלכע האבען פון דארט ארויסגעקוקט פערשארט און שיכור. אויף איהר נאקעט לייב האט זי געהאט ארויפגעגאסען א שמאל ענג קלייד אוים קליינע שווארצע קרעלען, וועלכעס איז איהר ניט צוגעגאנגען און דורך דעם שפאלט האט זיך ארויסגעוויזען איהר ברוין־בראנזענדיגער קערפער, וועלכער איז געווען אזוי פריש, און אזוי קאכעדיג, ווי זי וואלט ערשט ארויס פון די שוימענדע וועלען פון ים. זי האט שוין לענגם געקוקט אויף מערי׳ן, פערשעמט, בעהאלטענערהייד, ווי א אונ־שולדיגער בחור קוקט אויף זיין כלה. מערי האט דאס בעמערקט, און איז רויט און בלאס געווארען.

דער יונג האט דאס אויך גוט בעמערקט, און ער איז בלייך געווען און געשוויגען. פלוצים רופט ער זיך אב צו מערי׳ן:

ווייסט וועמען איך האב היינט געטראפען?

ווייט אוועק איבער די פעלדער און. ווערען אלע פערשוואונדען אין דער טריאומף־ארקע, וואס שטעהט אויפ'ן פלאץ פון דער „גראנד־ ארמעע". און דורך דער ארקע שיט זיך דורך די זונן, וואס קומט פון וואלד און בעגיסט די פאהרענדיגע אויטאמאבילען און די פוסגעהר מיט א רעגען־ליכט, וואס צושיט זיך ווי א נעטץ איבער זייערע קעפ... און אלע לויפען און יאגען און ווערען פערפאלען אין די נעטץ, וואס ווערען פערשפרייט דארט אין עק — הינטער נאפאלעאנ'ס ארקע. און זיי, יאש און מערי זיינען אויך מיט זיי...

דער קאפע־שאנטאן, די „בלויע מויז" אויף מאנמארט איז געווען בעגאסען מיט צעבערס עלעקטרישע ליכט און מען האט ארויסגעזעהן יעדעס ווינקעלע. ארום די טישלעך זיינען געזעסען מענער, אלטע און יונגע און האבען געהאלטען אין איין שפיעלען לוסטיגע, אויסגע־ לאסענע נגונים, און האלב־נאקעטע מיידלאך האבען געטאנצט צווישען די טישלאך. דער עולם איז געזעסען טיעף בעהאלטען אין די ווינ־ קעלאך, שכור פון שאמפאניער און אויפרעגענדע מוזיק, און זיך צו־ געקוקט ווי די מיידלעך מאכען די אויפרעגענדסטע בעוועגונגען. בילדען די אויסגעלאסענסטע פיגור־בילדער אין זייערע טענץ... עס האבען געטאנצט נאך גאנץ אונענטוויקעלטע קינדער מיט שמאלע ביינערדיגע לייבער עהנליך צו אינגלאך. זיי האבען זיך געהאלטען ארומגענומען און געקושט זיך און געטרונקען פון איין גלאז... אין זאל איז געווען ווארים פון די צוהיצטע, שוויצענדע לייבער, פון די אויפרעגענדע טענץ, פון דעם גיסענדיגען שאמפאניער און מוזיק... וואס אמאל האבען די טאנצענדע פארלעך מעהר אריינגעצויגען דעם עולם אין זייערע טענץ. און ארום פיער פארטאג, ווען עס האט שוין אנגעהויבען צו גרויען פון פענסטער, און די עלעקטרישע ליכטער האבען שוין אנגעהויבען האלב צו צאנקען — האט זיך שוין אלעם אויסגעמישט אינאיינעם. די מיידלאך פון שאנטאן מיט די מיידלאך פון עולם. אלע זיינען שוין געווען שכור, אין די ביינער האט זיך געגאסען א צוהיצטער מארך, וואס האט אויפגעלייזט די גליעדער. מען איז לייכט געווארן. די וועלט האט געקריגען אן אנדער ליכט, און מען האט ניט מעהר געוואוסט, צו מען לעבט אין חלום, אדער אויף דער וואהר, און אלעס איז דאן מותר געווען... איינער האט זיך פאר'ן צווייטען ניט געשעהמט, מען איז געווען אויפריכטיג — און איינער האט דעם צווייטען ליעב

דאָ — ער, יאַש בלום? זי האָט איין מינוט נאָכגעקלערט. נייז, עס איז נישט אַלץ איינס, דאָרט אין פּעטערבורג — איז עס אַזוי אַנדערש געווען — און דאָ איז עס אויך אַנדערש. וואָס געהט איהר אָן דער פרעמדער מענש נעבען איהר? — נור זי האָט נישט קיין מורא פאַר קיינעם, און פאַר וואָס עס זאָל נישט קומען. — דאָס לעבען הויבט זיך ערשט אָן. זי האָט זיך געפיהלט רייך און שטאַרק.

מיטאָג האָבען זיי געגעסען אין אַ רעסטאָראַן. פאַר דער „קאָמע־דיע", אין אַ שעה אַרום, האָבען זיי זיך שוין געפונען אין לוקסענבור־גער גאָרטען, וואו די שטודירענדע יוגענד און די מיידלעך האָבען גע־שפּאַציערט. דער גאָרטען איז פול געווען מיט יוגענד — פון קינדער, ביז חתונים־בחורים און זיי האָבען איינגענומען דעם גאָרטען מיט זייער לאַכען, פרייד און יוגענד, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסען צווישען די בוימער, צווישען די בלומען, צווישען די מאָנומענטען. עס איז שוין געווען שפּעט אין הערבסט, און דער גאַנצער גאָרטען איז געווען ווי אַ הורג אין גאָלד. די בוימער האָבען געשאָטען פון זיך די גאָלדענע בלעטער, עס האָט זיך געדוכט, אַז די גאַנצע זונן, וואָס האָט געלויכ־טען איבער דעם גאַנצען זומער, איז איינגעזאַפּט און אויפבעוואהרט געוואָרען אין די גאָלדענע בלעטער, און איצט שיטען פון זיך די צווייגען די בלעטער און זיי בעגיסען מיט גאָלד די מאָנומענטען אין גאָרטען, די בוימער און יונגע בחורים מיט די מיידלעך. יאַש און מערי האָבען זיך דאָ, אין דעם גאָרטען, צווישען די יוגענד געפיהלט אַם בעסטען. דאָ האָט יאַש פון אַלעם פערגעסען, און איז געווען געטריי און גוט צו מערי'ן — ווי פריהער, אַמאָל. די יוגענד האָט אָבגעוואַשען די זאָרג פון זיין פּנים, אָבער ער האָט נישט געקענט איינזיצען, עס האָט איהם געצויגען פון איין אָרט צום צווייטען, ווי ער וואָלט געוואָלט פּאַריז מיט אַמאָל אויפעסען, וואַרים דערנאָך וועט שוין קיין צייט ניט זיין. זיי האָבען גענומען אַן אויטאָמאָביל און אין אַ שעה אַרום האָ־בען זיי זיך שוין געלאָזט מיט טויזענדער אַנדער אויטאָמאָבילען איבער די יעליסייסקע פעלדער. פּאַריז איז געווען נור וואָס צוריקגעקומען פון די בעדער, פון די ברעגען פון די ימים, אָנגעזאַמעלט אין זיך די זונען־שטראַהלען, און איצט זיינען זיי דאָ פול מיט ליכט, מיט אָנגעזאַמעל־טע כוחות, און בעדרייט זיך אוועקצוגעבען דעם אָנהויבענדען ווינטער סיזאָן. זיי לאָזען זיך אין די אויטאָמאָבילען, ווי רווישענדע וועלען,

טראָפּעז יעדען מאָרגען אויף דעם שפּאַציער איבער דער לענג פון דער סענע. זיי זיינען געשטאַנען איינגעבויגען זוכענדיג צווישען די פּיעלע ביכער, נור זיי האָבען זיך בעהאַלטען פאַר בעקאַנטע, מורא געהאַט זיך צו טרעפען מיט זיי, און אויסגעמידען. עס האָט זיך זיי אויסגערוכט אַז ניט נור בעקאַנטע, נור אַפילו ווילד פרעמדע ווייסען אויך וועגען זיי זיינען, און מיט וואָס פאַר אַ געדאַנקען זיי געהען אַרום... אַזוי זיינען זיי געגאַנגען אין דער לענג פון קעע — פּאַריז האָט זיך געשפּיגעלט צו ביידע זייטען פון דער סענע. — און דער הימעל, דער הימעל וועלכער איז אַוועק אויף מיילען ווייט — האָט זיך געדאַכט, אַז ער ווערט אָם ענד — דאָרט ווייט אויף איינגעשלונגען און פערפאַלען צווישען הויכע דעכער, גערטנער, פּלעצער און די קאָלאָמבען פון פּאַריז... אויף סט. זשערמאַן האָבען זיי זיך גענומען אַ געסעל רעכטס, צו ריע באָנאַפּאַרט — צום לואָוור צו. דאָ, אויף דער ריע באָנאַפּאַרט, האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט פאַר יעדען געוועלב מיט אַלטוואַרג און בעטראַכט די אַלטע מעבעל, די בראָנזען, די אַלטע גאָבאַלינען, פּאָרצעלייען און שטיקען וואָס זיינען געווען אַרויסגעשטעלט אין די פענסטער. יעדעס פענסטער און יעדעס געשעפט איז געווען אַ פּראָבע וואָס פּאַריז פערמאָגט. די אַלטע זאַכען אין די פענסטער האָבען דערצעהלט פון דעם לעבען וואָס עס האָט זיך געפיהרט דענסמאָל, ווען זיי זיינען געהאַנגען אין די וואָהנונגען פון די אַלטע בעלי־בתים פון פּאַריז אין זייערע דורות.

נור אינוועניג האָט עפּעס גענאָגט, און דער קאָפּ איז געווען אַרומגענומען אין אַ פייערדיגען ראַנד... ער האָט גאַנץ גוט געפיהלט דעם „חוב" און דאָס קינדישע פערשפּיעלען זיך, און עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ווער זיצט דאָרט אין איהם און זאָגט איהם: „בחנום, בחנום, וועסט דיך פון מיין האַנד נישט אַרויסקריגען".

אָבער ער האָט זיך געוואָלט פערגעסען. ער האָט זיך געזאָגט: עס וועט קומען די צייט, וועל איך זיין גרייט — יעצט בין איך פריי, לאָז מיך אָב, איך האָב מיין יוגענד און איך וויל זיך פרעהען. ער האָט געקוקט אויף מערי'ן. זי איז געגאַנגען נעבען איהם, און אויסגעהערט זיינע התפּעלות און זיינע אויסגעשרייען און איז געווען גלייכגילטיג. איז איהר דען נישט אַלץ איינס, וועך עס געהט נעבען איהר — צי דאָרט אין פּעטערבורג — קאָוואַלסקי, אין בערלין — אַדלער, אַדער

נור פון איהרע אויגען איז נאָך נישט אויסגעלאָשען געוואָרען יענער שמייכעל, וועלכער עס האָט יאַש בלום דערמאָהנט אָן זיין לאַגע, און אַ מינוט האָט זיך איהם געדאַכט, אַז זי לאַכט אויס איהם...

אין די ערשטע פּאָר טעג האָבען זיי זיך טאַקע ביידע פערגעסען. פּאַריז האָט זיי אָנגעשכור'ט, און זיי האָבען זיך ביידע, ווי צוויי קינדער, ארומגעדרעהט איבער די בולווארען, איבער די גערטנער, איבער די פּלעצער, און אזוי ווי עס וואָלט הינטער זיי גאָרנישט געשטאַנען און פאַר זיי גאָרנישט געווען — האָבען זיי זיך געפרעהט מיט דעם לעבען, מיט דעם גליק און מיט די זונען פון פּאַריז. יעדער טאָג און יעדע שעה האָט זיי עפּעס נייעס געבראַכט. דאָ אַ הערליכער מאָנומענט, דאָ אַן אַלט־היסטאָריש הויז, נור דער עיקר, דאָס לעבען אויף די בולווארען, די מאַסע מענשען וואָס שטראָמען ווי קוואַלען וואַסער. גאַנצע טעג פלעגען זיי זיצען אין די קאפּעען, אויף די גאַסען, און פאַר זיי פלעגט דורכגעהן גאַנץ פּאַריז, ניין, די גאַנצע וועלט.

געוואָהנט האָבען זיי אין אַ קליינעם, נור זעהר אַן עלעגאַנטען האָטעל אין דער נאָהנט פון "נאָטר דאם". כאָטש מען האָט זיך ביידע געהאָט אָבגערעדט אויפ'ן וועג צו מאַכען עקאָנאָמיע, ווארים מען וועט דאָך דאַרפען אויף „ווייטער", דאָך אַז זיי זיינען אריינגעקומען אין פּאַריז איז קיינעם פון זיי ניט איינגעפאַלען איינצושפּאָרען. זיי האָבען ביידע געהאָט דאָס געפיהל, אַז פּאַריז איז פאַר זיי דער לעצטער וואונש וואָס מען גיט נאָך דעם געהאַנגענעם פאַר דער תליה... כאָטש זיי האָבען ביידע געזעהן צו פערשטיקען דאָס געפיהל מיט אמת'ער התפּעלות און געמאַכטער פרייד...

דאָס האָטעל אין וועלכען זיי האָבען געוואָהנט איז געווען אַן אַלט פּאַריזער הויז, אין אמפּיר סטיל, און די מעבעל, וועלכע עס האָט זיך געפונען אין זייער קליינעם צימערעל איז אויך געווען אַלטער אמפּיר. אין פענסטער האָבען זיי געהאָט דעם טונקעלן שאָטען פון „נאָטר דאָם" און זיי האָבען די טייוואַלים און די אילוזיאָנען אויף די דעכער פון „נאָטר דאם" געקענט בעטראַכטען פון זייער פענסטער. אַז זיי האָבען זיך אויפגעהויבען אין דער פריה, זיינען זיי מיט'ן ברעג אראָבגעגאַנגען לינקס דער סענע, און אָבגעשטעלט זיך ביי די שטענדער'ס מיט די אַלטע ביכער, אַלטע בילדער, וואָס שטעהען ביים'קעע פון דער סענע. פּיעלע בעקאַנטע, (ער זיינע, זי איהרע) — האָבען זיי אָנגע־

זי האָט איהם אָנגעקוקט און דערקענט ווי דער יונג מיינט עס ערנסט, ער אַנטלויפט פון זיין תליון. אזוי ווי אַ הונד נעבעך רייסט ער זיך פון דער קייט, האָט זיך מערי געטראַכט.

— געוויס, יאַש, וואָס קען זיין גליקליכער און שעהנער, ווי צו לעבען אין פאַריז.

— נישט וואהר—מערי, בעגייסטערט זיך דער יונג—אין האַרץ פון דער וועלט, פאַריז איז דאָך דאָס האַרץ פון דער וועלט. וואָס עס טהוט זיך נור אין עק וועלט, ציטערט צום ערשט דער ערשטער נערוו—פאַריז. טהעאַטער, אויסשטעלונגען, אַלעס בעסטע און שעהנסטע וואָס די וועלט גיט ארויס — ברענגט זי נאָך פאַריז. אַלע קינסטלער ברענגען דאָרט צום ערשט אַהין זייערע מייסטערווערק. דו הערסט די וועלט, אז דו וואָהנסט אין פאַריז, נישט קיין טהייל, נישט קיין שטיקעל — נור די וועלט. מערי, מערי, ווי גליקליך בין איך, איך וועל לעבען מיט דיר אין פאַריז, מיר וועלען זיך דינגען אַ קליין שטיבעל. דו ווייסט, אין פאַריז זיינען נור דאַ קליינע, נידריגע שטיבעלעך, ווייסט פאַרוואָס? כדי דער מענש זאָל זיך קענען קאָנצענטרירען און זיך אינגאַנצען אָבגעבען פאַריז. אין פאַריז וואָהנט מען ניט אין די שטובען, נור אין פאַריז, יעדער איינער האָט נור אַ שלאָף־צימער'ל, און אַ גאַנצען טאָג איז מען אויף די בולוואַרען, אין די גערטנער — מען לעבט אין דעם סאַלאָן וואָס הייסט פאַריז, — מערי, מערי, ביזט דו נישט גליקליך?

זי האָט געזעהן, אז דער יונג האָט זיך ווירקליך פערגעסען, זי האָט געוואָלט ווייטער שפּינען:

— יאַש, ווענן געלד מאַך דיר נישט קיין זאָרג, איבריגענס וועל איך פּרובירען זיך איבערבעטען מיט מיינע עלטערען, כאָטש, איך ווייס נישט וואָס עס טהוט זיך מיט זיי, דאָך איך רעכען, אז מיין געלד וועל איך אויך האָבען.

דער יונג האָט איהר געקושט די הענד:

— און מיר וועלען זיך לעבען אינאיינעם. דו מיינסט אין פאַריז דאַרף מען געהן אין דער סאָרבאָנע זיך לערנען? די בולוואַרס לערנען, די גאַסען, אויף יעדען שריט און טריט האָסט דו די שעהנסטע מאָ־נומענטען.

— אַ, געוויס, יאַש, געוויס.

דער יונג האָט באַלד אַרויסגענומען פון דעם אַנטוואָרט, אַז זי ווייס פון זיינע כונות, און זי איז בעדייט מיט איהם מלחמה צו האַלטען. ער האָט פערשטאַנען, אַז אַזוי לייכט וועט דאָס איהם נישט אָנקומען זי מיטאַריינצושלעפּען אין זיין גרוב. דאָס האָט איהם נאָך מעהר נעער־גערט, און ער האָט בעשטימט זיין פּלאַן דורכצופיהרען אפילו מיט געוואַלד, ,ווען מען וועט דאַרפען.

דערווייל איז ער געווען צו איהר גאַנץ עלעגאַנט, צערטליך אפילו, נור עס איז אַלעס צוגעגאַנגען אין שווייגען.

— קיין גוטער שפּאַס איז עס אפילו נישט געווען — האָט זי נאָך אַ לאַנגע פּאַוזע פּלוצים געזאָגט.

יאַש בלום האָט זי אָנגעקוקט, ער האָט אַ מינוט אָנגעהויבען צו צווייפלען אויב זי זאָגט דעם אמת מיט אַ כיון, אפשר גלויבט זי טאַקע אין דעם וואָס זי זאָגט. ער האָט אָבער באַלד בעמערקט דעם גנב'ישען בליק וואָס זי שיקט אַרויס טיעף, טיעף פון אונטער איהרע אויגען, ווי זי וואָלט זיך געוועזן בעהאַלטען אין אַן איינגעשלאָסען שטיבעל, און פון דאָרט שמייכעלט זי אַרויס צו איהם.

— איך זעה נישט, אַז דו זאָלסט דיך האָבען אַזוי דערשראָקען — זאָגט ער ערנסט.

דאַרויף האָבען זיי שטיל געשוויגען אַ ווײַלע.

נור באַלד איז דער אויג אַנדערש געוואָרען.

— אָבער, מערי, מיר וועלען זיך דאָך נישט קריגען, ווען מיר פאַהרען קיין פּאַריז. פּאַריז, מערי, זאָגט דיר דאָס גאָרנישט? — פיהלסט דו נישט, אַז אַ גרויסער וואונש דיינער וועט יעצט ערפיהלט? דו האָסט דאָך אַזוי געוואָלט פאַהרען נאָך פּאַריז.

— אַ, געוויס, געוויס.

— ווייסט דו וואָס, מערי, איך וועל זיך גאָר נעהמען צו לערנען. דאָס גימנאַזיום האָב איך געענדיגט, אין וועל אַריין אין דער סאָרבאָנע. אַ ביסעל געלד האָבען מיר נאָך. דער פאָטער וועט אויך שיקען אַ ביסעל געלד, — און דאָס איבריגע וועל איך פערדיענען מיט מיינע קאָרעספּאָנדענציעס. מערי, מיר וועלען אינאיינעם לעבען אין פּאַריז. איך וועל זיך לערנען. — מיר זיינען דאָך נאָך אַזוי יונג, אונזער לעבען הויבט זיך דאָך ערשט אַן, נישט וואהר, מערי?

אז ער איז אויפגעשטאנען אין דער פריה איז איהם א זאך קלאהר געווארען — אז מערי טאר נישט ווייטער געהן. די רעטונג פאר איהר טאר נישט זיין. זי מוז מיט איהם טיילען דעם שווארצען וואלקען, וואס דעקט צו זיין צוקונפט...

## קאפיטעל 34.

## פאריז.

יאש און מערי האבען זיך געקליבען קיין פאריז. אין א פאר טעג ארום זיינען זיי אבגעפאהרען. יאש האט געזאגט, אז ער האפט צו בעקומען א שטעל אלץ קארעספאנדענט פון א פוילישע צייטונג, און זי האט זיך געמאכט אז זי גלויבט איהם, און אהן עקשנות האט זי זיך איינגעפאקט די זאכען און איז מיט איהם געפאהרען. דאס ערשטע וואס מען דארף טהאן, האט זיך יאש בלוס געטראכט, איז זי ארויסצונעהמען פון דעם רוהיגען פאמיליענדיגען פענסיאן, און זי אריינברענגען קיין פאריז — „און אין פאריז וועלען מיר שוין זעהן". די גאנצע צייט, זינט ער איז אהיים געקומען, האבען זיי ביידע נאך נישט ווי געערדט צו זיך. יאש בלוס האט בעמערקט, אז נישט זיין פלוצליך פערשווינדען ווערען, נישט זיין ערשיינען נאך דעם בריעף, האט ארויסגערופען ביי איהר פערוואונדערונג. זי איז גלייכגילטיג צו אלעס, און אייגענטליך אינטערעסירט איהר גאנץ וועניג ער און וואס ער טהוט, זי איז איגגאנצען פערנומען מיט זיך. אויפ'ן וועג, אין וואגאן האט ער געמאכט א פרואוו צו רעדען מיט איהר וועגען דעם פארגעפאלענעם.

— וואס, דו האסט טאקע גענומען מיין בריעף, וואס איך האב דיר געלאזט, ערנסט?—פרעגט ער פלוצלונג פון דער הוילער הויט, און מען דערקענט באלד זיין געמאכט לעבעלן.

— א, געוויס נישט. איך האב באלד פערשטאנען, אז מן־הסתם האסט דו בעדארפט ערגעץ וואו צו פאהרען. און דו האסט מיך גע־וואלט איבערשרעקען, — זאגט זי מיט דעם זעלבען בעקאנטען שמייכעלע.

ער האָט פּלוצלונג דערזעהן די וואנד, וואָס שטעהט צווישען זיי, און דער יונג האָט געהאַט דאָס געפיהל, אזביידע האָבען זיי זיך גע־טרונקען, נור זי האָט זיך ארויפגעכאַפּט אויף אַ שיף און שווימט ווייטער, ווייטער צום ברעג, און איהם האָט זי איבערגעלאָזט אין ים טרינקענדיג זיך...

---

אין דערזעלבער נאַכט האָט יאַש בלום געהאַט אַ שרעקליכען חלום. ער האָט געזעהן אַ גרויס, גרויס בית־עולם. די גאַנצע וועלט איז אַ בית־עולם, וואָס ציהט זיך בארג ארויף. און אַלע מענשען געהען איבער דעם באַרג, וואו אויף יעדען טריט און שריט שטעהט אַ מצבה. ערגעץ־וואו אויף דעם באַרג ציהט זיך אַ ריכטיגער וועג, אַן אויסגעטרעטענער וועג, נור די מענשען, וואָס קריכען אויף דעם באַרג, האָבען פערלאָרען דעם ריכטיגען וועג און זיי היפּען איבער די שטיינער, איבער די מצבות. יעדעס מאָל פאַלט אַן אַנדערער פון זיי און בלייבט ליגען. און די מענשען געהען ווייטער. אויף דעם בית־הקברות־באַרג קריכט ער אויך מיט מערי'ן. זיי האַלטען זיך ביי די הענד און געהען צוזאמען אויף דעם באַרג, ארויף, ארויף. פּלוצים איז ער אויך, ווי פיעלע אנדערע, געבליבען ליגען. און מערי האָט זיך ארויסגעריסען פון איהם און געהט ווייטער. ער רופט איהר נאָך — זי הערט איהם נישט און געהט ווייטער, ווייטער מיט די מענשען אויף דעם באַרג ארויף. ער בלייבט אליין איבער. עס רוקט זיך צו אַ שטילער, שרעקענדער פארנאַכט. די הימעל און די לופט ווערען ענג איבער זיין קאָפּ און זיי ווערען איינגעשלונגען אין אַ שווארצער כמאַרע, וואָס איז אזוי שטיל ווי פאר אַ דונער. און די כמאַרע געהט וואָס אמאָל נעהנטער און נעהמט ארום זיין קאָפּ. אַט איז זי שוין איבער איהם. און ער קוקט זיך אום — אין אַ זייט שלענגעלט זיך דער ריכטיגער וועג אויפ'ן באַרג, און ער איז די גאַנצע צייט געגאַנגען נעבען וועג; און ער האָט נישט געוואוסט, אז דער ריכטיגער וועג איז דאָך אזוי נאָהנט געווען, און איהם טהוט באַנג, באַנג...

זיך ארום אלס פערדעטהער — האט ער דאך נישט געקענט קיין ענד מאכען צו זיין לעבען. ער האט יעדעס מאל דערזעהן מערי'ס לייב, דעם פרישען ציטער, וואס יאגט פון איהר לייב, און דאס האט איהם ווי פערסם'ט און ער האט געבענקט דערנאך.

דאס זיין ווייטער אין פענסיאָן איז פאר איהם געווארען אונ־ערטרעגליך. ער האט „פרידענהיים" פערלאזט אהנע אויסצופיהרען די „טהאט".

די חברים האט ער מיטגעטיילט, אז ס'איז אונמעגליך געווען, נישט געמאכט זיך קיין געלעגענהייט. ביי זיך האט ער געוואוסט, אז ער איז א פערדעטהער, נאך ערגער — א פחדן.

און פאר אזעלכען האט ער זיך געהאלטען.

ער איז געפאהרען נוקם זיין זיך אין מערי'ן, זיך נוקם זיין אין זיך זעלבסט און אין איהר. זאל זי איהם זעהן, דעם פאטער פון איהר קינד, נאך דעם בריעף וואס ער האט איהר געשריבען — א פחדן, א פערדעטער. און מיט איהם זאל זי לעבען, קוקען אויף איהם און לעבען.

נור איין זאך האט ער בעשטימט, אז דאס, וואס עס האט גע־דארפט ארויסקומען פון זייער צוזאמענזיין, דאס טאר מעהר ניט זעהן די ליכטיגע שיין. ווייל דער פאטער זיינער איז א פערדעטער.

ער איז אהין געקומען אין פענסיאָן, וואו זי האט נאך דארט גע־וואהנט, אונטער צוריק. ער האט געמיינט, אז מיט זיין ווייזען זיך יעצט פאר איהר, נאך דעם בריעף וואס ער האט איהר אנגעשריבען, וועט ער אין איהר נקמה נעהמען. דאס וועט זיין פאר איהר די גרעסטע שטראף צו האבען א געליעבטען א פחדן. אבער זי האט קיין פערוואונדערונג ניט ארויסגעוויזען אויף זיין פלוצליכען קומען. זי האט איהם עמפפאנגען מיט דעם זעלבען קיהלען שמייכעלע, ווי עס וואלט איהר גאר קיין חידוש נישט געווען נישט זיין אוועקגעהן, נישט זיין צוריקקומען. און גלייכגילטיג איז זי געווען, מיט דער גלייכגיל־טיגקייט פון א מענשען, וואס לעבט שוין גאר מיט עפעס אנדערש. עס אינטערעסירט איהר שוין גאר נישט, נור דאס נייע, די וועלט, וואס שטעהט איהר פאר.

זיי, האָט ער אָנגעהויבען צו פּיהלען דעם געברויך צו קריגען א בריעף פון מערי'ן און צו שרייבען צו איהר.

נור איינמאָל ביי־טאָג האָט ער נישט געקענט שלאָפען און ער האָט געקלעהרט פון זיך און דערמאָהנט זיך די ראַליע, וואָס ער שפּיעלט יעצט, אז ער איז אייגענטליך א פערדעטהער, א פערדעטהער אין פשוט'ן זין פון ווארט. מען האָט איהם פערטרויט א הייליגע זאַך, וועלכע וואָלט זיין נאָמען איינגעשריבען אויף שטענדיג אין דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציע, און זיין קינד וואָלט שטאָלץ געווען אויף דער טהאַט פון זיין פאָטער — און ער זיצט דאָ און גיט אויס דאָס געלד, לעבט א גוטען טאָג און אָן דער טהאַט האָט ער פערגעסען.

ער האָט ביי זיך אָבגעמאַכט — מאָרגען מוז די טהאַט ווערען אויס־געפיהרט. זאָל ער זי נישט אויספיהרען, מוז ער מאָרגען שטאַרבען. יעדענפאַלס איז דאָס די לעצטע נאַכט, וואָס ער ליגט דאָ אין בעט, די לעצטע פון זיין יעצטיגען לעבען. נור קוים האָט ער ביי זיך דעם בעשלוס געפאַסט, איז איהם ווידער בעפאַלען די אנגסט פון טויט. ער האָט געזעהן די ענד: בלוט אויפ'ן ווייסען העמד אין סמאָקינג, געפאַנגענשאַפט, מיט שטעקענס שלאָגען איבער'ן קאָפּ, תליון, א גרוב— אַלעס האָט ער געזעהן פאַר די אויגען. אנגסטען זיינען איהם בעפאַלען און ער האָט דערפיהלט, אז ער איז נישט אימשטאַנד די „טהאַט" אויס־צופיהרען.

און ער האָט זי ווירקליך נישט אויסגעפיהרט. כאָטש ער האָט געהאַט די געלעגענהייט דערצו. ווי דאָס מזל וואָלט זיך מיט איהם גע־שפּיעלט, האָט ער דוקא בעגעגענט דעם מאָרגענדיגען טאָג פאַן מיל־הויזען אייניגע מאָל אין פּארק שפּאַציערען. ער האָט איהם אויפ'ן אויטאָמאָביל געטראָפען, ביים „פייף־א־קלאַק" — און יעדען צופאַל אָב־געלעגט אויף אַן אַנדערס מאָל. נור ווען עס איז געקומען דערצו, האָט די האַנד נישט געדיענט און דאָס האַרץ האָט הנאה געהאַט דערפון.

און האָט ער געפּרובט זיך אליין די קויל אין מויל אריינגעבען, האָט די האַנד אויך נישט געפאָלגט. וואָס ער האָט זיך נישט אויסגע־זידעלט און וואָס ער האָט נישט געפּרובט אויף די געדאַנקען ארויפ־צוברענגען די שרעקליכסטע בילדער פון זיין צוקונפט, ווי ער דרעהט

נונג און אבגעמאכט ביי זיך אויסצופיהרען די „טהאט“ ביי דער ערשטער געלעגענהייט.

ארויפגעהענדיג אויף די טרעפ, האט ער בעמערקט ביי דער טהיר פון מילהויזען גרויסע קאסטענס. דער קעלנער איז פון דארט ארויס מיט א טאץ אין דער האנד. אינוויינינג איז ליכטיג געווען. ער האט פערשטאנען, אז פאן מילהויזען איז נישט אוועק. פאר זיך האט ער געמאכט א שמייכעלדיג געזיכט, אבער אין הארץ איז איהם בעפאלען די אנגסט פאר'ן טויט.

דערווייל האט זיך אזוי פלינק קיין געלעגענהייט ניט געמאכט. מעהרסטענס האט זיך „פאן מילהויזען“ נישט געוויזען. און האט ער זיך יא געוויזען צום „פייף־א־קלאק“, איז ער געווען אין געזעלשאפט פון זיין פרוי און טאכטער. און בעשטימט האט יאש ביי זיך, אז די „טהאט“ מוז נור אויסגעפיהרט ווערען אויף דעם „פאן“ אליין און קיין זייטיגע פערזאן טאר נישט ליידען דערביי.

און דאס לעבען האט דערווייל געטהאן דאס זייניגע. דאס לעבען דא אין פענסיאן איז געווען אזוי פערשיעדענארטיג און האט יערען אויגענבליק געבאטען עפעס אנדערש, דא א נייע בעקאנטשאפט, א הערליכע אויסזיכט, א שפאציער אויפ'ן וואסער, אן אויטאמאביל־טור — אז עס האט געמאכט פערגעסען אלע פפליכטען. און יאש האט זיך אויך פערגעסען.

דאס עסען האט איהם גרויסארטיג געשמעקט, דער מיסטער ווארמס האט איהם געוויילט. ער האט ליעב געהאט צו רייטען מיט איהם יערען טאג נאכ'ן עסען אויף די פערד. די „טהאט“ האט זיך ווי עפעס ארויסגעגליטשט פון דער האנד און עס איז געווארען ווי א אונאנגע־נעהמער חוב, וואס מען דארף בעצאהלען. ער האט פערלארען דעם טעם פון דער „טהאט“, עס איז איהם נאר איבערגעבליבען די הוילע, נאקעטע טהאט אליין, וועלכע ער האט יעצט נישט פערשטאנען און אבגעשלעפט זי פון איין טאג אויפ'ן צווייטען.

ביי־נאכט האט ער געבענקט נאך מערי'ן און ער האט זיך אנגעהויבען צו וואונדערען, פארוואס ער האט זי נישט מיטגענומען. ער האט זי זיך יעצט דערמאהנט און געזעהן איננאנצען. און ווען ער האט בע־מערקט, ווי אלע ערהאלטען יערען מארגען בריעף און פרעהען זיך אויף

די נאכט איז יאש גוט געשלאפען. עס האט זיך איהם אנגענעהם געחלומ'ט מערי און דאס ניי־געבוירענע, און ער איז נישטא און ער איז יא דא...

ער איז אויפגעשטאנען א פרישער, אריינגעווארפען זיך אין זיין ספארט־קאסטיום און איז ארויס אין פארק.

עס איז געווען א הערליכער יעסען־טאג, די רויטע בלעטער, וואס זיינען געפאלען פון די בוימער, האבען זיך געגלאנצט אין דער זונן. אין דער לופט האט זיך געטראגען דער ריח פון צייטיג אויבס. א אנגענעהמער ווינד, געמישט מיט באבע־יאכנע שנורען, האט זיך גע־צויגען פון בוים צו בוים. אין פארק זיינען ארומגעלאפען די גאלד־בלאנדע ענגלישע מיסעס און עס האט געלאכט זייער ברייטע שפראך: „מיי דעער", וועלכע זיי האבען דאס ארויסגעווארפען פון מויל ווי לאקשען.

ער האט בעגעגענט יענעם ענגלענדער, מיט וועלכען ער האט זיך נעכטען בעקאנט, מיסטער ווארמס, און יענער האט איהם אנגעבאטען א שפאציער צו מאכען אויף פערד איבער'ן וועג, וואס יאש האט מיט פערגניגען אנגענומען.

איבערגעריטען זיך, אהיים געקומען, האט איהם יענער ווידער אנגעבאטען א טענים־פארטיע, פון וועלכער יאש האט זיך אבגעזאגט. ער האט אנגעהויבען צו פיהלען א ביסעל געוויסען־ביסע. ער איז געקומען אהער אויספיהרען א „טהאט". פאר זיינע נאהנטע לעבט ער שוין נישט. ער האט נישט קיין רעכט אויף איין מינוט עקזיסטענץ, ווען נישט פאר דער „טהאט".

ער האט זיך פערענטפערט, אז דאס וואס ער טהוט יעצט איז נויטהיג פאר דער טהאט. מיט דעם האט ער זיך אויבערפלעכליך בע־רוהיגט. אין הארץ האט שוין אנגעהויבען צו גריבלען דאס ווארים, וועלכען יאש האט פערשטיקט מיט אלע מעגליכקייטען, דער ווארים: „דורכגעלאזט די ערשטע געלעגענהייט"...

דעם גאנצען טאג האט זיך פאן מילהויזען נישט געוויזען. יאש איז אונרוהיג געווארען, אפשר איז ער אוועק. און מיט שרעק האט ער בעמערקט, אז עפעס אינערליך וואלט ער געוואלט, אז עס זאל אזעל־כעס געשעהן. ער האט זיך פארגעווארפען די מיאוס'טע בעשולדי־

טראכט: ווען מיר טרעפען זיך דא מיט דעם „פאן", א וואי"... און טאקע האבען זיך באלד פון אויבען דערהערט שווערע טריט, א כראפען. יאש האט געגעבען א קוק ארויף און דערקענט דעם „פאן" וואס קומט איהם אקעגען. ער האט זיך אומגעקוקט. קיינער איז נישט געווען אויף די טרעפ. פון אונטען הערט זיך נאך לאכען און מוזיק. ער טאפט אן דעם רעוואלווער, אין קאפ ווערט עפעס אנגעצונדען, אין הארץ ווערט עפעס ליכטיג און פינסטער, וואס ער האט עס קיין מאל נישט געפיהלט. ער האלט דעם רעוואלווער מיט דער האנד אין דער טאש און פאן מילהויזען איז שוין נעבען איהם. ער געהט עפעס פערטראכט און אטהעמט שווער. יאש קוקט אויף איהם. דער מיניסטער דער־פיהלט דעם בליק, כאפט אויף דעם קאפ, גיט א שארפען בליק אויף יאש'ן און, ווי עס וואלט זיך איהם געדאכט, אז ער האט יאש'ן אנגע־טראטען, גיט ער א ברום „פארדאן" אין דער בארד אריין און געהט ווייטער פערטראכט און סאפענדיג.

יאש'ן איז די פערזאן, וועלכע איז איהם ערשט פאר א מינוט אזוי היימיש און נאהענט געווען, פרעמד און אונבעקאנט געווארען. ווי דער „פארדאן", וואס דער מיניסטער האט ארויסגעשטאמעלט, וואלט א וואנד געשטעלט צווישען איהם און דער אונבעקאנטער פערזאן, וועל־כער ער וועל יעצט טויטען. ער האט דערפיהלט עפעס א מענשליכע שטים אין דעם ווארט „פארדאן" און ער האט זיך ניט געפיהלט בכח יעצט אויסצופיהרען די "טהאט".

ער האט זיך פון דעם קיין געוויסענסביסע ניט געמאכט. ער האט זיך געזאגט, אז ער האט דעם פאן מילהויזען אורלויב געגעבען אויף דער היינטיגע נאכט, און אז ער האלט דעם מיניסטער אנגעבונדען ווי הונד אויפ'ן שנירעל. ער איז זיינער און ער וועט שוין פון זיינע הענד ניט ארויסקומען. און אנקוקענדיג זיך אין שפיעגעל האט ער צו זיך אליין געלאכט. עס איז איבער'ן סמאקינג. עס איז אונאנגענעהם אבצושפיעלען אזא חתונה אין סמאקינג.

ער האט ארויסגענומען די פאטאגראפיע פון פאן מילהויזען, גוט זיך איינגעקוקט און גע'טענה'ט צו דער פאטאגראפיע, שנעלענדיג איהר אין נאז, כדי ער זאל היימישער און נאהנטער ווערען מיט דעם געזיכט: „וועכט פון מיינע הענד נישט מעהר ארויסקומען... איך האב דיך ליעב, פאן מילהויזען, דיך ליעב, ליעב"...

פליישיגע ליפען אין זיין געדיכטער גראהער באָרד אריין. נאָך איהם איז נאָכגעגאַנגען זיין פרוי מיט אַ סעמיטיש געזיכט, אין שווארצען אנגעטהאָן, פיעל אינגער פון איהם און האָט עפעס גערעדט צו איהם הויך א פראנצויזישע פראזע, פון וועלכער עס איז שטעקען געבליבען אין יאש'ס אויערען דאָס ווארט "פאפא", און ער האָט דאָס אוגוויי־סענדיג א פאָר מאָל איבערגע'חזר'ט אין זיין זכרון. ביי זייער טישעל האָט זיך אויך אוועקגעזעצט אַ יונג פּאָר. אַ שעהנע יונגע דאמע, אין וועלכער מען האָט גלייך דערקענט די טאָכטער פון דער פרוי, מיט א יונגען מאן אין פראק, מיט א שמאַליג פראנצויזישע בערדיל און שפּי־ציגע קלוגע אויגען. אין דעם קליינעם ארדער, וואָס האָט זיך ארויס־געוויזען פון א ווינקעל אין פראק, האָט יאַש באלד דערקענט אין איהם זיין איידעם, דעם קאנסול.

יאש האָט ווייטער גערעדט מיט זיין שכן, דעם יונגען ענגלענדער אין פראנצויזיש וועגען גרינגע זאכען, וועגען א רייזע מיט'ן אויטאָ־מאָביל איבער דייטשלאנד, און דערווייל זיך גענומען געגנוי בעטראכטען זיין אפּפער. ער האָט שטודירט אלע בעוועגונגען און מינעם פון דעם „פּאַן מילהויזען". ער האָט געזעהן זיין פאטערליך לעבעלן, וואָס פער־לירט זיך אין זיין געדיכטער באָרד, די קליינע אויגען, וועלכע כאפּען זיך מיט מיה ארויס פון הינטער די געדיכטע ברעמען, און זיין ציטערן מיט דער האנד, ווען ער רעדט. אלעס האָט איהם יעצט אין דעם „פּאַן מילהויזען" אינטערעסירט. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אז ער קען זיך שוין מיט איהם זעהר, זעהר לאַנג און ער איז זיינער א משפחה און ער קעהר דארט אהין צוגעהן צו יענעם טישעל, א קלאפּ טהאָן דעם „פּאַן מילהויזען" אויף די פּלייצעס און זאָגען „באַן זשור, פּאַפּא!" — אזוי היימיש, אַזוי נאהענט איז איהם געווארען און אזא שייכות האָט ער שוין געפיהלט מיט דעם „פּאַן מילהויזען"

נאָך דעם זעלבען אבענד האָט זיך איהם געטראָפען א געלעגענהייט צו בעגעגענען זיך מיט דעם „פּאַן מילהויזען" אויג אויף אויג און דוקא אין אזא ארט, וואָס יאַש בלום האָט געהאַלטען פאר דעם אויסערוועהל־טען, וואו עס איז צום בעסטען געווען זיך צו בעקענען מיט דעם מי־ניסטער...

אז יאש בלום איז ארויפגעגאַנגען פאמעליך אויף די ברייטע טרעפּ אין דעם ליכטיגען ברייטען, אויסגעפּוצטען קארידאר, האָט ער זיך גע־

ווי ער האָט זיך שוין ענטשלאָסען צו דער טהאַט, געשריבען דעם בריעף, און ער האַלט זי שוין ביים אויספיהרען? פיהלט ער דען נישט, אַז דאָרט, טיעף, טיעף אין הארצען לעבט דער חלום ווייטער, און ער הויבט ערשט אָן צו לעבען און צו פאָדערען פון איהם זיין טהייל אין דעם לעבען?...

ער דערשרעקט זיך ביי דעם געדאַנק. ניין, דער חלום מוז זיין צו ענד. דאָס לעבען, וואָס ער האָט געלעבט, האָט זיך געענדיגט. יעצט געהערט ער שוין צו קיינעם נישט — נישט צו זיך, נישט צו מערי'ן, נישט צו דעם וואָס קומט נאָך מערי'ן — ער געהערט צו דער טהאַט.

---

די האַלע איז געוואָרען וואָס אַ מאָל מעהר בעלעבט. די געסט האָבען זיך געקליבען ארום די טישלעך און האָבען גערעדט, געלאַכט און גערוישט, ווי די ביהנען ארום די בלומען.

עס זיינען מערסטענס געווען יונגע ענלענדערינס. הויכע אויס־געצויגענע, ניכטערע ענגלישע יונגע־לייט, אָדער לאַנג־ביינינגע אמעריקאַנער. פיעלע דייטשען, איינינגע סלאַווישע פּעראיידעלטע געזיכטער. און יאָש האָט גענומען בעטראַכטען די געסט דורך זיין מאָנאָקל פון איין טישעל צום צווייטען.

דער קעלנער האָט צוגערוקט אַ טישעל צו איהם, סערווירט פאַר איהם טהיי. די מוזיק האָט געשפּיעלט און ער האָט געקענט רוהיג בעטראַכטען די געסט, ווי אַ מענש וואָס טראָגט זיך ארום מיט די רוהיגסטע געדאַנקען און ער איז דאָ געקומען אַברוהען. ער האָט זאָגאָר פערפיהרט אַ שמועס מיט זיין שכן, אַ יונגען ענגלענדער, וואָס איז געזעסען ווי ער ביים קומען אין אַ צווייטען פּאַטער־שטוהל. אין דעם איז אַ שוידער דורכגעגאַנגען דורך זיין לייב, די הענד האָבען איהם אָנגעהויבען צו צוקען און ער האָט ענערגישער אָנגעהויבען צו רעדען מיט זיין שכן. צווישען די געסט האָט ער בעמערקט פאַן מיל־הויזען. אַ הויכער, פאַרנעהמער הערר, אַ טיפּיש סלאַוויש געזיכט מיט אַ ציכטיג געשוירענעם באָרד, וועלכער האָט זיך צוטיילט אין צוויי שפּיצען, איז ער פאַראויס געגאַנגען מיט זיין פּאַטריאַרכאַלישען, רו־היגען גאַנג און ווי אַ שמייכעל איז אַראָבגעפאַלען פון זיינע גראָבע

סטע דעקעס אין רוסישען סטיל. די עלעקטרישע לאמפען האבען זיך אנגעהויבען אנצוצינדען. די בלומען אויף די טישלעך האבען פער־שפרייט א יום־טוב'דיג שטימונג אין דער גרויסער, אבער איינציייטיג אינטימער האלע.

די מוזיקער האבען געשטעלט זייערע אינסטרומענטען און די אב־געריסענע טענער, וואס האבען זיך ארויסגעכאפט פון די פידלען, האבען געבלאנדזשעט איבער דעם לעדיגען זאל. עס זיינען געקומען אריינ־צולויפען די יונגע ענגלישע מיסעס אין די העל־בלאנדע האר, אין די וויסע קליידלעך מיט די טענים־שטעקלעך אין די הענד. און זייער לויט־לאכען און רעדען האבען זיי אזוי געבלאנדזשעט אין דער האלע ווי די אבגעריסענע טענער פון די פידלען, ווי דער שטראהל פון זייערע העלע האר.

יאש האט זיך אוועקגעזעצט אין א טיעפער פאטערשטוהל ביים קוימען. פערלעגט איין פוס אויפ'ן אנדערען, האט ער גענומען בע־טראכטען דורך זיין מאנאקל די איינצעלטע געסט, וואס האבען זיך אנגעהויבען צו קלייבען ארום די טישלעך.

ער איז יעצט רוהיג געווען, אינגאנצען רוהיג און בערייט אויף זיין טהאט. און געטראכט האט ער וועגען מערי'ן, וועגען דעם נייעם, וואס דארף אנקומען, וועגען איהר טראגען.

יעצט דא, נאהענט און אויף דעם וועג צו דער טהאט, נאך דעם, ווי זי האט שוין געלעזען זיין בריעף, איז די טהאט געווען ביי איהם אזוי ווי שוין אויסגעפיהרט. דאס לעבען, וואס ער האט א מאל גע־לעבט, האט זיך שוין אבגעשניטען. מיט דעם בריעף, וואס ער האט אנגעשריבען צו מערי'ן, האט עס זיך געענדיגט, און ער האט יעצט געקענט בעטראכטען אלעס, וואס האט זיך מיט איהם אבגעטהאן די לעצטע חדשים, אלס גאנצעס. עס איז איהם געווען ווי א שעהנער חלום און ער האט אין זיך יעצט געשמייכעלט. עס האט איהם א הנאה געטהאן, וואס עס איז איהם נאך בעשערט געווען פאר זיין ענד מיט־צולעבען דעם חלום. דער חלום איז שעהן געווען — און אויס, ער איז נישט מעהר.

אבער איז ער נישט מעהר? פיהלט ער דען נישט, ווי עפעס האט זיך אויס דעם חלום ארויסגעשפינט אין ציהט זיך ווייטער, און האט א שייכות מיט איהם, און לויפט איהם נאך ביז דא אהער, נאכדעם

— מיסטער וואַרמס איז שוין לאַנג דאָ?
— זייט צוויי וואָכן.
— און פאַן מילהויזען?
— פאַריגע וואָך אָנגעקומען.
— איז עס נישט קיין יונגער הערר?
— ניין, דאָס איז שוין אַן עלטערער הערר מיט אַן עלטערע דאַמע און זיי פאַרנעהמען אַ גרויסען אַפּאַרטמענט אין ערשטען שטאָק.

— איז עס נישט מיין פריינד? — זאָגט יאַש ווי פאַר זיך, אַז דער קעלנער זאָל הערען, — גוט, ער וועט די טהיי צוזאַמען מיט אַלע אין דער האַלע טרינקען.

דער קעלנער פערלאָזט דעם צימער. יאַש שליסט פלינק צו די טהיר נאָך איהם, נעהמט ארויס אַ פאָטאָגראַפיע, קוק זיך גוט איין צו איהר און רעדט ווי צו זיך: „אַזוי, הערר פאַן מילהויזען, ביזטו יעצט אין מיין האַנד. איך האָב דיך ליעב. אוי, ווי איך האָב דיך ליעב“...

ער קוקט זיך גוט איין אין דער קאַרטע, שטודירט גוט דאָס געזיכט, דערנאָך פערפאַקט ער זי און לעגט זי זיך אין זיין בוזים־טאַש.

ער האָט באַמעליך זיך גענומען אַנטהאָן אין אַן אָבענדס דרעס. אַז ער איז שוין געווען אין סמאָקינג, דעם מאַנאָקל אין אויג, קוקט ער זיך גוט איין אין שפּיעגעל. און ווי ער וואָלט געשמייכעלט צו זיך, פערגעניגען געהאַט, וואָס ער זעהט אויס אַזוי אַז דער טייוועל אַליין וואָלט נישט חושד געווען דעם אַריסטאָקראַטישען יונגען מאַן אין די פּלענער, וועלכע ער וויל יעצט אויספיהרען.

ער האָט ארויסגענומען פון זיין געפעק אַ קליינעם טאַשען־ברוי־נינג, איבערגעקוקט איהם, בעהאַלטען אין אַ קעשענע, און איז אַראָב אין דער האַלע אריין.

די האַלע האָט מען ערשט וואָס געהאַט געלופטערט. אין דער לופט האָט זיך געטראָגען דער פרישער גאַרטען־אָטעם, מיט וועלכע די גאַנצע האַלע איז יעצט פול געווען. אין דרויסען האָט שוין אָנגעהויבען צו טונקלען און קיהלער צו ווערען. אונטער אַ גרויסבילד, אַ קאָפּיע פון וועלאַסקעז'ס „אַדמיראַל“ איז געווען דער פייער קוימען, אין וועלכען עס האָבען געפלאַקערט איינינגע שטיקער האָלץ. עס זיינען געווען אויסגעשטעלט קליינע, רונדיגע טהיי־טישלעך סערווירט מיט די פיינ־

האָט בעשטעלט טעלעגראַפיש דער הראַביאַ סאָקאָלאָווסקי פון גאַ־ליציען.

אז דער „מעטער ד'האָטעל" האָט דערהערט, אז דאָס איז דער הראַביאַ אליין, האָט ער זיך טיעף פערבויגען און מיט אַ לאַקייאישע מינע איהם געפיהרט אין זיין אפּאַרטמענט, וואָס איז געווען רעזער־ווירט פאַר איהם שוין איינינע טעג און איז בעשטאַנען פון אַ סאַלאָן, שלאָפצימער און באָדע־צימער אויף דעם צווייטען שטאָק, מיט די פענ־סטער אין פּאַרק ארוים.

דער הראַביאַ האָט בעשטעלט די וואָהנונג אויף אַ גאַנצען מאָנאַט און נאָך יעצט, אין שפּעטען הערבסט, ווען דאָס הויז איז נור געווען בעוואהנט פון זעהר אַ עלעגאַנטעם פּובליקום, וואָס האַלט זיך אויף אין דעם באָדע־אָרט אין שפּעטען הערבסט נאָך דעם סעזאָן, ווען עס איז שוין מעהר נישטאָ אזוי פיעל געסט.

דער „מעטער" האָט איהם איבערגעגעבען די בריעף און די טעלע־גראַמען, וואָס זיינען אָנגעקומען אויף דעם הראַביאַ'ס נאָמען ביז איצט. די בריעף האָבען אלע געטראָגען אויף זיך די הערבען פון דער פּוילישע אריסטאָקראַטיע וואָס האָט געדיענט צו דעם, כדי צו ערוועקען צוטרויען אין דעם אריסטאָקראַטישען האָטעל צו דעם אָנגעקומענעם הראַביאַ.

יאַש האָט זיך איבערגעטהאָן און אָנגעקלונגען. שטיל האָט זיך אריינגעשלייכט אַ יונגער שעהנער קעלנער אין אַ קורצען פראַק מיט ווייסע שטרימף און שווארצע שיך.

— אָבער, עס זיינען נאָך די „פייף אַ קלאָקס" אין הויז מיט מוזיק?

— יאָ, צו טהיי קומען זיך די הערשאַפטען צוזאַמען אין דער גרויסער האַלע. זיי האָבען הערליכע מוזיק, זעהר אַ גוטען קוואַרטעט.

— גוט, ער קאָן געהן, ער ווינשט גאָר נישט. יאָ, די ליסטע פון די געסט.

יאַש האָט גענומען די ליסטע, האָט זי געהאַלטען אין האַנד, נישט געאיילט זיך אריינצוקוקען, און נאָכגעפרעגט דעם קעלנער:

— אבער, עס שפּיעלט נאָך טעאַטער אין באָדע־אָרט?

— יאָ, איינס איז נאָך איבערגעבליבען — די אָפּערעטאַ. אָבער די געסט פאָהרען ליעבער מיט אויטאָמאָביל אין דער שטאָט — אַ האַלבע שטונדע — אין דער גרויסער אָפּערע.

שופלאַד וועסטו געפינען די סומע פון צוויי טויזענד פראנק דערווייל צו לעבען ביז דו וועסט דיך איינאָרדנען. איך האָף אז דו וועסט אויס־קומען מיט מיינע שוועסטער. זיי מוחל פאַר די אומשטענדען. פאַר דיין ליעבע דאַנק איך דיר נישט. איינער גיט גאַרנישט דעם צווייטען, ווען ער האָט נישט פאַר וואָס.

יאַש".

אז מערי האָט דורכגעלעזען דעם בריעף איז איהר אַלץ מיט א מאָל קלאָהר געוואָרען, און אויך דעם יונג'ס לעצטע טעג

זי האָט זיך געפיהלט ווי מען וואָלט זי אויף דער גאַס ארויס־געוואָרפען און די טהיר הינטער איהר צוגעשלאָסען. נור זי איז עפּעס נישט טרויעריג געווען און זי האָט זיך געוואונדערט פאַר וואָס זי איז נישט טרויעריג. זי האָט געפיהלט, אז עפּעס וואָס איז אבגעשטאָרבען און עפּעס וואָס ווערט געבוירען ביי איהר. און דאָס נייע, וואָס ווערט געבוירען, איז אזוי ניי, אזוי פרעמד און אזוי נאָהנט...

---

קאַפּיטעל 33.

# אויפ'ן וועג צו דער טהאַט.

יאַש בלום איז צוגעפאָרען מיט זיין גרויס געפּעק אין אן אויטאָ־מאָביל פון באַנהאָף צו דער ווילא „פרידענהיים", וואָס איז געלעגען אויסער דער שטאָדט אין א גרויסען קולטיווירטען פּאַרק אין דעם שעהנ־סטען טאָל פון דער געגענד אין דער שווייצארישער דייטשלאַנד, וואו עס הערשט דער אויביגער פריהלינג.

די וואַנסעם זיינען יעצט ביי איהם געווען ראַזירט. אנגעטהאַן אין א ברייטען ספּאָרט־מאַנטעל און אן אויטאָמאָביל הוט, איז איהם שווערליך געווען צו דערקענען

די שווייצער זיינען איהם אנקעגען געלאָפען, נאָך זיי דער „מעטער ד'האָטעל", און יאַש בלום האָט געפרעגט אויף דער וואהנונג, וואָס עס

אוועק זיינען מיט אמאָל די שלאַנגען אויפ'ן וועג. די פערבלענ־
דעטע געליעבטסטע, דער סם פון זיין מוטה, איז יעצט זיין ווייב. נאָך
זיין טויט איז זיין זוהן, און די טהאָט פיהרט צום וועג פון רוהם.

אין אַ טעג ארום זיינען זיי שוין אַפּיציעל מאַן און ווייב געווען.

יאַש בלום האָט געבראכט זיין פרוי נאָך דער שווייץ, וואו ער
האָט זי איינגעארדענט פאר איהר וואהנונג אין אַן ערשט־קלאסיגען
פענסיאָן, הינטער ציוריך. געווען מיט איהר צוזאַמען נאָך אכט־צעהן
טעג. דורך דער צייט האָט ער זיך ארויסגעוויזען אלס דער געטריי־
סטער, צערטליכסטער מאַן. ער איז געווען פרעהליך און גוט גע־
שטימט. און ווען ער איז ארומגעגאנגען מיט מערי'ן שפּאַצירען, האָט
ער זי נישט געלאָזט פלינק געהן, נישט מאכען קיין שווערע בעוועגונג,
איבער וואָס מערי האָט זעהר געלאכט.

זי האָט חוזק געמאַכט פון איהם, זעהענדיג איהם אין אַזא קאָמישע'
ראָלע־ וועלכע האָט גאָרנישט צוגעפּאַסט צו איהם. ער האָט זיך גע־
לאָזט אויסלאַכען, פערענטפערט מיט א וויץ און ווייטער זיך אַזוי
געפיהרט.

ער האָט דורך די צייט נישט ארויסגעוויזען קיין אויפרעגונג, קיין
נערוועזיטעט — אלעס איז פערשוואונדען.

איינמאָל האָט ער געקריגען א טעלעגראַמע, וועלכע ער האָט מערי'ן
נישט געוויזען. דער יונג האָט דורכגעלייענט די טעלעגראַמע, בע־
האַלטען זי און געבליבען אין דער זעלבער שטימונג וואָס פריהער. און
מערי האָט קיין אורזאכע נישט געהאַט נייגעריג צו ווערען, אָדער אין
איהם עפּעס חושד צו זיין.

צו מאָרגענס אין דער פריה האָט מערי געפונען אין איהר שלאָפ־
צימער א קליין בריוועל:

„איך מוז דיך פערלאָזען. איך ווייס נישט אויב איך וועל דיך
ווידערזעהן. ווערסטו הערען פון מיר — זיי מיך דן לכף זכות. פאר
פּאָליציי, אַז עס וועט אויסקומען, זאָג דעם אמת: דו האָסט נישט
געוואוסט פון מיינע געשעפטען. זאָל דאָס וואָס עס שטעהט פאר גע־
בוירען צו ווערען זיין אַ זוהן, בעט איך דיך — רוף איהם יאַש. דעם
פאָטער און די שוועסטער האָב איך שוין געשריבען וועגען אונזער
חתונה האָבען. דאָס טייל פערמעגענס, וואָס מיר קומט פון מיין
מוטערס צד, געהט געזעצליך איבער פאר דיר מיט מיין קינד. אין

איבער'ן גאַנצען וועג האָט ער געפייפט, אויסגעפייפט אלע אַפּערעס און אַפּערעטעס און אזוי פריי און הויך געלאכט, אז דער סוד, אין וועלכען ער איז איבער דער גאנצער צייט געווען איינגעזונקען, איז צורוגיין געוואָרען, ווי מען וואָלט פון איהם א שרעקליכען טויט אורטייל אַרגאַניזאַציאָן, ווי דער יונג וואָלט ערשט יעצט צו לעבען אַנגעהויבען.

... האָט איהר קיין בעוועגונג נישט געלאָזען טהאָן, גענומען א קופּע ערדענער קלאָס און געניויט זי, אז זי זאָל ליגען. מערי'ן האָט געפּייניגט זיין צערטליכקייט און דאָס וואָס ער געהט אום מיט איהר ווי מיט אַ קליין קראַנק קינד, אָבער דערביי האָט זי געדרייצט, געלאָס־צעט און געפּרעהט זיין אונבעהאָלפענקייט, זיינע צערטליע געפיהלען, און ווי ער לויפט אראָה אויף די סטאַנציעס און ברענגט איהר צו טרינקען, ווי ער האלט זי פעסט און צערטליך אונטער'ן אָרעם, ארייג־פיהרענדיג זי אין וואַגאָן־רעסטאָראַן, ווי ער קוקט איהר באַטערליך מיט א ליעבען שמייכעל אין די אויגען אריין.

וואָס האָט זיך דאָס אין איהם געענדערט? צי האָט זיין פּאַטער ווערען אזוי געווירקט אויף איהם? וואָס מאַנספּערשווינען זיינען! דאכט זיך — א רעוואָלוציאָנער, ווי קומען צו איהם די געפיהלען?... און זי? זי איז דאָך נאָך אזוי נישט קלאָהר, און דאָס נייע געפיהל איז פאר איהר נאָך אזוי ניי, אז זי ווייסט נישט, וואָס דאָס איז. זי שרעקט זיך דערפאר, וואָס זי ווערט אנדערש, זי פערליערט עפּעס, פערליערט און געווינט...

אָבער יאַש בלום איז יעצט גליקליך געווען. אוועק איז מיט א מאָל די שרעק און דער אנגסט פאר'ן טויט. ער האָט קלאָהר געזעהן דעם וועג צו דער טהאַט, און די טהאַט איז יעצט ביי איהם אזוי זיכער געווען, ווי ער וואָלט מיט א מאָל געווען ווידער געפונען אין זיך דעם גלויבען. ער איז יאַש בלום און איהם איז איבערגעגעבען געוואָרען אויסצופיהרען די טהאַט, און ער וועט דאָס אויספיהרען געוויס און זיכער. זיין האַנד וועט נישט ציטערען, זיין הארץ וועט נישט קלאַפּען און מיט פרייד וועט ער געהן צום טויט, וואָס שטעהט נאָך דער טהאַט. נאָך איהם וועט לעבען זיין זוהן. זיין זוהן וועט שטאָלץ זיין מיט דעם פאַטער'ס טהאַט.

זאל ניט זיין, זאל מען שטענדיג וויסען מיין ריכטיגען נאמען, ניט ווי איך היים אויף די געמאכטע פעסער. מיר פאהרען נאך היינט נאך לאנדאן. דארט קריגט מען „שלוב“ אם לייכטעסטען, אהנע יערע צערע־מאניעס. דאס מוז ווי אם שנעלסטען געמאכט ווערען. איך וועל נישט פריהער רוהען, ביז איך וועל עס נישט האבען געטהאן.

— אבער וואס איז געשעהן, יאש?

— פרעג מיך נישט. איך וויים, וואס איך טהו.

און ער קלינגט אן און בעט די רעכענונג און פרעגט זיך נאך אויפ'ן נאהענסטען וועג קיין לאנדאן און נעהמט גלייך די זאכען צו פאקען.

— אבער וואס איז געשעהן?

— גארנישט, מיין טייערע, — קושט דער יונג אזוי צערטליך איהרע הענד, ווי ער וואלט עס נאך קיימאל נישט געטהאן. און זיין צערטליכקייט צו איהר ווערט מיט אמאל גאנץ אנדערש. ער האט מורא צו קוקען שארף אויף איהר. ער לאזט זי נישט אראבבויגען, בעוועגען זיך.

— איך וועל עס שוין אלעס אליין טהאן. דו זיץ דא, מיין קליינער, שעהנער מזרח־פויגעל, דו, וואס פערמאגסט די בעהאלטענסטע ליעבע־אוצרות פון די ירושלים'ער טעכטער...

— אבער וואס איז געשעהן מיט איהם?

ער איז שטילער געווארען און איז געווארען צו איהר מיט א מאל עפעס אזוי, ווי דאס וואלט גאר ניט דער ווילדער יאש געוועזן. וואס האט זי אין די ווילדע נעכט ווי א שטורעם גענומען, וואס אין זיין ליעבע האט זיך געפיהלט א נקמה, א געשריי. ער איז ווי א צערט־ליכער פאטער געווארען, ווי אן עלטערער ברודער. אין זיין בליק האבען זיך קאנצענטרירט די טיעפסטע געפיהלען פון זיין הארץ. און ער וויל זי קושען, בערוהיגען מיט זיין בליק.

צי האט דאס געמאכט אויף איהם אזא איינדרוק? וואס זיינען אזעלכעס די מאנס־פערשוינען? ווי קליינע קינדער זיינען זיי. און אלע זיינען זיי אונשולדיג. אין א מינוט פון זייער לעבען ווערען זיי קינדער, — טראכט זיך מערי.

אין א פאר טעג ארום זיינען זיי קיין לאנדאן אבגעפאהרען. דער יונג איז גליקליך געוועזן.

אין אן אנדער וועלט, און דאס מויל איז געווען פערקרימט ווי צום וויינען.

און דער יונג איז געלעגען ביים בעט ווי א הונד, געקושט איהרע בלייכע הענד און געשריען מיט פרייד, ווי עס וואלט אויף איהם א גרוים גליק געקומען:

— מערי, מערי, איז עס וואהר? ! איז עס וואהר? !..

עפעס ווי דער הימעל וואלט זיך איהם געעפענט. עס איז איהם מיט א מאל א גרויסע זאך קלאהר געווארען — זיין לעבען, זיין צוקונפט. פערשוואונדען איז פאר איהם דער אנגסט. די שווארצע גרוב פון טויט האט איהם נישט מעהר געדראהט אויף זיין וועג. עס איז איהם אלעס קלאהר און פערשטענדליך און גוט געווארען. ער האט זיך שוין פאר גארנישט געשראקען, און אויף אלעס איז ער בערייט געווען און געזעהן זיין זיכערקייט, און שטארק איז ער געווארען. און ער האלט איהר האנד און קוקט אויף איהר מיט גרויסע, גליקליכע אויגען:

— מערי, מערי! איז עס וואהר? !..

זי פערשטעהט נישט וואס עס איז מיט דעם יונג געווארען. זי האט נישט קיין צייט צו קלעהרען נאך וועגען איהם. איהר אליין איז עס נאך נישט קלאהר, וואס עס ווערט מיט איהר, צי זאל זי זיך פרעהען, אדער טרויעריג ווערען איבער דער בשורה, וואס דער דאקטאר האט איהר אנגעזאגט. עס ווערט איהר נור נייגיעריג. דאס לעבען ווערט נייגעריג און אינטערעסאנט, און דאס איז גוט.

— מערי, מיר מוזען ווי אם שנעלסטען אפיציעל חתונה האבען. אפיציעל, פאר מענשען. ווי אם שנעלסטען!

זי האט איהם אנגעקוקט ווי פערוואונדערט. זי פערשטעהט נישט, וואס ער מיינט. און זי שמייכעלט לייכט, ווי זי וואלט געווען געלאכט פון איהם:

— פאר וואס אזוי באלד? וואס איז געשעהן?

— איך האב זעהר א נויטיגע זאך צו בעזארגען, מערי. איך וויים נישט ווי עס וועט זיין. מיין קינד מוז האבען א פאטער, ווי אם שנעלסטען.

— אבער יאש?

— מערי, עס איז זעהר וויכטיג. דו האסט א פאס, איך האב ביי מיר תמיד מיט א מעטריקע. איך טראג זי מיט מיר, ווייל ווי עס

ווי אויפגעכאפּט, געוואַלט זי בערוהיגען, ארויספיהרען — זי האָט מורא געהאַט פאַר איהם און גערופען נאָך הילף ביז מען איז גע־קומען און מען האָט זי ארויסגענומען.

אבגעראַטעוועט זיך, האָט זי פון דענסטמאָל אָן געפיהלט אַן עקעל צו איהם. זי האָט געוואָלט אַנטלויפען פון איהם און איינע אַליין געהן אין די גאַסען פון פּאַלערמאָ, נור זי האָט זיך געפונען פער־איינזאמט, איינע אַליין אויף דער וועלט און זי איז דאָך מיט איהם מיטגענאַנגען אַ היים אין זייער האָטעל.

און ביינאַכט, אַז ער האָט זי געהאַלטען אַ נאַקעטע אויף זיינע הענד און בעטראַכט איהר נאַקעטע לייב, האָט ער געזעהן ווי דער שאַרבען און סקעלעט שניידט זיך אויף שוין ארויס פון איהר לייב. און דער טויט האָט איהם פערסמ'ט דאָס לעבען און ער האָט נישט געקאָנט מעהר געניסען פון לעבען.

---

קאַפּיטעל 32.

# אַ נייער געזאַנג.

זייער לעבען איז געוואָרען אונערטרעגליך. מערי האָט געקלעהרט וועגען זעלבסט־מאָרד, נור דאָס לעבען, וועלכעס זי האָט געפיהרט, ווי אין אַ שכרות, צווישען טויט־אַנגסט און ליעבע = האָט זי אַזוי קער־פערליך אבגעשוואַכט, אַז זי האָט זיך געמוזט לעגען אין בעט אריין.

יאַש איז געוואָרען צו איהר זעהר צערטליך. ער איז געלאָפען און געבראַכט אַ דאָקטאָר. דער דאָקטאָר האָט זי בעטראַכט, דערנאָך האָט ער פערטרויט יאַש'ן אַ סוד אויפ'ן אויער, פון וועלכען דער יונג איז צו ערשט בלייך געוואָרען, דערנאָך רויט־פערשעהמט ווי אַ קינד, און אַ שרעק און אַ פריידּ איז איהם בעפאַלען און ער האָט ניט גע־וואוסט, וואָס עס טהוט זיך מיט איהם.

מערי איז געלעגען אין בעט בלייך און דערשראָקען. איהרע אויגען זיינען געווען פער'חלומ'ט, ווי זי וואָלט געווען שוין אריינגעגאַנגען

מען האט געקענט אנזעהן, ווי אזוי עס שניידט זיך ארויס דער שארבען פון פערטריקענטען פלייש, ווי דאס פלייש און הויט ווערען געראנצעלט, פערוועלקט, פערטריקענט און געהען איין אין דעם ביין פון שארבען און סקעלעט.

און די סקעלעפעס ציהען זיך איבער גאנצע גאסען. עס זעהט זיך אויס, ווי עס וואלט געוועזן א יאהר־מארק פון טויטע. אזוי פיעל זיינען זיי זיך צוזאמענגעקומען. און די טויטע רעדען, שרייבען, האנדלען. מען הערט זייער ברומען, זייערע גוואלדען, וואס רייסען זיך ארויס פון די גרימאסען פון זייערע פנים'ער, פון זייערע דערשראקענע אויגען, פון זייערע פערקרימטע, פערביסענע ליפען. דער טויט רעדט אין דער טויטער שטאדט און מען הערט זיין שרעקליכען ברום פון די ווינקלען ארויס.

יאש האט געשלעפט מערי'ן טיעפער אין דעם סקלעפ אריין, פער־דרעהט זיך מיט איהר אין די קרומע געסלעך, וועלכע האבען זיך גע־צויגען אין סקלעפ. אומעטום און איבעראל האט דא דער טויט גע־לעבט און גערעדט. מען האט געהערט זיין שטים, וואס האט געשריען פון די שרעקליכע געזיכטער, וואס האבען דא געהאנגען אויף די ווענד.

מערי האט מורא געהאט און גערימען זיך ארויס. יאש האט זי אבער ניט אבגעלאזט. פעסט זי האלטענדיג ביי דער האנד, האט ער זי טיעפער, טיעפער אין דעם סקלעפ אריינגעצויגען און אנגעוויזען איהר אויף די שוידערליכסטע גרימאסען, אויף די עקעלדיגסטע פנים'ער.

זי האט אנגעהויבען מורא צו קריגען פאר איהם. עס האט זיך איהר געדאכט, אז אויך ער קעהר שוין דא אהער, אז ער איז איינער פון זיי, וועלכער איז אראב פון דער וואנד און ער האלט זי מיט דער קאלטער האנד און שלעפט זי טיעף אין סקלעפ אריין.

און זי האט זיך ארומגעקוקט אויף דעם טויט, וואס קוקט פון די וואנד אראב, אויף זיין בלייך, בעז געזיכט און א שרעק איז זי בעפא־לען. זי האט זיך געפיהלט איינזאם און פערלאזט אין דער טויטער שטאדט דא; אז זי איז אריינגענומען פון טויט און וועט שוין נישט מעהר קענען ארויסקומען פון דאנען, אז זי וועט אויך ווערען אזוי ווי זיי. זי האט געהאט דאס געפיהל, אז זי טרינקט זיך דא אין טויט — האט זי אנגעהויבען צו שרייען, צו רופען נאך הילף. יאש האט זיך

ניט זעהן די סקלעפּעס מיט די טויטע. זיי לאָזען זיך אראָב אין א גרוב. איבער א לאַנגען, לאַנגען קעלער, וואו עס ציהען זיך אַוועק נאַנצע גאַסען, הענגען אין די נישעס פון די ווענד טויטע מענשען אין זייער פּאַראַדנע אנטהון, אזוי ווי זיי זיינען געווען ביים לעבען.

די אַלטע בכבוד'ע בעלי־בתים פון סיציליען האָבען זיך נאָכ'ן לעבען געלאָזט אין זייערע פּאַראַדנע מלבושים פּערטריקענען און אויפהענגען זיך אויף די ווענד פון די מיילען־ווייטע „סקלעפּעס" פון דעם הייליגען פראַנציסקאַנער קלויסטער אין פּאַלערמאָ. און דאָ הענגען, זיי אַלע פון דור־דורות: מענער, ווייבער, קינדער, יונגע און אַלטע, בחורים און בתולות אין די פּאַראַדנע קליידער פון זייער צייט. אין זייערע פּנים'ער האָט זיך איינגעשניטען די לעצטע גרימאַסע, וואָס זיי האָבען געמאַכט ביי דער יציאת־נשמה.

מען זעהט ווי טייל, ראַנגלענדיג זיך מיט'ן טויט, האָבען אויפ־געעפענט די מיילער, ווי זיי וואָלטען א גרויס פּראָטעסט־געשריי גע־וואָלט פון זיך ארויסגעבען איבער דער עולה וואָס מען טהוט זיי, וואָס די פרעמדע, אונבעקאַנטע הענד שניידען זיי אָב פון לעבען. אַנדערע ווידער, איבערגעבענדיג זיך אין די אָרעמס פון א גרויסער האָפנונג און גלויבען, וואָס זיי האָבען געזעהן אין זייערע וויזיאָנען אין דער לעצטער מינוט, זיינען איינגעשלאָפען מיט א שטיל שמייכעלע אויף די ליפּען. א טייל פון זיי האָבען נאָך די אויגען אָפען און זייערע פּנים'ער דריקען אויס שרעק און אַנגסט פאַר דעם אונבעוואוסטען, וואָס זיי זעהן אין דער לעצטער מינוט.

א קינד האָבע זיי געזעהן הענגט צווישען די אַלטע און עס זעהט אויס, ווי עס וואָלט נאָך די הענטלעך און די אויגען צו דער מוטער אויסגעשטרעקט בעטענדיג זיך: „ראַטעווע מיך פון דעם, וואָס שלעפּט מיך יעצט אין זיינע קאַלטע אָרעמס"!... אויף א סך פון זיי זיינען שוין די געזיכטער און די קערפּערס פּערטריקענט געווען און ארויסגעפאַלען פון די פּאַראַדנע רעק, פון די שטיוועל, פון די היטלען.

די מלבושים, געאַרבייט אויס א דויערנדען שטאָף, האָבען לענגער אויסגעהאַלטען די צייהן פון דער צייט, ווי דער פלייש און בלוט שטאָף, אויס וועלכען עס איז אויסגעאַרבייט דער מענשליכער אָרגאַניזם. די מענשען זיינען צופאַלען, די קליידער זיינען נאָך גאַנץ געווען.

ווי אם געשווינדסטען, און אויף דער מינוט האט ער יעדען טאג געווארט.

דאס זיינען געווען די ניפּטינע שלאנגען הינטער די רויטע רויזען אין רוים.

---

דערווייל האט יעדער טאג געבראכט די הערליכע זונן איבער'ן איטאליענער הימעל. יעדער טאג האט געבראכט זיין לעבען און יעדע נאכט — איהר ליעבע. און דאס לעבען האט איהם ווי איינגעוויעגט, פערשלאפען און פערגעסען געמאכט פון דער טהאט, פון דער פליכט וואס ליגט אויף איהם.

ער האט זיך אנגע'שכור'ט מיט איהר ליעבע און נקמה גענומען פון איהר, געמיינט, אז אט־אט וועט ער זי איבערלאזען אין האטעל אליין מיט א בריעף און א פּאר פראנק און אנטלויפען. און געזאגט האט ער זיך, אז מארגען וועט ער דאס טהון, איבערמארגען, — אבער דער מארגען און דער איבערמארגען זיינען געקומען און דאס לעבען האט זיך ווייטער געגאסען ווי אוים א קוואל. דענסמאל האט ער זי נאך מעהר אנגעהויבען פיינד צו קריגען און חושד געווען, אז זי איז פאלש און זי ווייסט פון אלע געדאנקען וועגען וואס ער קלעהרט; אז זי האט דאס געטהאן אבזיכטליך, אבער איהר מינע און איהר פיהרען זיך זיינען געווען אזוי נאאיוו, אזוי אונוויסענד. זי האט טאקע ניט פערשטאנען, וואס ס'איז מיט דעם יונג. זי האט נור געפיהלט אז ער לײדט עפּיס, אז ער טראגט עפּיס אויף זיין נשמה, און זי האט אויף איהם רחמנות געקריגען.

איינמאל איז דאס געווען אין פּאלערמא, וואוהין זיי זיינען אנ־טלאפען, זוכענדיג זונן. זיי זיינען געגאנגען ביים ברעג ים, וואו דער ים ווארפט פון זיך אזא בלאהליכען, דורכזיכטיגען שיין, אז מען זעהט אלעס, וואס עס טהוט זיך אויף זיין אונטערגרונד.

איבער דער גאס ציהט זיך א רייה לאסטוועגען מיט טעאטראלישע דעקאראטיוו־געמעלדער און די מענשען וועלכע זיצען אויף די וועגען זעהן אוים, ווי זיי וואלטען געווען אוים די פיגורען פון די געמעלדער.

געהן זיי אזוי ביים ברעג און שווייגען. און דער יונג קלעהרט וועגען דעם, אז עס מוז דאך נעהמען א סוף. קומען זיי אן פּאר אן אלטער פראנציסקאנער קלויסטער. זיצט אן אלטער מאנאך און ציהט אויף קרעלען אויף א שנירעל און פרעגט זיי, אויב זיי ווילען

אַז אַנדערס מאָל האָט ער גאָר נישט געקלערט איבער די פאָלגען. וואָס קענען ארויסקומען פאר איהם פון דעם „טהאַט". ער האָט נור געזעהן די טהאַט אליין און איז גליקליך געווען איבער איהר. יעצט אָבער איז די טהאַט אליין פערבאָרגען געווען פון איהם. זי האָט זיך ווי בעהאַלטען הינטער די פאָלגען, וואָס וועלען ארויסקומען פון איהר, און ער זעהט נור דעם שווארצען אונענדליכען אבגרונד, צו וועלכען עס פיהרט איהם זיין וועג. און צום ערשטען מאָל שרעקט איהם דער טויט, וואָס שטעהט הינטער דער טהאַט.

צוערשט האָט ער נאָך ניט צוגעלאָזט דעם געדאנק צו זיך, פערדיאָגט פון זיך יעדן חשד פון שוואכקייט, דערנאָך האָט ער גענומען נאָכקלעהרען פארוואָס איז דאָס אזוי, וואָס האָט זיך געענדערט אין איהם, און ער האָט געמאַכט די שרעקליכע ענטדעקונג, אז שולדיג איז אין זיין שוואכקייט די שעהנע ליטוויטשקע, אז זי האָט איהם פערסס'ט מיט'ן לעבען, מיט איהר ליעבע.. און ער האָט זי אָנגעהויבען פיינד צו קריגען, געקלערט דערפאר נקמה צו נעהמען פון איהר, אויסצוטרינקען דעם גאנצען בעכער פון לוסט און תאוה, וואָס שטעקט אין איהרע ביינער און זי לאָזען שטעהן אַ אויסגעטרונקענע, אַ אויסגעזויגענע און אוועקגעהן זיין וועג צו דער "טהאַט".

מיט יעטווידער נאַכט, וואָס זיי האָבען געהאַט הינטער זיך, האָט זיך איהם געדאַכט, אז ער קומט נעהנטער צו צו זיין וועג — אוועקצולויפען פון איהר און געהן צו דער „טהאַט", אָבער וואָס מעהר ער האָט פון דעם בעכער געטרונקען, וואָס מעהר עס זיינען געפלאָסען פון די שעהנע ליטוויטשקע די קוואַלען־שטראָמען פון איהר ליעבע, וואָס מעהר ער האָט גענאָסען פון זיי — דאָס שווערער און פערוויקעלטער איז איהם געוואָרען דער וועג צו דער „טהאַט". עס האָט זיך איהם געדאַכט, אז זי שפרייט אויס אויף דעם וועג צו דער טהאַט גיפטיגע שלאַנגען, וואָס זי שליידערט ארויס פון איהר ליעבע־קוואַל.

דורכדעם האָט ער זי פיינד געהאַט און געוואָלט נקמה נעהמען פון איהר — פאַר זיין לעבען — מיט איהר ליעבע... נור איין זאַך האָט ער געפיהלט, אז ווי עס זאָל נישט זיין = די טהאַט מוז געשעהן. עס איז נור א אבשלעפּעכץ, אָבער עס וועט זיך ערוועקען אין איהם. ער וועט זיך צוזאמעננעהמען און איבערלאָזען איהר בעט און בעכער און געהן דארט, וואו די פליכט רופט איהם. און דאָס מוז געשעהן

ריכטיג און ער האט נור געזוכט צו פערבלענדען די אויגען, צו צוצי־הען די מעהר רוהיגע עלעמענטען צו דער רעגיערונג און די רעוואלוצי־אנערען צו איזאלירען. איינינגע פערזאנען פון יאש'ס גרופע האבען בעשטימט אבצוראמען די הויכגעשטעלטע פערזאן פון וועג און אויס־צופיהרען דעם פלאן אויף אייגענער האנד מיט די געלד־מיטלען. וואס זיי האבען צוגענומען פון דעם פאסט־טראנספארט אויפ'ן קאלי־שער וועג. צו דעם טהאט האט זיך געריסען אינאיינעם מיט אנדערע אויך יאש. און זיין כראברע האלטען זיך ביים אנפאלען, זיין פראנ־צויזש רעדען, וואס איז אונבעדינגט נויטהיג געווען אין פערקעהרען אין די הויכע האטעלען, וואו די הויכגעשטעלטע פערזאן וועט איינ־שטעהן, האט ערוועקט צו איהם צוטרויען און ער האט עס זיך גענומען אויספיהרען אויף אייגענער האנד.

צוויי חברים זיינען ארויסגעפאהרען נאכשפירען די הויכגעשטעלטע פערזאן, צו האבען זי אויפ'ן אויג, און יאש איז דאס דערווייל געפאה־רען קיין זאקאפאנע, גענומען זיין שעהנע ליטוויטישקע אבצופרעהען זיך מיט איהר פאר'ן טויט.

די טהאט האט ערשט געזאלט ווערען אויסגעפיהרט אין א פאר וואכען ארום, ווארים עפעס אן אונגעריכטע מניעה האט די הויכגע־שטעלטע פערזאן אויפגעהאלטען נאך אין פעטערבורג, וואו עס איז אונמעגליך געווען צו איהר צוצוקומען. און יאש האט צייט געהאט דערווייל אבצופרעהען זיך מיט מערי'ן. נור יאש בלום, וואס איז אלע מאל גליקליך געווען אויף א „טהאט" און געריסען זיך צו יעדע פא־זיטיווע ארבייט, דער יאש בלום, וואס צוזאמען מיט די חברים, ווען זיי זיינען בעפאלען א פאסט־וואגען, א קאראאול, האט ער ארויסגע־וויזען אזא מוטה און אזא אפפערונגס־וויליגקייט, אז ער האט פער־וואונדערט און פערשעהמט זיינע קריסטליכע פריינד — האט זיך יעצט, ווען עס איז איהם אויסגעקומען צו האנדלען אויף אייגענער פעראנטווארטונג און מיט קיין בעטהיילונג פון די חברים, געפיהלט זיך מיט דער „טהאט" אונהיימיש און שלעכט. ער האט מורא געהאט צו מאכען ביי זיך די שרעקליכע ענטפלעקונג, אז צום ערשטען מאל אין זיין לעבען זאל ער אפשר פורכט האבען פאר'ן טויט. ער האט פעריאגט דעם אנגסט פאר דעם וואס שטעהט איהם פאר פון זיך, נור יעדעס מאל איז זי איהם ווידער געקומען.

אפּראַריטאַס אין דער פישער־גאַס ; פון די שאָטענס אין דער לבנה־נאַכט אין קאָליזעאום און די שאָטענס פון די אַפּאַסטאָלען ; פון די קירכען־גלאָקען און פון די חורבות פון דער אַלטער שטאָדט. און די נעכט, די נעכט מיט די שטערען איבער דעם איטאַליענישען הימעל...

זייער צימער איז פול געווען מיט רויזען, רויטע רויזען, פולע און זאַפטיגע, וואָס האָבען געזאָגט פון זיך אַ גערוך, וואָס האָט געוועקט יעדער טראָפּען בלוט... רויטע רויזען — אומעטום און איבעראַל. און הינטער די רויטע רויזען, האָט זיך גערוכט, זיינען בעהאַלטען גיפטיגע שלאַנגען, וועלכע וואַרטען נור אויף דער גינסטיגער מינוט, אַז זיי זאָלען זייערע קעפּ און גיפטיגע צונגען אַרויסשטעקען פון צווי־שען די סאַמעטענע רויטע רויזען בלעטלעך...

---

קאַפּיטעל 31.

## גיפטיגע שלאַנגען.

אַ גרויסע און שווערע אויפגאַבע האָט יאַש בלום אויף זיך גענומען. די גרופּע פון זיין פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך פאַר קיין זאַך נישט אָבּ־געשטעלט, אַבי אויפצורודערען די וועלט, אום מען זאָל רעדען פון איהרע ראָמאַנטישע טהאַטען — האָט געקריגען אַ ידיעה, אַז אַזעלכע און אַזעלכע הויכגעשטעלטע פּערזאָן וועט זיך אויפהאַלטען ביי איהרס אַ טאָכטער, וועלכע איז אַ פרוי פון אַ רוסישען קאָנסול, אין איינעם פון די אויסלענדישע אַריסטאָקראַטישע באָדע־אָרטען.

די הויכגעשטעלטע פּערזאָן, וועלכע האָט פערנומען אַ הויכע פּאָסטען, איז גראָדע געווען אַ ליבעראַל, דורכדעם האָט זי זיך נישט געהיט און איז נישט געווען אַרומגערינגעלט מיט שפּיאָנען ווי די אַנדערע. נור דער ליבעראַליזם פון דעם מיניסטער, האָט יאַש'ס פּאַרטיי אַנערקענט, איז מעהר שעדליך און מעהר געפעהרליך פאַר דער רעוואָלוציע, ווי דער רעאַקציאָניזם פון די אַנדערע הויכגעשטעלטע פּערזאָנען. דער מיניסטער, וועלכער האָט געוואָלט בערוהיגען דאָס לאַנד מיט זיין ליבעראַליזם, האָט עס קיינמאָל נישט געמיינט אויפ־

וואלט פערטרונקען געווען אין דעם ליכטיגען, רויטען, בליהענדען רויזען־רעגען.

אין די מוזעאומס זיינען זיי נישט געגאנגען. זיי האבען זיך ארומגעדרעהט ארום די אלטע מויערען, ארום די שטיינער און די פאַלאַצען, אויף וועלכע עס האט זיך אבגעשפּיגעלט די געשיכטע פון דער וועלט. און עס האט זיך זיי געדאכט, אז זיי זיינען מיטגעווען ביי די אלע טהאטען, וואס האבען זיך אבגעשפּיעלט דא, אין דעם רוים. אלעס האט זיך ביי זיי אויסגעמישט: צעזאר, פּעטרוס, יוליוס דער צווייטער, מיקעל־אנדזשעלא, ראַפאַעל מיט זיינע שילער, אינאיינעם מיט א היינטיגען רוימער סוביעקט, וועלכער געהט אין קינעמאַטאגראף; די אלטע לעקטיקעס אינאיינעם מיט די עלעקטרישע טראמוואיען, וואס יאגען איבער די גאסען; די זיילען, די רעשטען פון אלטען רוים, מיט די אפישען פון די מאגאזינען — אלעס איז געווארען אויסגעמישט און אלעס איז געווען בעשאטען מיט רויזען, רויזען, רויזען...

און באלד דערביי איז א בעוועגונג, א בעלעבונג, א געשריי און א האנדעל — פערקויפען די אידען פיש אויף די אלטע מארמארנע פלעצער, וואס זיינען איבערגעבליבען פון ווענוס און אפאלא'ס טעמפּלען... און די עלעקטרישע און גאז־ליכט בעלויכטעט זייערע פאַרמעט־געזיכטער, לאנגע נעז און דערשראקענע אויגען, אין וועלכע עס איז פערשטיינערט געווארען די שרעק פאר'ן קארנאוואל, וואו מען האט זיי געיאגט איבער דער קארסא און זייערע טעכטער, וואס האבען אמאל געמוזט טעפיכען אויסהעפטען צו בעפוצען טיטוס'עס טריאומף־בויגען צום קארנאוואל־פעסט, דרעהען זיך יעצט איבער די שמאַלע טראטוארען ארום, ווינקען מיט פערשארטע אויגען, הויבען אויף די שמאלע קליידלעך, ווייזען זייערע געטאקטע פיסלעך און פערפיהרען דעם פרעמדען אין די טונקעלע קארידארען פון די אלטע הייזער אין זייערע קליינע שטיבלעך אריין.

זיי זיינען ביידע ארומגעגאנגען ווי שכור אין דער אלטער זינדיגער שטאדט, שכור פון דעם לעבען, וואס איז דא אמאל געווען און איז נאך יעצט, פון דעם רוימען איטאליענישען וויין, פון די רויטע רויזען, מיט וועלכע עס זיינען פול די מערק און די פלעצער; פון די שעהנע מיידלער, וואס דרעהען זיך אין די גאסען ארום; פון די אויסגעלאסענע הערמא־אפראדיטאס און די קורטיזאנקעס, און פון די אידישע הערמא־

גאנצע טעג האבען זיי זיך ארומגעדרעהט איבער די רווישענדע מיטעלאלטערישע גאסען, וואו דאס לעבען איז עהנליך געווען, ווי ווען די אלמעכטיגע מעדיצים וואלטען נאך אין זייערע שלעסער געזעסען און די דאזשען דרעהען זיך אין די גאסען ארום. און באלד ערשיינט א קורטיזאנקע מיט איהר גאנצען שטאב. די קליינע אפעלער לויפען איהר נאך און זי האלט א פאפוגאי אין די האנד צום צייכען פון איהר פראפעסיע און די דאזשען בעשטעלען ביי איהר נאכט-לאגערס, צו פריי- הער... אויף דעם מיקעל-אנדזשעלא-פלאץ האט געהערשט די קאפיע פון אנדזשעלא'ס "דוד". ווי א יונגער נאקעטער בעזיעגער איז דער שעהנסטער מענשען-קערפער געשטאנען אויף דעם בארג און בע- הערשט מיט זיין אינגלישען לייב דעם גאנצען טאל, דעם טייך און די האלבע שטאדט, וואס זיינען געלעגען צו זיינע פיס. זיי האבען זיך צוגעקוקט צו זיינע יונגע שטארקע בריסטען, אין וועלכע די שטראהלען פון דער זונן האבען זיך אבגעשלאגען, און ער איז געגליכען געווען ווי א יונגער גאט וואס שטעהט דא און בעהערשט די וועלט מיט זיין שעהנקייט.

מיט א טאג פריהער האבען זיי דעם אריגינאל געזעהן אין מיקעל- אנדזשעלא'ס זאמלונג. דארט שטעהט ער ווי א רעליקוויע, דער שטיין צו וועלכען מיקעל אנדזשעלא האט זיך אנגעריהרט און פון זיין האנד איז ארוים זיין „דוד". דארט איז דער דוד צוגעשלאסען אין דער האלע און ער רייסט זיך פון די פיער וואנד ארויס, ער קען נישט פערטראגען דעם וואף איבער זיין קאפ. און דא שטעהט ער אין דער פריי, אין דער זונן. איבער זיין קאפ איז גאט און דער הימעל, צו זיינע פיס — די ערד און די וועלט, און ארום איהם — די זונען-שטראהלען. דאס איז די ריכטיגע וואהנונג פאר דעם שעהנסטען מענשען-קערפער, וואס דער מייסטער האט בעשאפען.

נאך בעסער האבען זיי זיך געפיהלט, ווען זיי זיינען ביידע אין א פאר טעג ארום געקומען קיין רוים.

רוים איז געווען איינגעטונקט אין א ים פון רויטע רויזען. די רויזען זיינען צייטיג געווארען און די גאסען, און די פאלאצען און די זיילען און די קארסעס זיינען פול געווען מיט רויזען. איבער די גע- מויערטע וואנד האט זיך געגאסען דער רויזען-שטראם, ווי דער וויין וואלט זיך איבער זיי געגאסען. און רוים האט אויסגעזעהן, ווי עס

אבער פון זיין געזיכט און פון זיינע בעוועגונגען איז שוין פער־
שוואונדען די שרעק פון טויט, און דער יונג האט יעצט געעטעמט
מיט לעבען.

---

צו מארגענס זיינען זיי אוועק פון ווענעדיג קיין פלארענץ.
אין דער זונען־שטאדט, ביי דעם געמיטליכען, פרעהליכען לעבען,
וואס עס פיהרט דער מיטעלאלטערישער נעסט — איז אינגאנצען פער־
שוואונדען די טרויעריגע שטימונג, אין וועלכע עס האט זיי אריינגע־
בראכט דאס האלב־פערגעבעלטע ווענעדיג מיט זיינע קאנאלען און מיט
זיינע שווארצע גאנדאלען. זיי האבען זיך דאביידע געפיהלט ווידער
יונג, פריש און פערגעסען אן דעם „סוד", וואס שוועבט צווישען
זיי. עפעס ווי א משא איז אראב פון יאש'ס פלייצעס, ווען ער איז
געגאנגען לוסטיג איבער די פלארענטינער גאסען, אויף דעם מיטעל־
אלטערישער בריק איבער דער „ארנא", וואו עס שטעהען נאך אויס־
געשטעלט דיביידלעך פון די סקולפטארען, ווי אין מיכאל־אנדזשעלא'ס
צייטען. אלץ איז דא געוועזען אזוי בעקאנט, עפעס היימיש און דערביי
אזוי אלט, ווי דער זיידע און די באבע וואס זיצען אין זייער פאטער־
שטוהל. די שטאדט שטעהט נאך מיט איהרע מנהגים, ווי דענסמאל,
ווען עס האבען נאך געלעבט אין איהר די אלטע גרויסע מייסטערס.
און עס דאכט זיך זיי, אז געהען זיי דורך א בודקעלע, אין וועלכע עס
וואהנט דער מאסטער דאנאטעלא, אט זיצט ער פאר דער טהיר. און
פאר זיין טהיר, אלס שילד פון זיין מלאכה, שטעהט זיין קליינער „דוד".
זיי קומען אריין צו איהם: „באן זשאנא, מאסטרא דאנאטעלא!"
און בעשטעלען ביי איהם א קליינע בראנז־פיגור אויף א קאמין־
זייגער...

זיי האבען נישט געוואלט געהן אין די מוזעאומס. די זונן האט צו
ליכטיג געשיינט, און די גאסען מיט די געוועלבלעך און די שעהנע
פלארענטינער מיידלעך, וואס אלע האבען זיי אויסגעזעהן ווי ארומ־
געהענדינע לעבעדיגע קאפיעס, פון באטיטשעלי'ס, פון טיציאן'ס
פון לעאנארדא־דע־ווינטשי'ס בילדער, זיינען געווען די שעהנסטע
רייכסטע מוזעאומס.

— וואס, ביסט קראנק, יאש?

דער יונג האט זיך דערשראקען און פערשעהמט פאר דעם ווארט. עס האט זיך אין איהם ערוועקט זיין גאנצע קראפט און עס האט איהם ארומגענומען א שאנד איבער זיין שוואכקייט. ער איז ארויס מיט א געלעכטער.

— פערשטעהסטו נישט, אז איך לאך, מערי? גיב דיין מויל, מיין שעהנע פויגעל. — און ער האט זי געכאפט אויף זיינע הענד און אנ־געהויבען זי ארומטראגען איבער די גאסען.

זי האט זיך געריסען פון איהם, זי האט געהאט דאס געפיהל, ווי עס וואלט זי אנגעריהרט נישט־גוטעס. אבער דער יונג האט געפרובט צו פערטראגען פון איהר דעם שרעק, וואס ער האט איינגעפליסט אין איהר מיט זיין פיהרען זיך. ער האט פערשטאנען ווי ער מוז יעצט שעהן־אויסזעהן ביי איהר און אז זי וועט זיך עקלען אנריהרען זיך אן איהם — האט ער געלאכט, איבערן וועג זי טראגענדיג:

— קינד דו, וואס איז דער טויט? ער איז מיין פריינד, מיין אינטימסטער, אינטימסטער פריינד.

מיט די רייד זיינען זיי אין זייער צימער אריין.

ער האט זי גענומען אויף זיינע קניהען און געהאלטען זי ווי א פולען קעלך מיט געטראנק און געקושט איהרע ליפען. האט צו איהר גערעדט אין ווארימקייט, ווי ער וואלט געוואלט אנטלויפען פון דער שרעק פון טויט צו איהר לייב.

— איז דיין ליעבע דען נישט אינטערעסאנטער און שטארקער נאך פון דעם טויט? ווען דו קוקסט אויף מיר, ווען דיינע שווארצע לאקען ריהרען מיין הארץ אן. ווען איך פיהל דעם געשמאק, וואס יאגט פון דיין לייב — א, ווען הונדערט טויטען וואלטען געווען אויף דעם וועג צו דיר, וואלט איך דורך זיי דורכגעטראטען און געקומען צו דיר!

זי האט איהם געקוקט אין די אויגען אריין. פון זיי האט יעצט דאס לעבען ארויסגעשפראצט. אבער דאך האט זי זיך געשראקען פאר איהם. עס איז איהר געווען, ווי ער אנטלויפט פון עפעס און זוכט שוץ ביי איהר.

פון מיטעלאלטער, האבען אויך געטראגען די געהיימנוספולע אנגע־טהוערס מיט די שווארצע מאסקעס. עס האט אויסגעזעהן ווי די טרע־גער וואלטען געווען די שלוחים פון טויט. און דער טויט פאהרט אויף זיי. הינטער זיי איז געפאהרען די לויה.

יאש און מערי האבען זיך אנגעקוקט. דער יונג איז בלייך גע־ווארען.

## קאפיטעל 30.

# רויטע רויזען.

צווישען מענשען האבען זיי זיך געוואלט בעהאלטען פון דער שרעק פאר'ן טויט, וואס איז זיי בעפאלען. זיי האבען זיך נישט אב־גערעדט און דאך האבען זייביידע געוואוסט, אז אין דער היים זיין קענען זיי נישט. זיי האבען זיך אנגעטהאן און זיינען אוועק אין א קאבארעט, אין איינעם פון די שמוציגסטע ווינקעלער פון שטאדט.

דארט האבען זיי אנגעטראפען א חברה ציגיינער, וועלכע האבען געזונגען ליעדער און איינינגע צווייפעלהאפטע איטאליענער, וועלכע הא־בען זיי בעגלייט מיט די גיטארען. א קליין שווארץ־חנ'עוודיג „כשוף־מיידעל", וועלכע איז ארומגעגאנגען צווישען עולם און אלעמען געטרא־פען אויף דער האנד, האט זיי מעהר צוגעצויגען ווי אלע אנדערע אין קאבארעט. דאס מיידעל האט געהאט א לייב ווי א שלאנג און אויגען פער'שכור'טע. און אז זי האט גערעדט מיט זיי, האט דאס מיידעל זיי אזוי טיעף אין די אויגען אריינגעקוקט, אז עס האט זיך זיי געדאכט, אז דאס מיידעל ווייסט דעם סוד פון טויט, וואס יאגט זיי נאך, און גיט זיי אנצוהערען דערפון מיט איהר בליק.

יאש האט געפרובט אנ'שכור'ן זיך. מערי האט איהם אבער איינ־געהאלטען, נישט געגעבען און ארויסגעצויגען איהם מיט געוואלד פון דעם שרעק־גרוב. זיי האבען זיך נאך לאנג ארומגעדרעהט איבער די גא־סען. די גאסען זיינען געווען שטיל און טונקעל בעלויכטען. מערי האט איהם אנגעקוקט און אנגענומען ביי דער האנד:

און אז מען האָט זי געפרעגט דורך וועלכען וועג קען זי קומען צו איהם, האָט זי געענטפערט: דורך זיין פידעלע.

פון דאמאָלס אָן איז דער אָרימער שפּיעלער געזונד געוואָרען. ער האָט ווייטער געלעבט מיט מענשען, לעקציעס געגעבען, נור אַהיים גע־קומען אויף דער נאַכט, האָט ער זיך אין זיין שטיבעל איינגעשלאָסען, דעם לאַדען צוגעמאַכט, דעם לאָמפּ אָנגעצונדען און אנידערגעשטעלט אַ שטוהל פאר איהר, גענומען דאָס פידעלע אין דער האַנד אריין און האָט אָנגעהויבען צו שפּיעלען. איז זי ערשיענען פאר איהם, האָט ער זיך געפרעהט מיט איהר און ווייטער געלעבט מיט איהר ווי פריהער...

יאָ, מען קען די טויטע צוריק ארויסרופען. מען דאַרף נור האָבען מיט וואָס און מען דאַרף נור וועלען. זיי וואַרטען נור אויף אונזער רופען און ווען מיר קלערען פון זיי, זיינען זיי ביי אונז.

יאַש, וועלכער האָט זיך איינגעהערט צו איהרע רייד און צו דער בעקאַנטער ווייכער שטים, וואָס האָט אָבגעקלונגען אין דער לופטען, האָט געכאַפּט איהר האַנד אין זיינע און געקוקט איהר אין פּנים אריין און געפרעגט זי בלויז אין טרוקען געצעהלטע ווערטער:

— וועסטו מיך אויך אמאָל ארויסרופען מיט דיין קלערען וועגען מיר?

מערי וועלכע האָט פערשטאַנען, אז דער יונג וויל איהר יעצט זאָגען דעם סוד, וואָס דריקט איהם — האָט זיך געשראָקען פאר איהם און געזוכט אויסצומיידען. האָט זי געזאָגט מיט אַ שמייכעל:

— דו רעכענסט דאָך נישט אזוי פלינק צו שטאַרבען, יאַש.

— יאָ. ווייסטו, אז מיין רייזע יעצט איז נישט קיין האָכצייטס־רייזע, נור אַ טויט־רייזע.

— יאַש, — האָט זי איהם אָנגעכאַפּט ביי דער האַנד — וואָס רעדסטו דו?

— שווייג. קיין איין וואָרט נישט מעהר דערפון.

אין דעם אויגענבליק איז פון אַ זייטען־קאַנאַל ארויסגעפאַהרען אַ שווארצע גאָנדאָלע, אין וועלכער עס זיינען געשטאַנען פיער מענשען מיט שווארצע מאַסקעס אָנגעטהאָן און האָבען געהאַלטען פיער שטול־קאַצען אין די הענד. אויף דער גאָנדאָלע האָט זיך געפונען אַ שווארצע טרונע, בעלעגט מיט בלומען און די פיהרער פון דער גאָנדאָלע, וועלכע זיינען געווען פון דער חברה בעגרעבער, וואָס טראָגען נאָך דעם טראַכט

מוזיק, אזוי קענען מיר נאָך נישט פערנעהמען דעם לעבען פון די נשמות, וואָס שוועבען ארום אונז

— אַז מען שטאַרבט, באַקט מען בייגעל, מיין געליעבטסטע — זאָגט דער יונג, אַנגעלעהנט אויף דער בארקע — קושט די קליינע, פרישע ליפּלעך (ווייזט ער אויף מערי'ן) אַן אנדרערער, עסען די קרומע ווייסע צייהן אַן אַנדערען, טראָגט אויף די הענד דעם לייכטען שמעקענדען קערפּעריל, ווי אַ פלעשעלע פּארפיום, אַן אנדרערער. און ביסט דו נאָר דערביי, קענסטו נישט קיין צוויי צעהלען — לאַכט דער יונג.

— און איך קען אַ פּאָר, וואָס האָבען געלעבט צווישען זיך נאָכ'ן טויט, — זאָגט מערי.

— נאָכ'ן טויט! דאָס איז אינטערעסאנט, וועסט אפשר דער־צעהלען?

ער זעצט זיך נעבען איהר. די נאַכט הויבט זיך אַן אריינצושלייכען אין וואסער אריין.

— איז געווען אין פּעטערבורג אַ יונגער מוזיקער. איך האָב איהם געקאָנט — אַ איד. האָט גאָר נישט געוואוסט און גאָר נישט מעהר גע־קענט, נור זיין מוזיק, זיין פידעל און זיין מענדעלסאָן. אַ סענטימענטאַ־לער, אַ דינער און אַן אידעלער ווי אַ מוזיקער. און געהאָט האָט ער אַ געליעבטע אויך אזוי ווי ער — אַ סענטימענטאַלע, אַ דינע, אַן איי־דעלע—צוויי שיללערישע טיפּען אידעאליסטען. און אז זיי זיינען ביידע צוזאַמענגעזעסען, ער האָט געשפּיעלט און זי האָט געהערט, איז עס געווען איין ווּזען. מיר האָבען זיי גערופען די פייגעלעך, ווארים זיי זיינען טאַקע געווען אַ פּאָר ווי פייגעלעך. שטענדיג האָט מען זיי געזעהן געהן אינאיינעם, קיינמאָל נישט בעזונדער, אזוי אז עס האָט זיך גע־דאַכט, אז זיי זיינען שוין אזוי בעשאַפען געוואָרען. פּלוצלונג איז זי קראַנק געוואָרען און איז געשטאָרבען. און ער האָט ווייטער געלעבט. ער האָט נור אויפגעהערט צו שפּיעלען אויף זיין פידעלע. זיך נישט גע־וויזען פאַר מענשען, געזעסען איינגעשלאָסען ביי זיך אין שטיבעל גאַנצענע טעג און פערגעסען אַן דער וועלט.

איינמאָל האָט איהם אַ פריינד מיטגענומען אויף אַ ספּיריטיסטי־שען סעאַנס, וואו מען האָט ארויסגערופען זיין פערשטאָרבענע כלה. זי האָט איהם געלאָזט זאָגען, פאַרוואָס ער רופט זי קיינמאָל נישט ארויס

איך נאך בעקאנטער געווארען מיט'ן טויט, היימישער געווארען. ער האט וואס אמאל מעהר פון מיינע בעקאנטע צוגענומען. אזוי אז נאך מיין מאמעס טויט בין איך שוין גאר מיט איהם משפחה געווארען און איך בין בערייט אויף איהם, און איך האב שוין קיין מורא פאר איהם. נור דאס וואס איך רעד פון איהם איז דערפאר, ווייל וועגענדיג שטימט אזוי. יא, קוק אויף די שווארצע גאנדאלען, אויף די טויטע שטומע הייזער, וואס שטעהען פערשלאסענע ביי די קאנאלען — איז עס ניט א טויטע שטאדט? דא, דאכט זיך מיר, געהט דער טויט ארום אין א מאסקע אנגעטהאן צווישען די לעבעדיגע.

דער יונג איז געווען זעהר ערנסט ביי זיין רעדען. דאס האט אויף מערי'ן געווירקט און זי האט דערפיהלט, אז דער סוד, וואס דער יונג טראגט אין זיין הארץ, האט א שייכות מיט'ן טויט און ער ריכט זיך אויף איהם.

— זי איז דערשראקען געווארען פאר איהם און ער איז איהר פרעמד געווארען, ווי ער וואלט שוין אין אן אנדער וועלט געקעהרט. דערביי האט זי דאס פרעמדארטיגקייט גערייצט, די סכנה, וואס שמעקט נעבען איהם און דער טויט וועגען וועלכע ער רעדט. זי האט איהם צוגערעדט, אז זיי זאלען פאהרען מיט א גאנדאלע איבער דער שטאדט.

אין איינע פון די סטאנציעס האבען זיי גענומען א שווארצע גאנ־דאלע און געלאזט זיך איבער די קאנאלען פון שטאדט.

דער יונג איז געווארען פרעהליך און האט אנגעהויבען צו פייפען פון מאניושקא'ס אפערע, און גערייצט זיך מיט מערי'ן, און פערפיהרט א געשפרעך מיט די פיהרער — נור מערי האט זיך פלוצלונג אבגערופען:

— און גלויבסטו נישט, אז ס'איז דא א צווייטעס לעבען און מיר, לעבעדיגע, האבען א בעציהונג מיט די, וואס זיינען שוין אין צווייטען לעבען... זיי זיינען נעבען אונז און מיט אונז, נור מיר הערען זיי נישט, ווייל זיי זיינען אזוי שטיל און אזוי אונזיכטיג, אז אונזערע חושים זיינען נאך צו גראב צו דערפיהלען זייער נאהענטקייט. ווען מיר ווע־לען זיך אונזערע חושים אויסאיידלען און זיי וועלען מסוגל ווערען צו פערנעהמען די איידעלסטע טענער, דענסמאל וועלען זיי אויך פער־נעהמען די נשמות, וואס זיינען ארום אונז. אזוי ווי די חושים פון א גראבען מענשען קענען נישט פערנעהמען די טענער פון אן איידעלע

אזוי פעראיינזאמט. אז קיינער קען נישט מעהר געבען דעם צווייטען, וויפיעל ער לאזט איבער אויפ'ן טיש נאכ'ן זאט ווערען...

דערויף איז ער טרויעריג געווארען און געזאגט פאר זיך:

— די אלטע זיידעס האבען כאטש אויסגעטראכט א לעבען אויף דער צווייטער וועלט. יענער טויט איז אזוי לייכט אנגעקומען— איבער־געגאנגען פון איין וועלט אין דער צווייטער. די סאציאליסטען מוזען אזא צווייטע וועלט ערפינדען. נישט פאר די לעבעדיגע, נור פאר די וואס שטארבען. ווארום א צווייטע וועלט דארף מען נישט פאר די לעבע־דיגע, זיי האבען גענוג די וועלט — נור פאר די טויטע. אז נישט, וועלען די סאציאליסטען קיינמאל ניט אריינדרינגען אין לעבען אריין און קיינמאל ניט בעהערשען, ווארום זיי זיינען צו ארימלעך פאר די מענשען.

— צו וואס זאגסטו מיר דאס אלעס?

— איך וויים נישט. האסטו נישט דאס געפיהל, אז אין וועגעריג איז דא דער טויט? אפשר איז עס איבער א בוך, וואס איך האב געלעזען איבער וועגעריג, נור איך האב געהאט דאס געפיהל נעכטען אין אבענד, ווען מיר זיינען אין שטאדט אריינגעפאהרען, אז דער טויט פאהרט אונז נאך אין א נאנדאלא.

מערי האט פערשארט געשמייכעלט, געוויזען איהרע ציינער און געזאגט:

— איך האב געמיינט, אז די רעוואלוציאנערען און דערצו נאך די „פוילישע בויאוווצעס" האבען נישט קיין מורא פאר'ן טויט.

ער האט זי ביי דער האנד אנגענומען.

— ווען איך וואלט געווען געוואוסט, וואס דאס איז אזעלכעס. איבעריגענס געוועהנט זיך א מענש צו דעם טויט. דער טויט ווערט היימישער מיט'ן מענש, וואס עלטער דער מענש ווערט. אט למשל, ווען איך בין א קינד געווען, האב איך גאר נישט געגלויבט, אז מענשען שטארבען. איך האב געמיינט, אז דער טויט איז נור אין איינצעלנע צופאלען. דערנאך, אז דער טויט האט צו ערשטען מאל פון מיינע בעּ־קאנטע צוגענומען מיינס א חבר, האב איך אנגעהויבען צו גלויבען, אז דער טויט איז יא דא, נור איך וועל תמיד, תמיד לעבען. מיין לע־בענס אינסטינקט האט מיך נישט צוגעלאזט אז איך זאל צוגעבען, דאס איך וועל אמאל שטארבען. אז איך בין עלטער געווארען, בין

און איהר אינגלישער קערפּער האָט זיך ארויסגעשניטען פון איהר קליידונג. די שווארצע האָר־לאָקען האָבען זיך ארויסגעריסען פון איהר רונדיגען ספּאָרט־הוט, מיט וועלכע דער ווינד האָט זיך געשפּיעלט. ארום איהר האָבען טויבען געקלאַפּט מיט זייערע פליגעל, געפלויגען איבער איהר קאָפּ, ארומגערינגעלט איהר קערפּער און געגעסען אויס איהרע הענד. און זי האָט זיך געפרעהט מיט זיי און געלאַכט צו זיי און איז עהנליך געווען צו א פויגעל, צו א טויב פון אן אנדערן מין, וואָס שפּיעלט זיך אין ליעבע מיט די טויבען.

יאש האָט געקוקט אויף איהר, ווי זי שטעהט צווישען די פליגעל־טויבען, און געשמייכעלט צו איהר. דער סוד, וואָס האָט זיך געלעגט ווי א טרויער איבער זיין שטערען, איז אויך נאָך היינט נישט פערשוואונדען, נור היינט איז ער פרייער, זיכערער עפּיס און שוין שטאַרקער. און ער נעהמט אן מיט זיין שטאַרקער האַנד מערי׳ס ארים און פיהרט זי ארויס פון טויבען־געדויש.

— קום צום ברעג פון ים.

און דער ים גיסט זיך אויס פאַר זיי אין דער אונענדליכקייט און ווערט פערשוואונדען אין א לייכטענדען ליכט, וועלכעס קאַכט אויף די וועלען. איינצעלנע גאָנדאָלען, קליינע שיפלעך פערפיהרען די וועלען אין דער ליכטיגער אונענדליכקייט אריין. און מערי און יאש געהען אויף דעם לאַנגען בולוואַר. קעגען זיי קוקען אראָב די אַלטע ווענעציאַנישע הייזער מיט זייערע ערנסטע געוועלבען, מיט זייערע ערנסטע שווערע פענסטער, מיט זייערע גאַרדינען און אַלטע גראַהע קעפּ פון די איטאַל־יענישע סענאַרען. און יאש פיהרט מערי׳ן פאַרזיכטיג ביי דער האַנד, קוקט איהר אין די אויגען אריין — און זאָגט אַזוי:

— דאָס לעבען איז שעהן, מערי, און א שאָד עס צו פערלאָזען. עס מאַכט נייגעריג און מען וויל וויסען, וואָס עס וועט זיין א טאָג נאָכ׳ן טויט.

און ער האָט איהר געקוקט אין די אויגען אריין און געשמייכעלט און אַנגענומען זי ביי דער האַנד.

— זאָג דעם אמת, עס וואָלט דיך געאַרט א טאָג נאָך מיין טויט צו געהן מיט א צווייטען ביי דעם ברעג פון ים? מיין נישט אַז איך האָב דיך דערפאַר פיינט, פערקעהרט, אפשר ליעב, די מענשען זיינען

ציטערט פאר פרישקייט און רויט אפגעפארעט, האט זי געשטעלט ווי אויף די פרימיטיווען פון קראנאך'ס בילדער. פאראויס פאר זיך — איהר בויך וועלכער איז געוועזן פול און רונדיג און ווי א טוי־פרישקייט וואלט געוועזן בעהויכט אויף איהר. איהרע צוויי יונגע טויבען־בריסטען האבען ארויסגעשאסען פון איהר, ווי די פולע גרויסע וויינטרויבען און אבגעשפרונגען פוןביידע זייטען. פון איהר לייב האט געוועהט דאס זיסקייט און טוי־בעדעקטע פרישקייט וואס עס ליגט אויף א יונגען, פעסטען סאסנע־וואלד אין פריהען גרויען מארגען. און זי האט געשמייכעלט צום יונג מיט פרייד און אויסגעשטרעקט צו איהם די הענד.

דער יונג איז אראב פון בעט, געפאלען צו איהרע פיס, און איינ־געגעסען; זיין געזיכט אין איהרע פיס און געבעטען זיך...

---

קאפיטעל 29.

# דער טויט אין וועגעדיג.

עס איז געווען א ווארימער נאכמיטאג, און זיי האבען זיך ביידע ארומגעדרעהט איבער די שמאלע געסלעך פון וועגעדיג, איבער דעם סט. מארקוס פלאץ. די טויבען זיינען איבער דעם מארק געפלויגען, געדרעהט זיך ווי גוטע שכנים צווישען די מענשען און האבען אראב־געגעסען פון די מענשענס הענד.

וועגעדיג איז געלעגען איינגעהילט אין א ווארימען, לייכטענדען נעבעל, וואס האט זיך געהויבען פון ים און איז געהאנגען איבער דעם סט.־מארקוס־קירכע, איבער די הויכע, אלטע הייזער. און דאס ליכט אין דער לופט האט אויסגעזעהן, ווי פער'כשופ'טע זינדיגע דאמען זיצען אין הימעל און ווארפען אויף אלץ זייער זונען־שלייער אראב, און פון די שלייערס עטעמט ארויס דער גערוך פון זייערע שמעקענדע לייבער, פון זייערע זיסע פערפומען, פון זייער ליעבע־דורשט — ווארים אזוי דורכגעזאפט איז געווען די לופט. מענשען האבען געלעבט ווי אין א טומאן, ווי אין חלום. און אין דער לופט איז געשטאנען מערי,

ווי זי וואָלט געוואָלט קויפען די זיכערקייט מיט איהר ווייבליכעס, האָט זי צוגעבויגען איהרע ליפּען צו זיינע און איהם לאַנג און טיעף גע־קושט, און צוגערוקט זיך צו איהם און איינגעגעסען זיך מיט איהר שמאָליג לייב אין איהם אריין, ווי זי וואָלט געוואָלט דערוואַרימען זיין קאַלטע נשמה מיט איהר יונג, וואַרים לעבען.

דער יונג האָט איהר אקעגען געשמייכעלט און ערווידערט איהר וואַרימען קוש. עס זעהט זיך אָן, אז ער האָט אויך געוואָלט אנטלויפען פון אַן אונבעוואוסטע שרעק, וואָס איז איהם בעפאַלען, און רע־טען זיך מיט דער תאוה.

אזוי אַנגעהאַנגען מיט די ליפּען, צוגעטוליעט איינער צום צווייטען זיינען זיי צוגעשוואומען אין אַ טונקעלע האַלע אריין, פון וואַנען זיי זיינען אראָב און מען האָט זיי געפיהרט אין האָטעל אריין.

יאָש האָט מיט אַ פרעהליכען טאָן פערלאַנגט אַ גרויסען צימער. באַלד האָבען זיי זיך געפונען אין אַ גרויס, בעקוועמען צימער, איינגע־ריכטעט האָטעל־מעסיג, אין לעדער און רויטען מעבעל. די דריי גרויסע עלעקטרישע לייכטער האָבען בעהעלט דאָס צימער, און די שרעק, וואָס איז זיי בעפאַלען אויף דעם קאַנאַל, איז פון זיי אוועק און עס איז נור איבערגעבליבען די יוגענד און די לוסט, וואָס האָט זיך אין זיי אנגעצונדען.

דער יונג האָט געקוקט אויף איהר מיט בעטלענדע אויגען. זי האָט פערשטאַנען זיין בקשה און זי האָט איהם היינט געוואָלט צוליעב טהאָן. זי האָט היינט געוואָלט איהם געפעלען און ארויסקריגען פון איהם דעם סוד, וואָס דריקט זיין נשמה זייט ער איז צוריקגעקומען, און ער האָט איהם נאָך נישט ענטפּלעקט פאַר איהר.

לאַנג האָט געדויערט די באַד, וואָס זי האָט גענומען, ביי וועלכער דער יונג איז געלעגען אויף זיין געלעגער אין אַ פיעבער און אַ שטורעם איז דורך זיין לייב און נשמה דורכגעגאַנגען. ער האָט געציטערט און ער האָט געפרווירען. דאָס לייב און געזיכט האָבען געהיצט פאַר וואַרימקייט...

ענדליך איז זי ערשיענען. די האָר זיינען איהר געווען ארויף פער־קעמט. עס האָט זיך ארויסגעוויזען איהר גאַנצער הויכער שטערען. און איהר געזיכט האָט אויסגעזעהן, ווי די הייליגע אננא ביי לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי. די פּיס, וועלכע זיינען איהר ניט געווען גאַנץ גלייך, נור גע־

מיטגעשוואומען מיט זיי איבער אלע קאנאלען און וואו זייער גאנ־
דאלע האט זיך פערקערעוועט.

ארום און ארום איז שטיל געווען. די הייזער זיינען געווען פער־
מאכט, די פענסטער אויסגעלאשען, לאמטערן האבען זיך איינזאם
געברענט איבער די בריקען, וואס זיינען געלעגען פערווארפען איבער'ן
קאנאל. און עס האט אויסגעזעהן, ווי עפעס א שטילע לויה וואלט
ערשט איבער דעם קאנאל געווען אדורכגעפאהרען. זיי איז עפעס
מיט אמאל זעהר שטיל געווארען אויף דער נשמה. איבער'ן וואסער
האט זיך געווארפען א שווארצער שאטען, און מערי האט געהאט דאס
געפיהל, ווי עס וואלט זיי אן אונבעוואוסטע, נישט־זיכטבארע גאנדאלע
געווען נאכגעפאהרען, און דארט, אויף יענער, זיצט דער טויט...

זי האט אנגעהויבען מורא צו קריגען און האט זיך איינגעקארטשעט.
זי האט זיך געוואלט בעהאלטען אין יאש'ן, און זי האט געקוקט אויף
איהם. זיין געזיכט איז אין דער ליכט פון דער לבנה בלייך געווען
און פערמדר. און יאש איז איהר מיט אמאל אזוי אונבעקאנט געווען,
אזוי פרעמד, אז זי האט זיך געשראקען פאר איהם און נישט געוואוסט,
וואס זי טהוט ביי איהם. זי האט זיך דערפיהלט אזוי עלענד און
אליין יעצט, אויף דער גאנדאלע, ביי יאש'ן, אז עס האט זיך איהר
אויסגעדאכט, דאס די גאנדאלע, וואס פאהרט זיי נאך, פאהרט דאס
נאך נאך איהר, זי צו כאפען, און יאש וועט זי ארויסגעבען.

און אזוי זיצענדיג איינגעקארטשעט אין זיך, האט זי געקלערט
וועגן א נאהנטען מענשען, א מענש וואס זאל זי אנגעהן, וועלכער
וואלט זיך אנגענומען פאר איהר. און זי האט קיינעם נישט געפונען
און געווען איינע אליין אין דער וועלט. א מינוט האט זי זיך אב־
געשטעלט ביי מישא'ן, נור אויך זיין געשטאלט איז צורונען אין איהר
זכרון, ווי אין א נעבעל.

און ביי דעם נאקעט־בלויז זיין אין דער וועלט, האט זי זיך גע־
פיהלט גרייט אויף אלעס. און זי האט פלוצים מוטה בעקומען און אנ־
געכאפט יאש'ס האנד און געקוקט איהם אין געזיכט אריין. און איהרע
אויגען האבען קאקעטיש געשמייכעלט און איהרע נאזלעכער האבען גע־
ציטערט. און זי האט'געזאגט צו איהם מיט פרייד:

— פארוואס שווייגסטו, יאש?

סאנט, ווייל זי פאהרט קיין איטאליען. דעם יונג'ס טרויעריגער בליק, וואס האט זיך ארייגגעגנב'עט אין זיינע אויגען, און דאס ערנסטע פערקלערען זיך, אין וועלכען ער פאלט אריין פון צייט צו צייט — האט זי עפעס נעהנטער געמאכט צו איהם. ווער ווייסט? דאס האט געווארפען א נייעם שיין אויף איהם, און זי האט איהם אנגעהויבען ליעב צו קריגען. דער סוד, וואס ער טראגט ביי זיך אין הארצען, האט איהם אינטערעסאנט און זי נייגעריג געמאכט. נור זי האט נאך בעהאלטען דאס געפיהל טיעף אין זיך און געווען אזוי גלייכ־גילטיג ווי פריהער. דאס בוך, וואס זי האט געלעזען, איז געלעגען אפען פאר איהר און זי האט די גאנצע צייט ארויסגעקוקט דורכ'ן פענסטער.

אין וואגאן־רעסטאראן, ביים „טאבל ד'אט", זיינען זיי געזעסען מיט אן עלטערען הערר, א דייטש, וועלכער האט געמאכט א לוסט־רייזע קיין איטאליען. דער הערר איז געווען זעהר לוסטיג און געזאנט, אז עס איז א גוטער סימן פאר איהם, וואס ער האט ביי זיין טישעל די יוגענד = „א חתונה־פאר". און אז יאש האט איהם געענטפערט, ווייזענדיג אויף מערי'ן, אז דאס איז זיין יונג־ווייבעל ערשט נאך דעה חתונה און יעצט מאכען זיי זייער חתונה־רייזע — האט דער דייטש זיי הערצליך געוואונשען און ער איז גליקליך געווען דעריבער, וואס דאס מזל האט איהם צוגויפגעפיהרט צו עסען ביי איין טיש מיט חתן־כלה־פאר. עס איז א גוטער צייכען. און ער האט דוקא פערלאנגט פון זיי, אז זיי זאלען זיך אונטערשרייבען אויף דער קארטע פון מעניו, און ער האט זי אהיים געשיקט צו זיין פרוי.

אויף מערי'ן האבען יאש'ס ווערטער געמאכט א טיעפען איינ־דרוק: „א האכצייט־רייזע"... און זי מוז זיך זאגען, ווי נישט ערנסט דאס איז געווען געמיינט, דאך האט זי געפיהלט א געוויסע בעפרידיגונג אין דעם ווארט. און עס איז איהר געווען, ווי ער וואלט איהר געזאלט דערמיט גוטס טהאן, און זי איז נייגעריג געווארען צו וויסען זיין סוד.

אין מיטען דער נאכט זיינען זיי אנגעקומען קיין ווענעדיג. און אז זיי זיינען געפאהרען מיט דער גאנדאלע איבער גרויסען קאנאל אין זייער האטעל אריין, האט די לבנה געשיינט איבער'ן קאנאל און איז

אז זיי זיינען ארויסגעפאהרען פון וויען האט גערעגענט. עס איז שוין געווען אין שפעטען הערבסט. נור וואס נעהנטער זיי זיינען גע־קומען אין זיעד, אלץ שעהנערען וועטער האבען זיי געקריגען. דער הימעל איז געווארען קלאהרער. די פעלדער זיינען געווען גאלד־בעשניטען, נור דא און דארט האבען זיך אדורכגעווארפען גרין־גערטנער אבגעשטאנענע, וואס האבען געדויטעלט זייער איבערבלייבעכטס אויף דער זון. איינצעלנע רויטע האניג־בלומען האבען זיך אין דער זון געגאלדעט. איינצעלנע אראנזשען, מעלאנען האבען ארויסגעקוקט ווי טראגענדע ווייבער פון אונטער די בלעטער, פון דער ערד. דא און דארט האט זיך נאך פערווארפען א פעלד אבגעשניטענע קאניטשינע, נעבונדענע אין גאלדענע בינטלעך; א בייט רויטע בוראקעס וואס מען האט נאך איבערגעלאזט אין פעלד, און דאס אלעס האט אויס־געזעהן ווי רעשטלעך איבערגעבליבענע פון א רייכע חתונה, וואס האט זיך ערשט נור וואס דא אויף די פעלדער אבגעשפיעלט.

זיי זיינען געזעסען ביידע, יאש און מערי, אין וואגאן צווייטער קלאס אדער אין רעסטאראן.

יאש איז עפעס געווען פערנומען מיט זיך, געקלעהרט אין דער שטיל און האט זעהר ווענינ גערעדט. נור אז עס האבען זיך אנגעהויבען צו ווייזען די ערשטע מויערען, בעהאנגען מיט וויינטרויבען, אדער מיט איבערגעבליבענע רויזען, האט ער אויסגעבראכען אין פרייד.

מערי האט עפעס דערפיהלט, אז דער יונג טראגט אין זיין הארץ א גרויסען טרויעריגען סוד, וואס ער זאגט איהר ניט אויס. זיין פרייד און שמייכלען איז געווען אונגאטירליך, און ווען ער האט טיילמאל געקוקט אויף מערי'ן, האט זי בעמערקט, ווי אין זיינע אויגען האט זיך אריינגע'גנב'עט א טרויעריגער, ערנסטער בליק, וואס עס פאסט נאר נישט צו זיין יונג, זארגלאז פנים און וואס ער האט ניט געהאט פריהער, בעפאר ער האט זי פערלאזט.

זי האט איהם נישט געוואלט פרעגען, וואס ער טראגט אין זיין הארץ. עס איז איהר שליסליך אלץ איינס געווען, און דאס לעבען האט אויפגעהערט צו שפיעלען ביי איהר א ראליע, אלס גאנצעס. זי האט שוין ניט געקאנט זעהן איהר צוקונפט. עס איז איהר נור אינטערעסאנט געווען, וואס וועט זיין אין דער נעקסטער מינוט. און די נעקסטע מינוט, האט זי געוואוסט, וועט איהר זיין אינטערע־

וויסט ארום. קיין גרינער וואלד, קיין טייך, קיין בעזייהטער טאל פערוואָרפט זיך נישט אין דעם גראָהליך־רויטען לאַנדשאַפט, נור אַ מאַטער־זילבער, יום־טוב'דיגער זילבער שיין. און דאָרט, צווישען די שטיינער, אין דעם קאַלך־זאַמד, ליגט בעהאַלטען די האָפנונג פון זיין פאָלק פון אַזוי פיעל טויזענדער יאָהרען, די האָפנונג און די בענקשאַפט... און די האָפנונג און בענקשאַפט האָבען איהם דאָ אהער געבראַכט און זיי טרייבען איהם פון דאַנען...

פלינק איז ער אראָב פון באַרג, איינגענומען אין זיך דעם אָנבליק פון דעם לאַנדשאַפט און בעהאַלטען אין זיך אויף זיין גאַנצעם לעבען. און עס איז איהם געווען ווי ער וואָלט זיך אָבגעזעגענט מיט אַ גרויס בית־הקברות, וואו עס ליגט נישט נור בעגראָבען אַלעס, וואָס געהערט צו איהם און קומט פון איהם, נור אַלעס, וואָס וועט ארויסקומען פון איהם, און ער אַליין, וועלען אַמאָל צווישען די קאַלך־שטיינער זיין אָיפבעוואהרט.

---

## קאַפּיטעל 28.

# אַ האָכצייטס-רייזע.

אין אַ פּאָר וואָכען ארום איז יאַש בלום צוריקגעקומען קיין זאַקאָפאַנע, וואו ער האָט געלאָזט מערי'ן מיט די שוועסטער. ער האָט גענומען זיין כלה און איז מיט איהר אוועקגעפאָהרען אין דער וועלט אריין. ער האָט איהר נישט געזאָגט וואו אהין זיי פאָהרען און זי האָט איהם אויך נישט געפרעגט. עס איז איהר געווען אַלץ איינס און זי האָט זיך מעהר מיט זיך ניט אינטערעסירט, נור געהאַט דאַס בעדערפניש אָנצו'שכר'ן זיך מיט דעם לעבען און זיך פערגעסען אין לעבען.

אין דער ערשטער שטאָדט וואו זיי האָבען אָבגעהאַלטען — אין וויען, זיינען זיי פערפאָהרען אין אַ האָטעל, געשטאַנען נור אַ טאָג, געזעהן קיינץ'ן אַלס אַנטאָניוס אין „יוליוס צעזאַר“, און ווייטער געפאָהרען. זיי האָבען גענומען די באַהן קיין איטאַליען און מערי איז גליקליך געווען.

מישא האט דערפיהלט, אז די גרויסע וואונד אין איהר הארץ הויבט זיך אן צו היילען...

---

מישא האט נאך שבת צוזאמענגעקליבען זיינע זאכען. פון דעם געלד, וואס ראחעל האט איבעריג געהאט, איז זיי קוים איבערגעבלי־בען אויף הוצאות קיין אמעריקא. צום פאטער האט ער ניט געוואלט שרייבען וועגען קיין געלד מעהר. ער האט ביי זיך געהאט אבגעמאכט צו לעבען שוין אויף זיין אייגענעם חסר.

געבליבען איז די פעריל, וואס מישא'ס מוטער האט אויסגע־טהאן פון זיך און אנגעהאנגען אויף ראחעל'ן ביים אוועקפאהרען. עס איז זיי ניט לייכט אנגעקומען די פעריל אין ירושלים צו פערזע־צען. זיי האבען פערקויפט אלעס, וואס איז זיי געבליבען פון דעם אויסשטייער, וואס מישא'ס מוטער האט זיי אנגעקויפט אין בערלין. און פון דעם אלעם איז זיי געבליבען קוים אויף הוצאות דריטער קלאס און צו ווייזען דאס נויטהיגע געלד ביים אמעריקאנער האפען.

קיין סך בעקאנטע און פריינד האבען זיי נישט געהאט אין ירושלים. אין די קאלאניע געהן זיך געזעגענען מיט זיינע אמאליגע חברים, וואס זיינען דאך איבערגעבליבען ביי דער ערד, האט זיך מישא געשעהמט. ער האט דאך ביי זיך אויסגעזעהן ווי ער אנטלויפט פון שלאכט־פעלד — האבען זיי זיך ארויסגע־גנב'עט פון היילינען לאנד. בעפאר אבער ער האט פערלאזט ירושלים איז ער ארויף אויפ'ן הר־הזיתים אבגעזעגענען זיך מיט'ן לאנד, וואס האט געטראגען זיינע האפנונגען און זיין בענקשאפט און וועלכעס ער פערלאזט יעצט אויף אימער.

ער האט נאך אמאל געווארפען א בליק איבער דעם ברייטען, לאנגען לאנדשאפט, וואס האט זיך אויסגעצויגען אויף צעהנדלינגער מיילען וויים און ברייט. די לופט אין ארץ־ישראל איז קלאהר און דורכ־זיכטיג, און די לאנדשאפט פון הר־הזיתים אראב ליגט ווי אויף דער האנד אויסגעשפרייט.

ער האט דערזעהן דעם ירדן, וואס ליגט אויף מיילען ווייט, ווי ער שלענגעלט זיך איבער דער גאנצער לענג פון לאנד. דאס לאנד איז

זי האָט איהם פון שכן, דעם קינסטלער, דאָס נאַכט־עסען אריינ־געבראכט, וועלכעס ער האָט געגעסען מיט גרויס אפּעטיט און פער־געסען זי מיטצובעטען, נור עפּעס ווענען וואָס נעקלערט, עסענדיג.
נאָכ'ן עסען האָט ער זי געבעטען, אז זי זאָל מיט איהם אויף דער

גאס ארויסגעהן. ער האָט איהר עפּעס צו זאָגען. זיי האָט געוואָרפען אויף זיך אַ טיכעל און איז מיט איהם אין געסעל ארויס.

די נאַכט איז געווען פעט און טונקעל און די גרויסע שטערען האָבען פון דעם הימעל אראָבגעשיינט. פון די אָפענע פענסטער האָבען אין גאַנצען געסעל די שבת־ליכט ארויסגעשיינט און דאָס גאַנצע געסעל איז געווען פערכאַפּט אין אַ גרויס זמירות־געזאַנג, וואָס האָט זיך פון אַלע פענסטער ארויסגעריסען. דאָס גאַנצע געסעל איז גע־ווען פערנומען שבת'דיג. פון אַ פענסטער האָט זיך דערהערט אַ אינגלישער קול, וואָס האָט זעהר שעהן און זיס געזונגען. פאַר דעם פענסטער איז געשטאַנען אַ קופּקעלע ווייבער און איינגעהערט זיך צום שעהנעם קול. זיי האָבען זיך אויף אָבגעשטעלט און איינגעהערט זיך. דאָס זמירות־געזאַנג און דער שבת, וואָס איז געלעגען אויסגע־שפּרייט איבער'ן געסעל, האָט איהם אַ גרוס אָבגעגעבען, אַ גרוס פון דעם גרויסען פאָלק, וואָס איז ערגעץ ווייט, ווייט פון דאַנען, און איהם האָט זיך פערבענקט נאָך דעם פאָלק.

— איך האָב בעשטימט, ראחעל, אז מיר זאָלען קיין אמעריקא אראָבפאָהרען — רופט זיך מישע פּלוצלונג אָן.

— פאַרוואָס, מישע? — וואונדערט זיך ראחעל.

— איך וויל זיין דאָרט, וואו דאָס גרויסע פאָלק איז — ענטפערט ער אָב.

— און דאָ, און דאָס לאַנד? — פרעגט ראחעל אין דער שטיל.

— מיט דעם פאלק איז די נשמה מיטגעגאַנגען, די שכינה. און וואו די אידישע נשמה האַלט זיך אויף, דאָרט איז אונזער פאטערלאַנד, און דאָרט וועלען מיר אונזער רוה געפינען. — האָט ער אָבגע־ענטפערט.

זי האָט איהם ביי דער האַנד אָנגענומען און זיי זיינען ביידע אין זייער שטיבעל אָבגעגאַנגען.

און די שמאַלינקע פיגור, וואָס איז געווען געגליכען צו אַ יונגע פּאַלמע. זי האָט איהם נישט דערקענט, איז עפּעס געווען פערקלעהרט, ביז ער איז נאָהנט צוגעקומען צו איהר און זי גערופען מיט׳ן נאָמען. זי האָט גרויס די אויגען געעפענט און די פרייד האָט זיך געהערט אין איהר שטים:

— ווען ביסט דו געקומען?

— נור אָט וואָס, אין שבת אריין. איך האָב פערגעסען, עס איז היינט פרייטאג — פערענטפערט ער זיך — קום אין שטוב אריין.

און זי פיהרט איהם אין שטיבעל אריין. אויפ׳ן טישעל, בעדעקט מיט אַ ווייס טישטוך, ברענען זיך צוויי ליכטלעך אין לייכטערלעך. זי ווערט רויט, וויל זיך פערענטפערען:

— אַ שעהנער מנהג. ביי דער שכנ׳טע געלערענט.

מישאַ האָט זי פערשטאַנען, געזעהן איהר גאַנצע נשמה אין די ליכטלעך. ער האָט געוואוסט, אז זי האָט געהאַט אַ נויגונג צו פרומקייט, ווען זי איז נאָך געווען אין דער היים, און דאָ, אין ירושלים, ביי די פרומע אידען, האָט זיך די נויגונג ביי איהר געשטאַרקט. און אפשר יעצט, ביי איהר צושטאַנד, איז עס אַ טרייסט, וואָס זי זוכט זיך אין דער אַלטער אידישער פאָרמע. אין די צוויי ליכטלעך האָט ער געזעהן איהר גאַנץ בענקשאַפט נאָך רוה, און אָרט וואו דעם קאָפּ אהין צו טהאָן... און ער האָט אויף איהר גרויס רחמנות געקראָגען און געוואָלט איהר זאָגען אַ טרייסט־וואָרט, און זי, זעהט זיך אויס, האָט געוואַרט דערויף, נור ער האָט געשוויגען און פאַר גרויס אויפרעגונג די ברילען זיך געווישט. ער האָט אָנגעהויבען צו שטאַמלען:

— ראחעל,, איך האָב דיר עפּעס צו זאָגען... עפּעס צו זאָגען... אָבער זייַ פרעהליך, ראחעל... עס וועט גוט זיין, זעהר גוט זיין... — און איהר דעם אָרבעל געגלעט.

— ביסט דאָך הונגעריג, — האָט איהם דאָס ווייבעל אָבגעענטפערט אויף די רייד.

ער האָט זיך ביי איהר אין שטיבעל דערפיהלט אין דערהיים, צום ערשטען מאָל אין דערהיים, און איהר שטים — „ביסט דאָך הונגעריג" — האָט ביי איהם געקלונגען ווי אַ טיעפע, טיעפע מוטער־משפחה׳דיגע שטים. ער האָט בעשמייכעלט:

— יאָ, ראחעל.

ער איז אנטלאָפן פון זיי און איז אריין אין דעם אידישען קוואר־טאל, וואָס איז געלעגען אויף יענער זייט מויער, ביי דעם בוכארער קווארטאַל.

פון די פענסטער האָבען זיך שוין געוויזען אָנגעצונדענע ליכטלעך, פון טייל שטיבען האָט זיך געהערט זינגען דעם שבת מקבל פנים זיין. באלד האָבען זיך איבער די גאסען געוויזען אָבגעוואשענע אידען, אין זיידענע קאַפּאָטעס אָנגעטהאָן. בוכארעס אין זייערע קאָלירטע כאַלאַטען, ספרדים אין בלאָה־פערבינדעטע קעפּ זיינען אהיים גע־גאנגען פון דעם כותל־מערבי, פון דאוונען. פאר די טהירען האָבען זיי אָבגעוואַרט די אָבגעוואשענע ווייבער און פון די אָפענע פענסטער האָט זיך ארויסגעריסען דער געשמאַק פון פיש

ער האָט זיך דערמאָהנט, אז ס'איז היינט פרייטאג אבענד, און דער היימישער געשמאַק האָט איהם אַ גרוס אָבגעגעבען פון דער היים, און ער האָט זיך דערפרעהט, וואָס ער געפינט זיך צווישען דעם היימישען עולם. עס האָט איהם געפרעהט, וואָס ער געהט אהיים צו זיין ווייב. ער האָט געוואָלט האָבען איצט אַ הויז, אַ היים, און געבענקט נאָך קינדער, און אָנגעהויבען צו טראַכטען וועגען אַ תכלית. די טונקעלע נאַכט האָט אין איהם געוועקט דאָס געפיהל צו ווערען איינגעזעציג, צו זוכען זיך אַ היים, אומצוקעהרען אין פאָלק אריין. און געטראַכט האָט ער וועגען דעם, אז ער דארף נעהמען זיין ווייב און ווי אַם שנעלסטען אוועק פון דאנען, אוועק צווישען אידען און זיך נעהמען צו ארבייט, צו אַ תכלית. עס איז די העכסטע צייט.

ראחעל האָט געוואָהנט ביי זיינעם אַ פריינד, אַ יונגען קינסטלער, וועלכער האָט זיך בעזעצט אין ירושלים, געוואָלט שעפען אידישע פאָרמען פון אידישען מקור.

ער איז אריין אין שטוב מיט אַ געוויסע שאָהם, מיט אַן איינ־געהאַלטענער איינגעשפּארטער פרייד און בענקשאַפט נאָך זיין גע־ליעבטע. ער האָט זי ניט געטראָפען אין דער היים. דער פריינד האָט געשמייכעלט: „ראחעל איז געגאַנגען צו אַ שכן, אַ בעקאַנטען חסיד, הערען קידוש. זי איז פרום — שמייכעלט דער פריינד — און זי געהט הערען יעדען שבת קידוש".

ער איז איהר ארויס אקעגען. ער האָט זי געטראָפען געהענדיג צוריק. אין דער טונקעלער נאַכט האָט זיך געווייסט איהר העל קלייד

און ווי קומען זיי, די פרעמדע פעלקער, די ווייטע, צו נעהמען נקמה פאר דעם וואס האט זיך געטהאן צווישען ברידער? — האט ער זיך געטראכט — און ווי שרעקליך מוז דער יעניגער, פאר וועמען זיי נעהמען נקמה, ליידען פאר דעם בלוט און טויט פון זיין פאלק, פון זיינע ברידער און שוועסטער. ווען וועלען זיינע ליידען אן ענד נעהמען? — עס האט זיך איהם געדאכט, אז ער הערט די קרעכצען פון דעם, וואס איז דא געפייניגט געווארען, נישט פאר די ענויים, וואס ער האט אמאל דא געליטען, נור פאר די ענויים וואס ער ליידט ביז'ן היינטיגען טאג, פאר די עולות וואס מען טהוט אין זיין נאמען. און א גרויס רחמנות האט איהם ארומגענומען אויף דעם ליידענדען...

ער איז ווייטער געגאנגען און איז אנגעקומען אין דעם קליינעם געסעל וואס פיהרט דורך די בעגרעבנים־קירכע. שטיל איז געוועזען ארום און טויט, ווי מען וואלט געהערט דא דעם צער פון דער וועלט־נשמה, וואס איז ארויסגעגאנגען פון דעם קבר דא. יעדעס ווינקעל דא האט געעטעמט מיט טויט און שרעק פאר דעם גרויסען ערנסט, וואס ליגט דא אויפבעוואהרט, פאר דעם כח פון דעם וואס האט געפיהרט די וועלט, און נאך מעהר, פאר דעם כח פון די, וואס האבען זיך געשטעלט געגען דער וועלט און אויסגעהאלטען די קאנקורענץ פון פייער און שווערד ביז'ן היינטיגען טאג... דאס ארט דא האט איהם דערמאהנט אן דער שטארקייט פון זיין פאלק, און שטאלץ איז ער געווארען איבער דער גרויסער פערנאנגזיינהייט, איבער די געשיכטע פון די ריעזען, פון זיין פאלק...

אנגעקומען איז ער אין די אלטע שטאדט אריין. בעלעגערט און איינגענומען איז געווען דאס ווינקעל פון דער וועלט, די מוטער וואס האט געטראגען אין איהר שוים די לעהרער פון דער וועלט איבער אלע דורות — דורך ווילדע, שמוציגע אראבער, וועלכע האבען יעצט געהארט פאר זייערע הייזער, פון וואנען עס האט זיך געטראגען א געשטאנק פון געבראטען שעפסען־פלייש. ביי דער שיין פון זייערע אויל־לעמפלעך האבען זיי זיך אויסגעזעצט פאר די טהירען, קאווע געטרונקען, הויך געשריען, געהאנדעלט, געבעטען צו אללא, און די קעפ און בערד זיך געגאלען.

די שיפען און שרייט מיט אַ גרויס קול און בעט זיך ביי זיי: „נעהמט מיך מיט! נעהמט מיך מיט!... איך וויל אויך זיין צווישען אייך!“...

מישא האָט, בשעת ער האָט געטראַכט דאָס, אין די בערגער זיך אומגעקוקט, וואו ער איז געגאַנגען אויף דעם אויסגעטראָטענעם וועג. אַרום און אַרום זיינען געשטאַנען די שטיינערנע הויכע בערג און זיינען שטום געווען, און פערשאַלטען זיינען זיי געווען. עס האָט זיך געדאַכט, ווי אַ קללה ליגט אויף זיי, אַז נישט אידען זיינען אין גלות, נור זיי, אָט די בערג און דאָס לאַנד זיינען אין גלות. די נשמה פון לעבען איז אַוועק פון זיי, איז מיטגעגאַנגען מיט די אידען אין גלות אַריין און זיי איבערגעלאָזט — טויטע, פערשאַלטענע שטיינער. און פריהער וועלען זיי נישט בעלעבט ווערען, ביז אידען וועלען ניט צוריק קומען און זיי מיטברענגען די נשמה.

און מיט דעם געווינס, וואָס ער האָט יעצט געפונען, איז ער גע־גאַנגען אַ פרעהליכער איבער דעם באַרג קיין ירושלים אַריין צו זיין יונג ווייבעל.

---

מיט דעם טאָג מיט איז ער קיין ירושלים אַריינגעקומען. די נאַכט האָט זיך גערוקט איבער ירושלים אַ פעטע און אַ פינסטערע ווי די טרויעריגע נעכט אין די אלול־טעג. אין מערב האָט זיך אָנגעצונדען אַ גרויס ליכט פון דער אונטערגעהענדער זון און דער באַלעם פון דער זון האָט זיך לאַנג, לאַנג געקוילערט איבער דעם ווייטען, ווייטען ארץ־ישראל הימעל, ביז ער איז פערטרונקען אין די טונקעלע נעבעל־ימים, וואָס האָבען, ווי שווארצע פינסטערע חיות, געלויערט אויף איהם ביים עק הימעל.

און פון דער צווייטער זייט איז ירושלים שוין אין טונקעלהייט געלעגען.

ער איז דורכגעגאַנגען די גאַלגאָטע און אַ ציטערניש האָט איהם אַרומגענומען פאַר דער טרויעריגער בלוטיגער געשיכטע פון זיין פאָלק, פאַר דער גרויסער בלוטיגער נקמה, פאַר דעם, וואָס האָט זיך אַמאָל דאָ אָבגעשפּיעלט אויף דעם פּלאַץ. ..

ערד ליגט א גרויסער ים און קיין וועג געפינט זיך נישט צו דער מוטער ערד. זיי זיינען פערשאלטען דא אליין, דורך דעם געפינען זיי זיך נים.

און עפּעס ווי אַ גרויסע משא איז איהם אראָב פון די פּלייצעס. ער פיהלט, ער האָט אַ גרויסע זאך פערלאָרען. נור דאָס מאַכט איהם נישט טרויעריג, פערקעהרט, ער פיהלט זיך לייכט. עס איז איהם עפּעס ליכטיגער געוואָרען פאר די אויגען. אין האַרץ צינדט זיך אָן אַ נייע בענקשאַפט. און ער פיהלט וואָס דאָס איז — ער בענקט נאָך דעם אידישען פאָלק.

דאָרט וואו אידען זיינען, טראָגען זיי מיט זיך נאָך עפּעס אזעלכעס, וואָס דער איד דאַרף דאָס, זייער לופט און זייער היימאַט. און עס דאכט זיך איהם, אַ שכינה געהט מיט מיט זיי וואו זיי קומען. און די שכינה איז דאָרט געבליבען אין גלות און איז פערטריבען געוואָרען פון די בערגער דאָ, פון דער ערד דאָ. און די שכינה, און די נשמה זוכט ער. און דאָרט איז זי מיט זיי.

און עס האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט אַ בילד — ער זעהט ווי נבוזראדן טרייבט די אידען פון ירושלים ארויס, טרייבט זיי פון די בערגער פון יהודה אראָב צום ים צו. דאָרט ביים ברעג פון ים שטעהען די שיפען גרייט, וועלכע זאָלען פיהרען די אידען אין גלות אריין. און ער איז אויך צווישען די גולים. אָט האָט ער זיך ארויס־גע'גנב'עט פון דער מחנה, אוועקגע'גנב'עט זיך פון נבוזראדן'ס זעל־נער, בעהאַלטען זיך אין אַ טאָל און איז אליין אין לאנד איבערגעבליבען. ער וועט זיך דאָ בעזעצען, דאָ וועט ער זיך אויפהאלטען, אין לאנד אריין און ווידער אמאָל דעם ישוב בעשאפען. פון דערווייטענס זעהט ער די גולים זיינען שוין צום ברעג ים צוגעקומען, ווערען שוין אין די שיפען געטריבען, און ער אליין איז דאָ, אין די בערגער איבערגעבליבען. און עס כאַפּט איהם אָן אַ גרויס בענקשאפט נאָך די גולים, נאָך אידען, צו געפינען זיך דאָרטען וואו זיי זיינען, מיט זיי צוזאמען זיין. עפּעס פיהרען זיי מיט מיט זיך, עפּעס האבען זיי מיטגענומען מיט זיך... און ער קוקט זיך אין די בערג ארום, אויף די פעלדער, אויף די פערלאָזטע דערפער. ווי פרעמד זיי זיינען איהם ... און ער אנטלויפט פון זיי, לויפט צום ברעג ים אראָב. אָט זיינען שוין די שיפען אָבגעפאָהרען, פיהרען שוין די אידען אין גלות אריין. און ער איז אליין אויפ'ן ברעג געבליבען. ער שטרעקט אוים די הענד נאָך

שטיינערטע יהודה־בערג געווארפען זיין בליק אויף דעם טאל, אין וועלכען עס ליגען די קאלאניעס פון יהודה.

א גרויסער ים פון ווייסען קאלך־שטיין האט געבלייכט זיך אין דער אויפגעהענדער זונן. און אין דעם ים האבען זיך געוויזען, ווי קליינע אינזלען, קליינע גרינע קופּקעלעך בוימער און שטיקער גרינע בעוואקסענע פעלדער פון די אידישע קאלאניעס.

די קליינע אינזלעך זיינען עדות פון א גרויס בענקעניש, וואס האט זיך ערוועקט אין אידישען פאלק נאך ערד, נאך א היים — האט ער זיך געטראכט — און דאס זיינען די ערשטע פונקטען, די ערשטע ווינקעלשטיינער, וואס זיינען געלעגט געווארען צו ערבויען די נייע היים. און די ווינקעלשטיינער פערלאזט ער יעצט... פערלאזט ער ניט מיט זיי דאס גרויסע בענקשאפט, וואס האט זיך אין הארץ ערוועקט צו זיך אליין, וואס האט איהם דא אהער געשלעפּט צו די ווינקלען? — און ער האט זיך ארומגעקוקט איבער דעם גאנצען לאנד ארום, וואס האט זיך אויסגעצויגען הינטער די פיס פון די הרי יהודה און איז גע־לעגען אויסגעשפּרייט פאר איהם, ווי אויף דער האנד.

די לופט איז געווען אזוי קלאהר און דורכזיכטיג, אז מען האט געזעהן די ברעגען פון לאנד ארום יפו, ווי זיי טרעטען אריין אין ים אריין. און דאס לאנד איז וויסט ארום און ארום. וואו־נישט־וואו ווייזט זיך א בוים, גרינט זיך א גרינע בייט, צינדט זיך אן א רויט צינעל־וואנד פון א שטיבעל, ווייסען זיך ווייסע קליינע, רונדיגע קופּעלן. שטארט ארויס א הויכער שפּיטץ פון א מחמדנישען מאשעט וואס האט זיך פערבלאנדזשעט אין א אראבישען דארף. און דאס איז עס דאס ווינקעל, וואס האט געזאלט שטילען זיין בענקשאפט, וואו ער האט גע־זאלט געפינען די רוה און דעם וועג צו זיך. און זיין בענקשאפט האט ניט אויפגעהערט. עטוואס האט ער יא געפונען — נור דעם וועג צו זיך איז דאס נישט געווען.

א גרויס בענקשאפט האט איהם ארומגענומען נאך דער נשמה פון פאלק. דארט וואו דאס אידישע פאלק לעבט — לעבט די נשמה פון פאלק. און נאך דעם האט ער געבענקט. און דאס האט ער נישט געפונען. אליין האט ער זיך געפיהלט דא. יעדער איינער פון די דא, וואס זיצען דארט, איז אליין — קליינע אינזעלעך, וואס זיינען אב־געריסען פון גרויסען, גרויסען לאנד. און צווישען זיי און דער מוטער

מאקע אלעס, וואס גאט האט צוגעזאגט אונזערע עלטערן אברהם, יצחק ויעקב — דאס ארץ זבת חלב ודבש, זאל עס חלילה נישט וואהר זיין? איז דאס נור א חלום געווען? א, ווי שרעקליך זיינען געווען די ענויים דא, אויף דעם היילינגען באדען, נישט איבער געלד און הונ־גער, נור, חלילה, וואס גאט'ס הבטחה ווערט נישט מקוים. עס האט זיך געדאכט, אז דאס אלטע פאלק ישראל, קומענדיג אויפ'ן ברעג פון זייער צוגעזאגט לאנד, הויבט אן צו צווייפלען אין די הבטחות פון יהוה, און א שרעק קוקט ארויס אין די אויסגעלאשענע שווארצע אויגען פון די מענער, פון די ווייבער, דער שרעק פון אבגעגנארטע האפנונגען, וואס האבען אזוי פיעל געקאסט.

שרעקליך איז געווען איבערצוטראגען דאס בילד פון יאוש. די יונגע לייט זיינען געלאפען אין די קאלאניעס ארום, האבען געבראכט מעהל, ברויט, קארטאפעל, אנגעלעגט א פייער און געקאכט פאר זיי. די נאכט האט זיך שוין געדונקעלט, א שווארצע פיטסטערניש האט ארומגענומען די פעלדער, די קינדער האבען זיך אנגעהויבען צו טוליען צו די מוטערס. דא און דארט האט מען געהערט ווי א תימנ'ער לערנט זיין משניות, אדער גיט ארויס פון זיך א משונה'דיג ווילד קול, זינ־גענדיג א טרויעריג, מעלאנכאליש ליעדעל צו יהוה, און עס איז געווען א גרוס, א צייכען, א געשריי, אז ניין. נאך נישט האבען זיי אנגע־וואהרען די האפנונג אין יהוה, זייער גאט לעבט און זיינע הבטחות וועלען מקוים ווערען.

---

קאפיטעל 27.

# איבער די פעלדער פון יהודה.

איבער די וויסטע פעלדער פון יהודה איז מישא צוריקגעגאנגען קיין ירושלים צו זיין ווייב, וואו ער האט זי געלאזט, ווען ער איז אב אין די קאלאניעס.

א טרויעריגער געפיהל האט געדריקט זיין הארץ, ווען ער האט פער־לאזט דעם פעטען טאל, וואס ליגט הינטער די הרי־יהודה. צום לעצטען מאל, ווען די זונן איז אויפגעגאנגען, האט ־ פון די פער־

רעליגיעזען עקסטאז, וואס לעבט נאך צווישען די תימנ׳ער. זיי האָבען דערזעהן אין זיי די נאקעטע אידישע נשמה, וואס האט זיך אומעטום געקענט ערהאלטען אין איהר קלאָרהייט — צי צווישען די ציווילizירטע איירָאפּעער, צי צווישען די ווילדע אזיאטישע שטאמען, אין די ווארימע צוהיצטע זאמדען פו דער וויסטע. זיי האבען זיך אָנגעכאפּט אָן די תימנ׳ער און געלעבט מיט זיי, נור די תימנ׳ער האבען נישט געוואָלט געהן צו דער ארבייט אין די אידישע קאָלאָניעס, זיי האבען נישט געוואָלט זיין קיין עבדים, נור האבען געפאָדערט זייער חלק אין ארץ־ישראל. זיי האָבען געגלויבט באמונה שלמה, אז ארץ־ישראל געהערט צו אלע אידען, אז יהושוע בן נון האט אלעמען צוטהיילט דאָס לאנד. זיי האָבען זיך צוזאמענגעקליבען אין די פעלדער און נים געוואָלט ארבייטען — געפרעגט: „וואו וואָהנט דער נשיא, וועלכער צוטהיילט די ערד פון ארץ־ישראל?“

עס האבען זיך באלד געפונען ביי זיי אייניגע יונגע לייט פון די „פּועלים“, אונטער זיי מישע, וועלכע האבען געוואָרפען די ארבייט און ארויסגעגאנגען צו די תימנ׳ער, וואס האבען געהאַרט ווי אַ מחנה פערלאָזטע פייגעל אויף די פעלדער. וואס אמאָל זיינען זיי זיך מעהר צוזאמענגעקומען.

די ווייבער האבען געטראָגען זייערע קינדער אָנגעבונדען אויף די רוקענס. די מענער, דארע, אָבגעברענטע געזיכטער, מיט די שווארצע געגרייזעלטע פאות, וואס האבען ארויסגעקוקט פון די ווייסע ליילעכער, האבען געציטערט פון ווינד, אָנידערגעלעגט זיך אויף די פעלדער מיט ווייבער און קינדער. די קינדער האבען געשריען, געוויינט, די מוטערס האבען זיי איינגענומען, טייל געשטעקט אין די קינדער׳ס רויטע מיילכעלעך ביינדעלעך, וועלענדיג זיי אָבנארען, אז זיי זויגען אָדער טרינקען; די מענער זיינען געזעסען נעבען זיי, די קעפּ אראָבגעלאָזט אויף דער ערד, און נאָכנעקלערט וועגען דעם, וואו איז גאָט׳ס הבטחה. דער ספק איז קיינמאָל, קיינמאָל נישט אריינגעדרונגען אין זייערע הערצער, אויסשטעהענדיג די אלע ענויים און שאנד פון זייערע אראבישע שכנים, גלויבענדיג, אז דער רבונו־של־עולם וועט אמאָל זיי בעצאָהלען פאר די ענויים. די אמונה, וואס האט אויסגעהאלטען אזוי פיעל הונדערטע יאָהרען און אזוי פיעל צרות, האט אָנגעהויבען צו וואנקען אויף דעם באָדען פון זייער צוגעזאגט לאַנד. איז

## קאפיטעל 26.

# די אבגענארטע האפנונג.

אבער מען האט עפעס געמוזט טהאן מיט די תימנ'ער אידען; זיי האבען זיך ארומגעוואלגערט איבער די גאסען מיט ווייב און קליינע קינדער, ארעם און קראנק, קיין העמד אויפ'ן לייב, קיין ביסען ברויט אין מויל, קיין דאך איבער'ן קאפ. זיי זיינען געקומען מיט די ווייבער און די קליינע קינדער צו די טהויערען פון די שוהלען און די בתי־מדרשים און אויסגעשפרייט זיך ווי אין דער וויסטע, און גע'טענה'ט, אז דאס איז דאס לאנד, וואס גאט האט פערשפראכען זייערע עלטערען, אויף דעם לאנד האבען זיי אזוי לאנג געווארט און אויסגעשטאנען אלע ענויים פון די אראבער — דאס איז דער שכר? די שטארקערע פון זיי האט מען גענומען און צושיקט אין די אידישע קאלאניעס, און די שוואכערע, און די עלטערע, און די ווייבער און די קינדער האבען זיך, ווי דער זאמד, איבער אלע גאסען פון דער הייליגער שטאדט ארומגע־וואלגערט מיט פערבלענדטע, טרוימענדע אויגען פון הונגער, קראנק־הייט און רעליגיעזען עקסטאז.

אויך אגראנאם בלומענטהאל האט אריינגעקראגען אין זיין קאלאניע א צאהל תימנ'ער, מיט די ווייבער און קינדער, פאר וועלכע די פועלים האבען אויפגעשטעלט ביידלעך אין דער קאלאניע און צוגע־נומען ווי ברידער. ביי די פועלים האט זייער אנקומען ארויסגערופען גרויס בעגייסטערונג. זיי, די „טרוימער", האבען דערזעהן, אז די אידעע פון משיח'ן איז נאך נישט אבגעשטארבען ביי אידען, אז זי לעבט צווישען פאלק, און דער נאמען פון משיח'ן האט גערופען די אונגליק־ליכע פון דעם ווייטען תימן און געטראגען זיי איבער דעם ים אין הייליגען לאנד אריין. זיי האבען דערפיהלט די ברידערליכע נשמה וואס האט געלעבט ווי ביי זיי, ביי זייערע עלטערען, אויך דארט אין דער וויסטע, ביי יענע אידען, כאטש זיי האבען זיך נישט צוזאמען געטראפען, נישט בעגעגענט זיך דורך דער גאנצער צייט, וואס אידען זיינען אין גלות. זיי, די אידיש־רוסישע סטודענטען, וואס האבען שוין אליין קיינ אמונה געהאט, זיינען בעגייסטערט געווארען פון דעם

געלעגען אויף דער ערד. די ליכט אין די אויל לעמפּלעך האָבען זיך געברענט צווישען די שפּאַלטען פון די גרויסע שטיינער, און די קולות און די יללות האָבען זיך געריסען אין הימעל אריין: „איכה ישבה בדד העיר“. עס האָט זיך געדאכט, ווי עס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען די אידען פון אַלע עקען און ליגען אונטער דער וואַנד, זיי זיינען ארויסגעוואָרפען אויף דער צווייטער זייט וואַנד, צווישען זיי און גאָט שטעהט אַ וואַנד און זיי רופען און שרייען צו גאָט דורך דער וואַנד: „גאָט, פערהייליג דיין נאָמען איבער דער גאַנצער וועלט“. און די וואַנד איז שטום און קאַלט, און זאַפּט איין זיך אריין די טרעהרען און געשרייען און פערשווייגט אַלע געבעטען, וואָס ישראל וויינט איבער זיינע צרות. אַלע טרעהרען קומען אהער צושווימען דאָ, צו דער וואַנד, און דאָ, ביי דער וואַנד, שטאַרבען זיי אַב, און ווערען פערלאָרען און איינגעזאַפּט פון שטיינער. אַ, ווער וואָלט געקומען און צובראָכען די וואַנד צווישען ישראל און זיין גאָט!...

די נאַכט איז געווען שוואַרץ און צאַרענדיג, אַ שרעקליכע קאַלטע ירושלים־נאַכט פון ערנסטקייט; גאָט־פּאַרכט איז געלעגען אין דער לופט און די שטימע פון דער שכינה האָט געקלאָגט אין אַלע הייליגען ארום דעם אַלטען מויער. אין דער שוואַרצער נאַכט האָבען זיך אריינגעריסען די תימנ׳ער אידען; זייערע ווייסע קיטלען האָבען זיך געבליכט אין דער דונקעלער נאַכט, און ווי זיי זיינען אָנגעקומען פאַר דעם כותל מערבי און דערזעהן די אידען, וואָס ליגען פאַר איהם, און דערהערט דאָס געוויין, זיינען זיי ווי איין מענש, מיט ווייב און קינד, געפאַלען מיט די פּנים׳ער פאַר דער וואַנד, אויסגעשפּרייט די הענד צום הימעל און אַ גרויס געשריי, דאָס געשריי פון דער וויסטע, דאָס געשריי פון דער אידישע עולה האָט זיך געריסען פון זיי אין דעם שוואַרצען הימעל אריין. זיי האָבען דערזעהן, אז זיי זיינען געוואָרען אָבגענאַרט, משיח איז נאָך נישט געקומען, די ערלייזונג איז נאָך נישט דאָ.

---

זיי האָבען מיט זיך מיטגעבראַכט פון דער וויסטע. צוערשט האָט מען זיך מיט זיי זעהר דערפרעהט — די פּני און די „חשובי יפו“ זיינען זיי אקעגען ארויס אויפ׳ן ברעג, אויפגעשלאָגען פאַר זיי שטעלער, ביידלעך און בעזאָרגט זיי מיט ברויט צו שטילען זייער ערשטען הונגער. אָבער די תימנ׳ער אידען האָבען נישט געוואָלט בלייבען אין יפו, וועלכע האָט אַ קליינע ראַליע געשפּיעלט אין זייער פאַנטאַזיע, און זייער רעליגיעזער עקסטאַז האָט געטראָגען זייער ערשטען טריט קיין ירושלים, צום הר־הבית, צו דער כותל־מערבי. דעם וועג פון יפו קיין ירושלים האָבען זיי געמאַכט מיט ווייב און קינד צו־פוס, און אז זיי האָבען פון דערווייטענס דערזעהן די הייליגע שטאָדט, פון וועלכער שפּיצען פון קאַטוילישע קירכען און מאַכמעדאַנישע מעטשעטעס האָבען ארויסגעקוקט, איז געוואָרען צווישען זיי אַ שרעקליך געוויין, אַ געוויין פון פרייד און פון צער, וואָס זיי זעהן די הייליגע שטאָדט און זעהען זי אין איהר פערשקלאַפונג. לאַנג זיינען זיי געלעגען אויף דער ערד, איינגעגראָבען די פּנים׳ער אין דעם זאַמד, און געגעבן פון זיך שרעקליכע ברומען.

אין ירושלים זיינען זיי אָנגעקומען צו תשעה־באב, ווען די גאַנצע אידישע בעפעלקערונג קומט זיך צונויף פאַר דעם כותל מערבי. די נאַכט איז געווען אַ דונקעלע, אַ שרעקליכע ירושלים־נאַכט; פון די היילען ארום דער שטאָדט האָט זיך געהערט דאָס קלאָגען פון די שאַקאַלען און עס איז געווען, ווי עס רופען די בת־קולות פון די היילען, און ברומען ווי די טויבען: „וועה איז מיר, וואָס איך האָב מיין הויז חרב געמאַכט“. פאַר דעם כותל מערבי זיינען שוין געווען פערזאַמעלט אלע פערשיעדענע עדות פון אידען, וואָס וואוינען אין ירושלים. די ספרדים זיינען געקומען אין זייערע טערקישע טורבאַנען, מיט די גרויסע גרינע גאַרטלען, שווארצע בערד, מיט אָבגעברענטע געזיכטער, מיט גרויסע שווארצע אויגען, רמב״ם קעפּ, און שבתי־צבי־קעפּ; אין די זאַקען האָבען זיי זיך געוואָרפען אויף דר׳ערד פאַר דעם כותל מערבי. פּוילישע אידען אין די שוואַרץ־אַטלאַסענע צוריסענע קאַפּאָטעס מיט די שטריימלען; די אויסגעבלייכטע פּנים׳ער האָבען זיי איינגעגראָבען אין די גרויסע שפּאַרעס צווישען די שטיינער פון דעם כותל מערבי און אריינגעוויינט אין זיי; די בוכאַרער אידען אין זייערע קאָלירטע מאַנטלען, אין די פוטערנע היטלען — אלעס איז

געוועז אויף איהם. שרייעז האט ער געוואלט מיט דעם גאנצעז קול, איבער דעם גאנצעז לאנד, אז די ערד זאל הערעז.

— „אידעז, א גרויסע ישועה איז געקומעז, דער ערשטער קרבז, וואס פאלט נישט ווי קיין שעפס, נור ווי א העלד!“ — אזא בלוט איז הייליג און ריין, און דאס איז שפייז פאר דעם חיות פון א פאלק, איז אזא בלוט נישט היילינער און שעהנער פאר די אלע טייכען בלוט, וואס זיינען געווארען פערגאסען ביז יעצט ביים אידישען פאלק? — ער איז ערציטערט געווארען ביי דעם געדאנק...

קאפיטעל 25.

# די תימנ׳ער אידען.

איבער דער וויסטע איז געגאנגען א שטים און איז אנגעקומען אין תימן, אין אראביען, אז עס איז געקומען די ערלייזונג פון אידען, און די בני־ישראל הויבען זיך אן צו בעזעצען אין זייער פאטערלאנד. און די אונגליקליכסטע פון די אונגליקליכע — די תימנ׳ער אידען, וועלכע האלטען זיך דארט אויף פון ערשטען חורבן אן און זיינען גע־ווארען די קנעכט פון פעטער ישמעאל, די וואס טראגען נאך דעם פלעק פון דער געטהא ביז׳ן היינטיגען טאג, — האבען זיך אנגעהויבען צו קלייבען אין זייער פאטער־לאנד. אויף קליינע שלעפ־שיפען האבען זיי זיך געלאזט מיט ווייב און קינד איבער׳ן ים, פערוואגעלט גע־ווארען אויף פערשיעדענע ברעגען, די העלפט איז פון זיי אויסגע־שטארבען אויפ׳ן וועג פון פערשיעדענע קרענק, הונגער און נויטה, און אין א שעהנעם פריה־מארגען זיינען צום יפו׳ער ברעג צוגעשוואומען צוויי בערלענקעס מיט די תימנ׳ער אידען. זיי האבען געלאנדעט אויפ׳ן ברעג מיט די ווייבער און קינדער, און דערהערט, אז זייערע פיס האבען מיט אן אמת בעטרעטען דעם הייליגען בארען, האבען זיי זיך מיט די געזיכטער געווארפען אויף דר׳ערד און געקושט די ערד. זיי האבען נישט געוואוסט וואס צו טהאן פאר פרייד, געוויינט פאר גליק, גע־זונגען, געטאנצט און ארויסגעלאזט פון זיך ווילדע געשרייען, וואס

און פיינט געהאַט עס — אַ נאַטירליך געזונד לעבען האָט ער געוואונשען פאַר זיין פאָלק דאָ, אויף דעם לאַנד וואו יעדער שריט וועט ווערען אויסגעקויפט מיט בלוט. ער האָט גע'חלום'ט פון אַ גרויסער מלחמה, וואָס וועט אַמאָל דאָ זיין אויף דעם אָרט אין דאָס לאַנד, צו בעפרייען אַ גאַנץ פאָלק. ער האָט געהערט די טריט פון די פערד, דאָס קלינגען פון די כלי־מלחמה, וואָס טראָגט זיך אין דער לופטען. דאָ אויף דעם פעלד וועט אַמאָל אויסגעקעמפפט ווערן די אידישע פרייהייט, דאָס אויסלויזען פון גלות, דאָ וועט זי געבוירען ווערען.. ער האָט געזעהן דעם אידישען פאַרלאַמענט, אין וועלכען עס ווערט געפייערט די אידישע בעפרייאונג. עס זיצען די בכבוד'יגע אידען פון אַלע לענדער, די אידישע נאַציאָנאַלע רעגיערונג, דער אידישער סנהדרין. ער דער־קענט בעקאַנטע געזיכטער, און די העלדען טראָגען אריין אין פאַרלאַ־מענט די פאָהנען, וואָס זיי האָבען אוועקגענומען פון שונא קעמפ־פענדיג פאַר פרייהייט, און בויגען די פאָהנען פאַר הערצעל'ס פאַר־טרעט, און אפשר איז ער אויך צווישען די פאָהנען־טרעגער...

און מישע... ער איז געזעסען ביים טויטען חבר, מיט וועלכען ער האָט געטהיילט אַלע זיינע חלומות, אַלע זיינע אידעען. ער, דער ברו־דער זיינער, וועלכען ער האָט זיך געפונען,ביידע אויפגעצויגען בע־זונדער, געטראָפען זיך דאָ אין לאַנד, און ביידע גע'חלומ'ט די זעלבע חלומות, ביידע דאָס זעלבע געקלערט, געהענדיג אין געהיים אין די היילען, אויף די קברים, אויף די אידישע היסטאָרישע ערטער, און האָבען געוואָלט ביידע הערען דאָרט דאָס ברוימען פון דער אידישער נשמה. און דאָ ליגט ער פאַר איהם אַ חלל אויף דעם אידישען פעלד מיט זיין ביקס אין דער האַנד. נישט געפאַלען איז ער ווי יענע קרבנות, וועלכע מען האָט ארויסגענומען ווי די שעפּסען פון דער סטאַדע ארויס, און גע'שחט'ן, נישט געפאַלען איז ער אַ קדוש בעל כרחו ווי אַ שעפּס, ווי די אַלע אידישע קדושים אין גלות. נור מיט דער ביקס אין דער האַנד בעשיצענדיג אידישעס גוט און אידישען שטאָלץ. אַ, ווי ער האָט מקנא געווען זיין חבר דעם טויטען, דער וואָס בינדט איהם צונויף מיט די העלדען, וואָס זיינען אַמאָל אויף דאָ געפאַלען. ווי האָט ער דעם טויטען קושען געוואָלט, קושען געוואָלט זיין בלוט, זיינע יונגע יאָהרען און ווי גליקליך און שטאָלץ איז ער

א טויטער — מישע'ס חבר און פריינד, צייט ער איז דא אין לאנד, משה, וואס איז געפאלען צו מישא'ס פיס. די אראבער האבען זייערע פערוואונדעטע און טויטע מיטגענומען מיט זיך אין דארף אריין. די פערוואונדעטע האט מען אויף די פערד מיט די וועגען גערעטע־טע אידישעס גוט געפיהרט אין דער קאלאניע אריין; ביי דעם טויטען איז געווארען אויפ'ן פעלד אויפגעשטעלט א וואך, ווארים עס איז זעהר וויכטיג געווען נאך די טערקישע געזעצען אויף ווענעמס פעלד מען געפינט די טויטע ביים שרייבען דעם פראטאקאל. מורא האבענדיג, אז די אראבער זאלען דעם געפאלענעם חבר נישט איבער־טראגען אויף דעם אידישען פעלד, האט מען אויפגעשטעלט א עהרען וואך. עס זיינען איבערגעבליבען דער אינזשעניער בלומענטהאל, מישע און א פאר חברים. די פערד אנגעבונדען, די שטאלקאטשען אנגעצונדען, די ביקסען גרייט געמאכט צו בעשיצען זיך פון א נייעם איבערפאל, איז מען איבערגעבליבען איבער נאכט אויפ'ן פעלד ביים טויטען חבר. די נאכט איז געווען א דונקעלע, טיעף אין הימעל האָ־בען זיך בעהאלטען די שטערן, א קאלטער ווינד האט געבלאזען פון די הרי־יהודה אראב, פון דערווייטענס האט זיך דערהערט דאס קלאגען פון די שאקאלען, וואס האבען געוויינט צווישען די שטיינער אין די היילען. עס האט זיך געדאכט, אז עס ברומט ביי־נאכט די אלטע אידישע נשמה, וואס קומט דא אהער פון דעם פינסטערען גלות און קלאגט אויף איהר גורל. יעדער פון די יונגע לייט איז געווען פער־זונקען אין זיינע געדאנקען, געזעסען אין זיין ווינקעל מיט זיין ביקס אין דער האנד און געקלערט וועגען א צוקונפט, נישט פאר זיך, נור פאר זיין גאנץ פאלק. שטאלץ האט זיך ארויף און אראב געדרעהט דער אינזשעניער בלומענטהאל מיט זיין ביקס אין האנד ווי אן אנ־פיהרער, און איז שטאלץ געווען אויף דעם טהאט, וואס ער און זיינע קאלאניסטען האבען בעוויזען. ער איז געווען אן איינפאכער מענש, א איינפאכע נשמה, קיין קאמפליצירטע נאטור. ער האט נישט גע־וואוסט די אידישע געשיכטע און נישט געוואלט וויסען, געוואוסט, אז עס איז געווען א אידישעס לעבען אמאל, ווען עס איז געווען א אידי־שע מדינה דא אויף דעם ארט און עס הויבט זיך אן אזא אידיש לעבען פון דעם טאג אן, וואס ער איז ווידער דא אויף דעם ארט. אויסגע־שטריכען האט ער דעם גרויסען גלות און נישט געוואלט וויסען דערפון

קוילען. די אידישע יונגע לייט, האבענדיג בעסערס אייראפּעאישעס געווער, ווי די אראבער, האבען זיך געקענט שטעלען ווייטער ארויס פון דעם אראבישען שוס שטח; די אראבישע קוילען זיינען פון זיי אבגעפאלען, דאגעגען די אידישע קוילען האבע געטראפען אין די אראבישע מחנות. דאס געיעג האט אנגעפיהרט דער אינזשעניער בלומענטהאל, וועלכער האט קאמאנדירט דערביי, ווי א פאלקאווניק זיין פאלק. ער איז בעגייסטערט און שטאלץ געווען, וואס ער פיהרט די מלחמה.

— פערשפּרייט אייך — האט ער קאמאנדירט — יעדער אין אן אנדער ווינקעל, שטעהט נישט אין אראבישען ציעל, לעשט אויס די שטאלקאטשען, וואַרפט אראב די ווייסע טיכער פון די קעפּ, כדי די אראבער זאלען נישט זעהן אייערע פאזיציעס, אראב פון די פערד, שאנצט זיך הינטער די פערד. — צו האט ער שוין פערגעסען זיין לשון־קודש דערביי און קאמאנדירט אויף זיין מוטער־שפּראך, אויף דייטש, נור די יונגע לייט האבען איהם פערשטאנען און מיט איפּעט געפאלגט איהם. די אידישע קוילען האבען באלד צו שווייגען געבראכט די אראבישע, די אראבער האבען אנגעהויבען צו לויפען מיטשלעפּענדיג מיט זיך די וועגען. דא האט מישע געגעבען א שריי אויס צו זיין חבר משה,מיט וועלכען ער האט אינאיינעם געוואהנט: — „קום ראטעווען די וועגען“, געגעבען זיך א כאפּ ארויף אויף די פערד און געלאזט זיך אין די אראבישע מחנה אריין. א פּאר יונגע לייט הינטער זיי שוין, די קוילען פליהען פאר זייערע אויגען פארביי, ווי פונקען פייער, — זיי קוקען נישט, איילען מיט איפּעט אין די מחנה אריין, כאפּען שוין אן די אקסען ביי די לייצעס — טאקע זיין פריינד משה גיט א געשריי אויס: „אוי“ — און גיט א פאל אראב פון פערד און דאס פערד אנטלויפט פון אונטער איהם אין סטעפּ אריין. אבער די יונגע לייט האלטען שוין די וועגען מיט דעם אידישען גוט ביי די פערד, נאך פינקלען פאר זיי די קוילען, שלאגען זיך מיט די ביקסען,— אבער דאס אידישע גוט האבען זיי געראטעוועט און די אראבער אנטלויפען, איבערלאזענדיג די וועגען ביי זיי, שלעפּען מיט זייערע פערוואונדעטע, לאזען זיך אין דארף אריין.

מ׳איז אראב פון די פערד און אנגעהויבען צו זוכען די פערוואונדעטע, צוויי יונגע לייט זיינען געווארען פערוואונדעט און איינער איז געפאלען

דאָס דאָרף, האָבּען זיי אויסגענוצט די געלעגענהייט, וואָס די יונגע קאָלאָניסטען און די מענער פון זייער שכנ׳ישער קאָלאָניע זיינען ארי־בער צום קאָלאָניע־יום־טוב, זיינען זיי בעפאַלען די „גנות“, די פעל־דער און אָנגעהויבען צו ראַבּעווען די תבואות פון די פעלדער. די צוויי אידישע שומרים וואָס זיי איז געוואָרען אָנפערטרויט דאָס גוט פון דער קאָלאָניע, האָבען מוטהיג בעשיצט דאָס אידישע גוט, אוועק־געשטעלט זיך אין צווייען געגען די אַראַבּער. ערשט אַז איינער פון זיי איז געפאַלען פון אַ שאָס פון אַ ביקס, האָט דער צווייטער דערזעהן, אַז אַליין וועט ער נישט זיין בכח צו בעשיצען די פעלדער, האָט ער זיך געלאָזט איבער דעם אַראַבּישען דאָרף אין דער קאָלאָניע רופען הילף. עס איז געווען אַ זיכערער טויט, און נישט קוקענדיג אויף די קוילען וואָס זיינען געפאַלען פון די גריבער, אין וועלכע די אַראַבער האָבען זיך בעהאַלטען, האָט איהם זיין פערד געטראָגען דורך דער גע־פאַהר, און פון די ערווייטענס האָט ער געשאָסען צואוויסענגעבענדיג וועגען דער געפאַהר. אָנגעטראָפען די רייטערס, וואָס זיינען אַרויס פון דער קאָלאָניע, האָט ער באַלד אומגעקערט זיין פערד, פאַראויסגעלאָ־פען און אָנגעפיהרט זיי, וואו די אַראַבער זיינען. אַלעמען האָט בעלעבט אַ בעגייסטערונג און אַ מוטה: זיי האַלטען מלחמה נישט פאַר זיך, נור פאַר דעם גאַנצען כלל, צו בעפעסטיגען דעם ישוב דאָ, צו רעטען דעם אידישען שטאָלץ און איינצופלייסען צווישען די אַראַבער מורא און אַכטונג פאַר אידישעם אייגענטהום, פאַר דעם נייעם איד, פאַר דעם נייעם ישוב, וואָס בויט זיך דאָ. און מיט קיין זאַך קען מען די ווילדע שבטים נישט איבערצייגען, נור מיט מוטה און געפאַהר. האָבען טאַקע די יונגע ליים מוטה אַרויסגעוויזען. אָנקומענדיג צו די מחנה אַראַבער, וועלכע זיינען שוין געפאָהרען צוריק פון דער קאָ־לאָניע און האָבען געפיהרט דאָס אידישע גוט אויף וועגען אין זייער דאָרף אַריין, האָבען די אידישע יונגע לייט בעשטימט מיט׳ן טויט אָבצוקויפען צוריק דאָס אידישע אייגענטהום און עס אוועקצונעהמען צוריק פון די אַראַבער. נישט קוקענדיג אויף די קוילען, וואָס האָט זיי בעגעגענט פון די גוט ציעלענדע אַראַבישע רייטער, האָבען זיי זיך אָקעגען געלאָזט די אַראַבער. אָנקומענדיג אין דער נאָהנט האָבען זיי זיך פערשפּרייט אין די ווינקעלעך, יעדער בעזונדער, כדי די אַראַ־בער זאָלען זיי נישט טרעפען און בעגעגענט די אַראַבער מיט אַ מחנה

## קאפיטעל 24.

# די מלחמה מיט די אראבער.

אין אבענד האט די שמחה געהאלטען אין מיטען בעסטען גאנג; די נאכט איז געווען א דונקעלע און אווארימע, און דער עולם איז גע־ווען פערשפרייט איבער די פעלדער, צווישען די ווייסע הייזלעך, און אונטערגעזונגען ליעדלאך, און מען האט זיך אזוי גאר ערלויבט צו זינ־גען א אידיש־פאלקס ליעדעל. א יונגע מאן, פון א חסיד'עשע משפחה, האט אנגעהויבען צו זינגען:

איין מיטען וועג שטעהט א בוים,
האט ער זיך איינגעבויגען;
פאהרט א איד קיין ארץ־ישראל
מיט פערוואוינטע אויגען...

דעם עולם איז דאס ליעדעל געפעלען, אונטערגעכאפט דעם חסיד'־ישען ניגון, און אלע האבען מיטגעזונגען אין כאר. אגראנאם בלו־מענטהאל איז צוערשט נישט צופרידען געווען פון דעם „זשארגאנישען" זמר, נור בשעת חדוה האט ער מוחל געווען. נור אין מיטען זינגען, ווי דער עולם הערט זיך איין צו דעם יונגען מאן'ס ניגון, דערהערען זיך צוויי שאסען. זיי האבען פערשטאנען, אז עס איז א צייכען פון שומר אויף געפאהר. עס הייסט, די אראבער זיינען אנגעפאלען, און די יונגע לייט האבען זיך גענעבען א לאז צו די שטעלער, געכאפט די ביקסען אויף די פלייצעס, און געווארפען זיך אויף די פערד — אלע יונגע לייט סיי די גלויביגע, סיי די סקעפטיקער. עס האט זיך אין זיי אנגעצונדען דער נאטירליכער פערלאנג צו בעשיטצען זייער אייגענטהום. צו־ערשט האט מען געכאפט א שטאלקאטש און בעלויכטעט דעם וועג; דערנאך האט מען זיך מישב געווען, אז עס איז געפאהר, דאס ליכט, וואס קען ווייזען די אראבער דעם ציעל צו זייערע ביקסען: זיי זיי־נען געווים בעהאלטען אין דעם וויין. ארויסגעקומען הינטער דער קאלאניע, האבען זיי שוין אנגעטראפען דעם שומר, וועלכער איז אקעגענגעלאפען אין דער קאלאניע אריין אנזאגען די סכנה. עס האט זיי געלאזט, די אראבער, איז כעס, וואס מען האט ביי זיי אבגעקויפט

פייערען פון גלות, אז זיי זאָלען זי אם סוף דערפיהרען צו דעם, אז מיר וועלען עהנליך ווערען צו אראבער — לויפען אויף פערד ווי זיי, און שוין קענען שיסען ווי זיי? עהנליך צו זיין צו א ווילדען שטאַם פון אראבער, אָהן די פארם און אָהנע די יניקה צו שעפּען פון די אבות, פון דער ביבל — אראבער צו זיין מיט אייראָפּעאישע שלעכטע מידות, וואָס מיר האָבען זיך אָנגעשעפּט אויף דעם גרויסען וועג פון גלות? נור נישט אלע האבען זיי געקלערט ווי מישא, עס זיינען געווען אזעלכע, וועלכע זיינען שוין מיער געווען פון גלות און מיער פון דער מיסיע פון אידישען פאָלק. זיי האָבען זיך געזאָגט, אז שוין גענוג האָט דאָס אידישע פאָלק אויסגעשטאַנען צוליעב זיין „מיסיע". יעצט זאָל די „מיסיע" אַן אנדערער אויף זיך נעהמען, און מיר וועלען אָנהויבען לעבען דאָס נאַטירליכע לעבען פון פּראָסטע מענשען, נישט קיין „קדושים". זיי האָבען דערזעהן אין אגראַנאָם בלומענטהאָל א משיח. טאַקע ער, וואָס האָט גאָר נישט אין זיך פון גלות, קיינמאָל נישט פערזוכט דעם טעם פון דער „מיסיע"; דער וואָס איז איבער־געגאַנגען פון אַן אנדער סביבה צו אונז אין גאַנצען און איז אַ געזונדער, נאַטירליכער מענש, ער איז אימשטאַנד צו פיהרען אונז צום ברעג פון נאַטירליכען לעבען, פון פּראָסטע מענשען. ער האט די נאַ־טירליכקייט אין זיך; ער הויבט אַן פון זיך, און דורך איהם קען עפּעס געשאַפען ווערען.

און ווי מישע מיט זיינע חברים זיטצען אויף דער שוועל פון דער שוהל און קוקען זיך איין, מיט חוזק אויף די ליפּען, צום שפּיעל, געהט אדורך ה' בלומענטהאל און רופט זיך אַן צו זיי: „וואָס זיצט איהר דאָ קאָלאָניסטען? איך וויים נישט, וואָס אייערע ספקות זיינען, איך האָב נישט אין אייערע ספרים געלערענט, איך בין טאַקע אַ גראָ־בער יונג, נור יעדעס שטיקעל וואָס ווערט דאָ געטהאָן בויט דאָס אי־דישע פאָלק. יעדער ברונען, און יעדע אייל ערד, וואָס ווערט דאָ בעארבייט, איז די צוקונפט פון אידישען פאָלק. אין דעם גלויב איך און דאָס איז מיין גלויבען און אויף דעם האָט מען מיר די קאָלאָניע איבערגעגעבען. ווער עס האט ספקות קען די קאָלאָניע פערלאָזען" — זאָגט ה' בלומענטהאל צו מישען ערנסט.

מישא האט געשוויגען.

וויל נישט וויסען פון אייערע חלומות און בענקענישען, וועלכע איהר שלעפט מיט מיט זיך פון גלות, ווי א שווארצער שאטען פון א שקלאף. נישט מיט קיין חלומות און בענקשאפטען וועט מען דא עפעס בויען, נור מיט מעשים, מיט ווירקליכע טהאטען — אהן בענקענישען, וואס איהר שלעפט מיט פון גלות, פון אייער בית־המדרש".

---

דער יום־טוב האט זיך אנגעהויבען מיט גרויס פאראד. צוערשט האבען די יונגע לייט פון די אנדערע קאלאניעס געוויזען גימנאסטישע איבונגען, דערנאך האבען זיך די יונגע קאלאניסטען געלאזט זיך יאגען אויף די פערד. אנגעטהאן אין אראבישע אבייעס מיט די ביקסען הינטען אנגעבונדען, האבען די סעמיטישע געזיכטער, אבגעברענט פון דער זונן, אויסגעזעהן ווי די עכטע קינדער פון דער וויסטע. זייער אנבליק האט אויף די אנוועזענדע ארויסגערופען גרויס בעגייסטערונג— יעדער שאס פון ביקס, יעדעס טאפען פון די פערדישע פאדקאוועס, יעדע ציוניסטישע פאהן אין א רייטער'ס האנד האט ארויסגערופען בעגייסטערטע געשרייען פון קינדער און מענליכע מיילער. די בעגייסטערונג פון די פערזאמעלטע איז געוואקסען. עס האט זיך געדאכט, אז דאס אלטע פאלק ישראל בעפרייט זיך פון יאך פון זיין תורה, וועלכע ער האט געטראגען דורך זיין בלוטיגען עוויגען וועג — בעפרייט צום לעבען, שרייט נאך פארם! בענקט נאך לעבען, וואס האט פערלוירען — און האט נישט מעהר.

און אין איין ווינקעל זיינען געזעסען אייניגע יונגע לייט פון דער קאלאניע אויף דער שוועל פון דער שוהל, צווישען זיי אויך מישא, און צוגעקוקט זיך צום שפיעל, און א שווערער יאוש האט גערריקט זייער הארץ: „דאס איז אלעס", און איז עס דאס, וואס זיי האבען געזוכט אין ארץ־ישראל? איז דאס, וואס וועט בעפרידיגען זייער נשמה? וואו איז דאס פאלק? דאס פאלק זיטצט אין גלות און צולויפט זיך איבער אלע ימים, און אלע לענדער, און ווערט אויפגעפרעסען צווישען די פעלקער פון דער וועלט. און וואו איז דאס, וואס זאל אונז ממלא מקום זיין, וואס אונזערע אבות האבען געהאט, דעם גלויבען, דער אידעאל פון א משיח'ן? צוליעב דעם זיינען אידען אזוי פיעל אויסגעשטאנען און דורכגעטראגען די פאהן פון אידישקייט איבער אלע

דעם אראבישען דארף געהט איבער צום „נאציאנאל פאנד“ און די צוויי אידישע קאלאניעס גענעהנען זיך איינע צו דער צווייטער. דעם יום־טוב האט מען געזאלט פייערען מיט גרויס פרייד, די פועלים האבען זיך געלערענט מאכען קונצען אויף די פערד, כדי צו בעווייזען דאס, ווארום א סך מענשען האבען זיך געזאלט צוזאמענקומען אין דער קאלאניע צום יום־טוב. אבער די פועלים אליין, וואס צוליעב זיי דאס האט געזאלט זיין דער יום־טוב, זיינען גאר נישט געווען אזוי זעהר יום־טוב׳דיג געשטימט. עס זיינען מעהרסטענס געווען יונגע־לייט, וואס האבען דורכגעמאכט דאס זעלבע לעבען, וואס מישע, און זיינען אראב קיין ארץ־ישראל, בענקענדיג נאך א אידישע פארם, צו זוכען דא א צוזאמענהאנג מיט דעם גרויסען אידישען לעבען, מיט דעם אלטען אידישען לעבען, וואס האט זיך אמאל דא אבגעשפיעלט. זיי האבען געוואלט אמאל הערען אין ארץ־ישראל דאס קלאפען פון דער נשמה, פון דער אידישער אמונה — דורך זיין גאנצע עוויגקייט. נישט גע־זעטיגט זייער בענקשאפט דורך די נייע פארמען, וואס מען פיהרט דא איין, זיינען זיי מעהרסטען געבליבען קאלט צו דעם נייעם לעבען, וואס האט זיך דא געשאפען, סקעפטיש געשטימט און מיט חשד גע־קוקט אויף אלעם. מעהרסטען זיינען עס געווען יונגע לייט, וואס האבען שוין הינטער זיך געהאט א צובראכען לעבען. טייל, פערלארען זייערע האפנונגען אין דער רוסישער רעוואלוציע, טייל, — ערוואכט צו נייעם לעבען, האבען זיי געזוכט נייע פארמען — און זיי האט דאס ארץ־ישראל מיט די אויבערפלעכליכע רקודים׳לעך און לשון־קודש רעדען נישט געקענט בעפרידיגען. זיי האבען געזוכט דעם אידעאל, דאס בילד, נאך וועלכען זיי האבען געבענקט. דורך דעם זיינען צווישען זיי און צווישען דעם אגראנאם בלומענטהאל שטענדיגע מחלוקות געווען. ער האט זיך געפרעהט אויף יעדען נייעם ליערעל, וואס מען האט צוגעמאכט, אויף יעדען נייעם טאנץ, וואס מען האט ערפונדען, אויף יעדען געציעלטען שאס, וואס א פועל האט פון זיין ביקס געטראָ־פען, אויף יעדעם לשון־קודש׳עווארט וואס מען האט צוגעטראכט צו א כלי, ווארום ער האט געוואוסט, אז נישט מיט דעם מאטעריאל פון בענקשאפט און חלומות וועט ער קענען בויען זיין קאלאניע, און ער האט זיי מיט אן אמת פיינד געהאט, זעהענדיג זייער סקעפטיציזמוס: „איך וויים ניט וואס איהר האט מיטגעבראכט פון דער היים, און איך

פאָלק אויף דעם לאַנד פריי און שטאַרק — אז דאָס איז דער הימעל איבער ארץ־ישראל — און ער ליגט אויף דער ערד, אויף וועלכער די טעכטער פון זיין פאָלק האָבען אמאָל פרעהליכע ליעדער געזונגען, און די בחורים פון זיין פאָלק האָבען די שווערדען געשאַרפט, מלחמה צו האַלטען פאַר זייער פרייהייט — און ער איז איינער פון די בויער, פון די בענייער פון דעם אלטען לאַנד, איז ער גליקליך געוועז. שטאָלץ געוועזן אויף זיין ארבייט און געפיהלט זיך אנגעבונדען אין די אַלטע דורות, אין דעם אלטען לעבען, וואָס דאָ איז אמאָל געוועזן אויף דער ערד, און צום נייעם לעבען, צום צוקונפטיגען לעבען, וואָס וועבט זיך דאָ און וועט אמאָל צוריק זיין דאָ אויף דער ערד.

---

קאַפּיטעל 23.

## יום טוב אין דער קאָלאָניע.

אין דער קאָלאָניע איז געוועזן אַ גרויסע שמחה — מען האָט פערענדיגט דעם ברונען. דריי חדשים האָט מען געגראָבען אין דער קאָלאָניע אַ ברונען און עס האָט זיך נישט געפונען קיין וואסער. זיי האָבען געהאַט גרויסע צרות מיט וואסער, וואָס זיי האָבען עס געבראַכט פון דער צווייטער אידישער קאָלאָניע — וועלכע איז געלעגען צווישען זיי און אַ אַראַבישעם דאָרף — און די טרעגער האָבען שטענדיג צרות געהאַט פון די אַראַבער. פּלוצים, ווי די פּעלים זיינען געשטאַנען אויפ'ן פּעלד, האָט מען זיי אָנגעזאָגט די בשורה, אז עס האָט זיך וואסער געוויזען. עס איז געוואָרען אַ גרויסע שמחה, זיי האָבען געװאָרפען די ארבייט און געלאָפען אין די קאָלאָניע — זעהן דאָס וואונדער. און עס איז געוואָרען בעשטימט איבער דער געלעגענהייט צו מאַכען אַ קאָלאָניע־יום־טוב. מען האָט דעם יום־טוב אָבגעלעגט, ווארים מען האָט געהאַט בעקומען די ידיעה, אז אַ געוויסע אידישע געזעלשאַפט האַנדעלט אונטער אָבצוקויפען דאָס דערמאַהנטע אַראַבישע דאָרף, וואָס ליגט צווישען איין אידישער קאָלאָניע און דער צווייטער. דערנאָך איז טאַקע בעשטעטיגט געוואָרען, אז די ערד פון

מען, אין זייער מאראל האט ער געזעהן די פערקערפערונג פון דעם לעבען פון די אבות, פון די אלטע אידען, די בעשטענדיגע איינוואהנער פון דער ערד, און צוגעקוקט זיך מיט פרייד און ליעבע צו זייער לעבען, צו זייער פיהרען, און געהערט פון זיי א גרוס, אן אלטען גרוס פון דעם אמאליגען אידישען לעבען, וואס האט זיך אבגעשפיעלט אויף דער ערד.

אבער ער האט פערשטיקט דאס געפיהל אין זיך, מיט אלע מעג־ליכקייטען. האט נישט געוואלט זעהן דאס שעהנע ביי זיך. פערקעהרט, ער האט געפרובט צו זעהן דאס שעהנסטע אין דעם אידישען ישוב. און נאכגעטאנצט די רעדלעך מיט די יונגע לייט, וואס דער עקאנאם בלומענטהאל האט געלערענט — וועלענדיג זיך איינריידען, אז דאס טאנצען די בחורים אין ירושלים אין די גערטנער, זיי ווילען געפעלען די בתולות. געפרובט פערגעסען זיין אייגען לעבען, זיינע געדאנקען, זיינע ספקות, און געלאזט זיך אריינציהען אין דעם נייעם לעבען. מיט די ארבייטער אינאיינעם געוואהנט אין די נייע הייזלעך, וואס מען האט אויפגעשטעלט אין די קאלאניעס. א, מיט וויפיעל פרייד האט ער בעמערקט, ווי יעדען טאג וואקסט זייער קאלאניע — קומען צו נאך פיער איילען ערד אין ארץ־ישראל בעארבייט. — געגעסען אינ־איינעם מיט די פועלים, בעמיהט זיך צו רעדען לשון־קודש, מיט התמדה און פרייד האט ער זיך מארגענס אויפגעכאפט צו דער ארבייט, דערמאהנענדיג זיך, אז ער געפינט זיך אין ארץ־ישראל, און ער געהט בעארבייטען די אלטע אידישע ערד. ער האט געזעהן די אידישע העלדען, וועלכע ציהען זיך איבער דעם שטיק לאנד. און דארט דריבען איז יבנה געוועזן — די אלטע אוניווערסיטעטן־שטאדט, וואס דער תנא רבי יוחנן בן זכאי האט זי אויסגעבעטען פון אספסינוס, ווייל ער האט איהם נביאות געזאגט, אז ער וועט קייסער ווערען, און גע־גרינדעט די יבנה'ער ישיבה, וואס האט דערהאלטען דאס אידישקייט נאכ'ן חורבן, און דארטען איז אזוי לאנג דער נשיא געזעסען, און פון דארט איז די תורה ארויסגעגאנגען און פערשפרייט זיך איבער אלע לענדער, וואוהין אידען זיינען אוועק. און איז ער אויפדערנאכט אהיים געקומען נאך דער ארבייט און געלעגען אויף דר'ערד און גע־קוקט אין די גרויסע שטערן, וואס זיצען אין דעם הימעל אין ארץ־ישראל, און דערמאהנט זיך, אז די שטערן האבען אמאל געזעהן זיין

אלע פעלדער, דארט וואוהין די גערעכטיגקייט רופט זיי, שלאגנן זיך אין אלע מלחמות, וואו עס האנדעלט זיך אום אונטערדריקונג. דא אין ארץ־ישראל האט ער דערהערט דאס קלאפען פון דער אידישער נשמה אין גלות, צווישען די פעלקער פון דער וועלט.

מיט שרעק האט ער ענטדעקט, אז די, וועלכע דערמאהנען איהם אן דעם לעבען פון זיינע עלטערען אויף דער ערד, זיינען גאר זיינע „שונאים", די אראבער. ער האט זיך מיט פליים צוגעקוקט צו זייער לעבען, און דערזעהן אין זיי א לעבעדיגע איליוסטראציע צו דעם לעבען פון די ביבעל־העלדען. יעדער אלטער, איינגעזעסענער אראבער איז געגליכען אין זיין לעבען ווי צו א אברהם, און דער יונגער ווי צו א יעקב. זייערע טעכטער פאשען, ווי רחל, די שאף און זאמלען זיך צונויף מיט די פאסטוכער, מיט זייערע סטאדעס אין די מיטאג שעה ביים ברונען אין פעלד — קומט אן א פרעמדער פאסטוך, א יעקב — און פרעגט זיך אויף לבן זיין פעטער — און דערזעהט זיין טאכטער רחל מיט די שעפסען אנקומענדיג פון פעלד, פערליעבט ער זיך אין איהר, נעהמט זיך אנטרינקען איהרע שעפסען און דערצעהלט איהר, אז ער איז געקומען צו איהר פאטער און שטעלט זיך אוועק דיענען ביי איהר פאטער פאר איהר זיעבען יאהר, ווארים ער האט זי ליעב און קיין געלד צו בעצאהלען פאר איהר האט ער נישט. קויפט ער זי מיט זיין ארבייט. א, וויפיעל קנעכט, יונגע אראבער, האט ער געטראפען ארבייטען פאר זייערע ווייבער. די אלטע אראבער זיצען פאר די טהויערען פון זייערע געצעלטען, וואס איז ביי זיי אין די ווייטע דערפער, די פרויען ארבייטען מיט די אקסען פאר זיי, און זיי זיצען ווי א אברהם און ווארטען אב אן אורח אין געצעלט איהם אריינצו־ברענגען. אדער זיי זיצען אין האלבען ראד אין פארנאכטליכען זו־נען־שיין און דערצעהלען זיך מעשיות פון אלי מיט זיין נביא מחמד — קומט אן א פרעמדער דורך־רייזענדער מיט זיין ווייב און קעמעל, שטעלט זיך אב ביים ברונען צו ווארטען, ביז עס וועט איהם ווער אהיים נעהמען. קומט אן אן אלטער אראבער און בעט זיי אהיים צו זיך אין זיין געצעלט או לאזט זיי קיין שלעכטס נישט טהאן, האלט זיך פעראנטווארטליך פאר זייער לעבען און זייער גוט, ווייל זיי זיי־נען געקומען הינטער דעם „שאטען פון זיין באלקען".

ביי זיי, ביי די ווילדע אראבער, אין זייער לעבען, אין זייערע פאר־

נאך גאר נישט געגעבען, און זיי פיהרען א קלאגעדיג ארימעס לעבען פון אינטעליגענטען, וועלכע זייער מזל האט פערטראגען אין אן אנדער לאנד צו אן אנדער פרנסה. צי איז עס נישט דערפאר, וואס אונזער מארך איז געווארען אויסגעטריקענט דורך דער צייט פון לאנגען גלות, דורך דער צייט פון לאנגען קנעלען די „תורה", זיינען מיר געווארען אונשעפפעריש, און מיר זיינען נישט מעהר אימשטאנד צו שאפען נייע פארמען, צוגעפאסט לויט אונזער גייסט און לויט אונזער טראדי־ציע. און אויך נישט צופאסענדיג אונזערע פארמען צו יענע, וועלכע זיינען דורכגעזאפט מיט בענקשאפט, ווען זיי דערצעהלען זיך די געלאפענע „קאלאניסטען" אויף א וויסט פעלד... ער האט געזוכט די נשמה פון זיין פאלק צווישען די אלטע אידען — דארט וואו עס האלט זיך נאך אויף דער רעזערוואר פון די אלטע אידישע מדות, וואס צי־העו אזוי לאנג זייער השפעה נאך פון דעם ביבעל, ווען עס האט געלעבט אויף זיין אייגענער ערד. ער האט אין געהיים פערלאזט די קאלאניע און איז געגאנגען קיין ירושלים, זיך אויפגעהאלטען אין די אלטע שוהלען — איינגעהערט זיך צו די שמועסען פון די אלטע אידען מיט די ווייס־גראהע בערד. אויך צווישען זיי האט ער נישט געפיהלט יענעם הייליגען עקסטאז, יענעם הייליגען געפיהל, וואס עס לעבט צווישען די זיידעס פון זיין פאלק, בענקענדיג נאך די מלוכה פון יהוה. א, נישט געפיהלט האט ער דא צווישען די אלטע אידען דאס גרויסע געפיהל פון א בענקשאפט נאך משיח, נאך ירושלים, וואס לעבט צווי־שען די אלטע אידען אין גלות. דאס געשפרעך און דער אינטערעס איז דא ארומגעגאנגען ארום די חלוקה, ארום די מחלוקת'ען, ארום די קנאה און שנאה — און איבער זייער קליינעם טעגליכעם קלאגליכען לעבען. א, ער האט געבענקט נאכ'ן גלות, נאך די אלטע שוהלען און בתי־מדרשים, וואו עס זיצען די אלטע פרומע אידען מיט די מעשענע ברילען ביי מדרשים, און זייער טויזענד־יעהריגע וויינענדיגע שטימען זיינען דורכגעזאפט מיט בענקשאפט, ווען זיי דערצעהלען זיך די מעשיות וועגען מלך־משיח — א, יענע אידען, אין וועלכע עס לעבט נאך דער גייסט פון ביבעל; ווי האט ער געבענקט נאך די אידען — דארט אין גלות — אין וועלכע עס האט זיך ערוועקט דאס גרויסע גע־פיהל פון בעלעבען דעם אידעאל פון זייער אלט פאלק, נישט א לאנד, און ניט א פאלק צו בעפרייען — נור א וועלט — און רייסען זיך אויף

זיין הארץ — אז דאס איז ניט דאס ארץ־ישראל, וואס ער האט געזעהן אין זיין קינדערשער פאנטאזיע, ווען ער האט געלערענט צום ערשטען מאל דאס חומש. יענעס ארץ־ישראל, דאס ריכטיגע, וואס ליגט ביי איהם טיעף אין זיין הארץ, ביי יעדען אידישען קינד, ביי יעדען אידען. וואס האט נאך נישט אנגעוואהרען דעם אידעאל פון זיין פאלק, מוז זיין, ווי די לעגענדע זאגט, בעהאלטען מיט גאט אין הימעל, און ער וועט עס אראבשיקען דענסמאל, ווען משיח וועט קומען, און אידען וועלען אין זייער לאנד צוריקקעהרען. דאס ארץ־ישראל פון היינט, וואס ער האט ערקענט, וואס ער זעהט זייט די צייט וואס ער געפינט זיך אין לאנד — האט גאר נישט צו טהאן מיט זיין אידעאל, און מיט דעם אידעאל, דעם חלום און דער אמונה פון זיין פאלק. די מענשען פון נייעם ישוב זיינען אנגעלאפענע — פראסט פשוט'ע אידען, וואס האבען זיך אנגעכאפט אן זייער שטיקעל פעלד און ווילען מאכען דער־פון געשעפט; די בעסערע פון זיי פערלאזען זיך שוין אויף זייערע כחות און האבען שוין נישט קיין פרעטענזיעס צום פאלק ישראל, וואס מען האט זיי דא אהער געזעצט פערטריבען פון אידען; — און די ער־גערע פון זיי — האבען נאך פרעטענזיעס און האלטען שטענדיג די האנד אויסגעשטרעקט, בעטענדיג נאך הילף. אפשר איז אמאל געווען צווישען זיי דער אידעאל, א, געוויס איז ער געווען — דער אידעא־ליזם — אבער די אידעאליסטען זיינען אויסגעשטארבען, און די וואס זיינען איבערגעבליבען, זיינען וואכעדיגע אידען, וועלכע זיינען גרייט צו פערקויפען זייערע נחלות, וועלכע זיינען אנגעקומען מיט אזוי פיעל מיה, און אזוי פיעל האפנונגען, פאר יערערעס בעסערעס געשעפט. יערענפאלס, זייערע קינדער טהוען שוין נישט דאס נארישקייט — און שענקען זיך שוין נישט אוועק כלל ישראל און ווערען נישט מעהר קיין ערד ארבייטער צו בעזעצען זייער לאנד. נישט אין זייער לעבען, נישט אין זייערע פארמען, וואס זיי האבען געשאפען, זיינען זיי נישט עהנליך צו יענע אידען, וואס האבען דא אמאל געלעבט אויף דער ערד; נישט צו די ביבעל אידען, נישט צו די העלדען־אידען פון די חשמונאים — זיי האבען גאר נישט אין זיך עפעס אזעלכעס, וואס זיי זאלען זיך שוין האבען איינגעווארבען דא, אין דער לופט דא, וועלכע איז פול מיט דער עלעקטריציטעט פון אידישען בענקען און פון אידישעס אויסגעהיילינגטעס רעליגיעזעס געפיהל. די ערד האט זיי

## קאפיטעל 22.

# מישע.

צווישען די יונגע לייט, וואס זיינען געשטאנען אויפ'ן פעלד הינטער יבנה האט זיך אויך געפונען מישא. שוין פיער חדשים ווי ער איז אין לאנד. און היינט איז'ער צום ערשטען מאל געקומען צו דער ארבייט. ער האט זיך אויך, ווי די אנדערע יונגע לייט, געשטארקט זיך אויסצומעקען פון זיין הארץ יערען סענטימענט און בעטראכט זיך פאר אַן איינפאכען ערד־ארבייטער. פון פאטער האט ער בעשטימט נישט מעהר קיין געלד צו נעהמען, און נור זיין אנגעוויזען אויף זיך אליין — ראחעל'ן האט ער איבערגעלאזט אין ירושלים. ער האט זיך דאך נים געקענט איינהאלטען און אהין געפאהרען זעהן דעם כותל מערבי, דעם הר הבית, אין בעהאלטענהייט פון זיינע חברים, כדי זיי זאלען נישט לאכען פון איהם, אז ער איז אראבגעקומען קיין ארץ־ישראל ווי די אלטע חלוקה אידען אויף „קבר אבות“. ראחעל האט זיך געוואלט צוגרייטען זיין א לעהרערין אין א העברעאישע פרעבעל־שוהל, דאס געלד וואס ער האט געהאט איבריג פון דער רייזע האט ער איבערגעלאזט איהר צום לעבען און צום לערנען, און אליין האט ער אין די קאלאניעס ארומגעוואלגערט זיך פון איין קאלאניע אין דער צווייטער, מיט נאך חברים „פועלים“, געזוכט ארבייט, וואו מען האט זיי אויסגעלאכט צוליעב זייער „אידעאליזמוס“ און געהאלטען זיי אז זיי פארשווערען נאך דעם ישוב. א סך פון זיינע חברים האט ער געזעהן זיך מיאש זיין, פערלאזענדיג דאס לאנד מיט טרעהרען אין די אויגען — ער האט זיך אבער נישט מיאש געווען, אויסגעהאלטען הונגער און שפאט — ביז ענדליך איז איהם דאך געלונגען, נישט קוקענדיג אויף זיין קערפערליכע ארימקייט וואס האט פיעל שמערץ און הארץ־שרעקען פערשאפט — אריינצוקומען אין די ארבייטער קאלאניע.

ער האט אבער געמאכט ביי זיך א שרעקליכע ענטדעקונג נאך פון דער ערשטער צייט וואס ער איז נאר אראבגעקומען אין לאנד אריין — וועלכע ער שטארקט זיך מיט אלע מעגליכקייטען צו פערשטיקען אין זיך — זי רייסט זיך אבער ארויס און נאגט ווי א ווארם מיט יאוש

קלאָהר: לאַנד — ארץ־ישראל, און אַ שפּראַך — לשון־קודש. נור מען דאַרף דאָס לאַנד בעזעצען און די שפּראַך בעלעבען. ער האָט זיין אידעאַל דורכגעפיהרט ביז דעם קאָנסעקווענט. שטודירט אַגראָנאָמיע און גענומען זיך לערנען לשון־קודש פון די מעטאָדעס. געענדיגט אַגראָנאָמיע — האָט ער אָנגעהויבען זיין ארבייט ביי די אידישע קאָלאָניזאַציאָן־געזעלשאַפטען. זיין פּראַקטישער זין, און דאָס וואָס ער האָט נישט גערעדט וועגען סענטימענטען — נור וועגען דעם אידעאַל פון אַ אידישען פויער, איבריגענס זיין אָבשטאַמונג, זיין אַסימילאַטאָרישער יחוס, איז געפעלען, און מען האָט איהם איבערגעגעבען די פערוואַלטונג פון דער מוסטער־קאָלאָניע. זיין אידעאַל איז געווען אַ פּאַרטינער, — אַ איבערגעזעצטער פון זיין דייטשענטהום, ער האָט געוואָלט בעשאַפען אין ארץ־ישראל אַ דייטשען פויער. אין דעם האָט ער געזעהן די ישועה פון נייעם ישוב. און צו דעם האָט ער זיך גענומען אויסצופיהרען מיט זיין גאַנצער ענערגיע. דער עלעמענט אָבער, מיט וועלכען ער האָט געהאַט צו טהאָן, איז געווען ווייניג מסוגל צו פערווירקליכען זיין אידעאַל פון אַ אידישען פויער. ער וואָלט זיך געוואונשען צו ארבייטען מיט פּראָסטע אידען: סערער, פישער, קבצנים, און פון זיי בעשאַפען אַ אידישען פויער. ער האָט איהם, דעם טיפּ, געזעהן קלאָהר, נור אַזעלכע זיינען נישט געפאָהרען קיין ארץ־ישראל. און פון דעם מאַטעריאַל וואָס ער האָט געהאַט, האָט ער נישט געקענט שאַפען דעם טיפּ פון זיין אידעאַל. האָט ער פּעראַכטעט זייער סענטימענט, זייער געבילדעטקייט, ער האָט דערינען געזעהן אַ מניעה. ניט מיט סענטימענטען וועט מען בויען ארץ־ישראל, נור מיט ארבייט. האָט ער געשריען, אַנרערענדיג די יונגע לייט, אַז זיי זאָלען די שטיינער פון די פעלדער צונויפקלייבען. בעשטראָפט פאַר יעדען וואָרט אידיש, וואָס האָט זיך ארויסגעכאַפּט פון אַן ארבייטער, וועלכער איז נאָך נישט צוגעוואוינט געווען צו דער שפּראַך. וואָרים אַזוי ווי דאָס לאַנד, אַזוי איז דאָס שפּראַך — האָט ער געוואָלט זעהן איינגאַנצען אויסגעהאַלטען. ער האָט געוואָלט זעהן, אַז אין זיין קאָלאָניע זאָלען די פויערים לעבען פויעריש — מיט פויערישער פרעהליכקייט און פויערישע טעניץ. האָט ער נאָך דער ארבייט, אין שבת און יום־טוב, געלערענט די ארבייטער טאַנצען רונד־טעניץ, רקודליך, און געזוכט ווערטער, וועלכע מען האָט צוגעפּאַסט צו אראַבישע נגונים.

ביליגער און ארבייטס־פעהיגער פאר די אַט „אינטעליגענטלעך", וועל־
כע דער סענטימענט האָט זיי אראָבגעבראכט קיין ארץ־ישראל, כאָטש
מיט דעם האָבען זיי געשטעלט דעם גאַנצען ישוב, וואָס איז אָנגעקומען
מיט אזוי פיעל מיה, אין געפאַהר. די אידישע יונגע לייט, וועלכע
האָבען אלעם אוועקגעוואָרפען — פיעל, דעם וואהלשטאַנד פון זייערע
עלטערען, פיעל, זייערע שטודיעס, און — געטריבען פון דעם אידעאל
צו בעזעצען און בעלעבען זייער אלטע היים — האָבען זיך ארומגעוואל־
גערט פון איין קאָלאָניע אין דער צווייטער. דער אידעאל האָט זיי
געגעבען כח אריבערצוטראָגען די אונמענשליכע בעדינגונגען, זיי האָבען
נישט געוואָלט אָננעהמען קיין געזעלשאַפטליכע שטיצע, ברידער האָ־
בען געארבייט ביי ברידער, און נישט געוואָלט עסען ביי זייער טיש
פון זייער ברויט, נור אינאיינעם מיט די אידישע ארבייטער, אין זייער
ארבייטער־קיך, כדי נישט צו ערוועקען קיין חשד אין זייערע כחות.

און טאַקע פיעל פון זיי האָבען בעזייהט דאָס לאַנד פון זייער
אידעאל מיט זייערע ביינער — נישט קענענדיג איבערטראָגען די אונ־
מענשליכע בעדינגונגען, אונטער וועלכע זיי האָבען געלעבט — נור
די שטאַרקערע פון זיי האָבען דאָס איבערגעטראָגען — עס האָט זיי
ערהאלטען דער כח פון גלויבען, די בענקשאַפט נאָך דעם אידעאל, מיט
וועלכען זייער פאָלק האָט דאָס פערהייליגט דורך אזוי פיעל יאָהר
טויזענדער.

פון די ארבייטער האָט מען געגרינדעט די ערשטע אידישע ארביי־
טער קאָלאָניע אויף קאָאָפּעראטיווע יסודות — די פערוואלטונג פון דער
קאָלאָניע האָט מען איבערגעגעבען דעם דייטשען אָגראָנאָם בלומענ־
טהאל. דער ה' בלומענטהאל, וועלכער איז נישט אויפגעצויגען געוואָ־
רען אין קיין אידישער טראדיציאָן — האָט נישט געהאַט די אלע סענ־
טימענטען צו ארץ־ישראל, וועלכע עס האָבען געהאַט די אלע יונגע
לייט. צו ארץ־ישראל האָט איהם געבראכט דאָס נאַטירליכער געפיהל—
דער גלייכער וועג — וואָס פיהרט יערען אסימילירטען אידען, ווען ער
פערלירט זיין אידעאל אין דער אסימילאַציע. אויפגעצויגען געוואָרען
אין דעם דייטשען גייסט, האָט ער פערלאָרען דעם דייטשען פּאַטריאָ־
טיזם און איז איבערגעגאַנגען צו זיך אליין — צו אידען, האָט ער אלעה
ערשטענס געזוכט עטוואָס אזעלכעס ביי אידען, וואָס אנדערע נאַצי־
אָנען האָבען: לאַנד, שפּראַך. און דער וועג איז געווען פאר איהם

צווישען זיי האבען פעריאגט פון זיך יעדע וויכקייט — געמאכט זייערע הערצער הארטער פון א שטיין, און געזאגט זיך — זיי טהוען נור א גע־וועהנליכע ארבייט פון פויערים. — טהייל האבען געקוקט געגענאיבער, פון וואנען עס ווייזען זיך די ווייסע הייזלעך, און גערעדט צו זיך אין דער שטיל, כדי זיי זאלען נישט פערשעמט ווערען פאר זייערע חברים פאר דעם סענטימענט: „דריבען איז געווען יבנה"... טהייל האבען אין זייערע פאנטאזיעס, צואווארימט אין דער זונן, געזעהען אידישע חילות דורכציהען אין די ווייסע אונענדליכקייט פון האריזאנט. און זיי אלע,—סיי די ווייכע פון זיי, און סיי די הארטע פון זיי — האבען נעהאט יענעם געפיהל, וואס קען נור האבען א פאלק, וואס איז צוויי טויזענד יאהר פערטריבען געווען פון זיין היים. און דורך דער גאנצער צייט נים אנגענומען קיין אנדערע — נור אויסגעהיילינט זיך, אין זיין בענקשאפט, אין זיין אמונה — קומט דאך ענדליך צוריק, און הויבט אויף צום ערשטען מאל זיין האק און זיין שאפעל אויף זיין ערד — דאס האט זיי נעגעבען די קראפט. שוואכע אידישע יונגע לייט צוזאמענגעלאפען פון די רוסישע „גראמאטיקעס" דורכצוטראגען די טראפישע היטץ — אויף דעם בעשטיינערטען פעלד. אט ווארום זיי האבען יעצט געארבייט אין א צושטאנד פון עקסטאז — אין א פיבער־געפיהל.

ווארום עס האט זיך געהאנדעלט אום איבערצוייגען די בעלי־בתים פון נייעם ישוב, אז דער אידישער פועל איז אימשטאנד אויסצוהאלטען די קאנקורענץ פון דעם ביליגען אראבישען ארבייטער. נאך די פאגראמען אין רוסלאנד האבען א סך אידישע יונגע לייט פערלאזט די אוניווערסיטעטען, די גימנאזיעס, זיינען אראב קיין ארץ־ישראל ווערען ערד־ארבייטער. דער אינטעליגענטען־פראלעטאריאט, וואס האט ערשט נור וואס פערלאזט די רוסישע שוהל — האט זעהר ווייניג צוטרויען ערוועקט ביי די קאלאניסטען, וועלכע זיינען אמאל אויך געווען אזעלכע אידעאליסטען און זיינען אויך דא אהער געקומען פון דער רוסישער שוהל נאך די ערשטע פאגראמען פון די אכציגער יאהרען. זיי האבען שוין אבער צייט געהאט, מיט דער הילף פון די פיעל אידישע שטיצעס, בעלי־בתים צו ווערען פון זייערע שטיקלעך ערד, און זיי האבען ליעבער געוואלט ארבייטען מיט דעם אראבישען אר־בייטער, וועלכער איז אויסגעהאלטענדער, צוגעפאסט צום קלימאט,

## קאפיטעל 21.

# אין יהודה

אויף יענער זייט פון הרי יהודה, ביי די פיס פון א טאל, נעגענ־איבער די אלטע אידישע אוניווערסיטעטען — שטאדט יבנה — זיינען געשטאנען א צעהן־צוועלף אידשע יונגע־לייט, אויף א הארט ווייס שטיק פעלד, וואס האט אויסגעזעהן ווי צוזאמענגעגאסען פון איין שטיין, און האבען צום ערשטען מאל אויפגעהויבען די ערד העק און די שאפלען אויף זייער פערלאזטער היים. עס איז געווען איינער פון יענע הייסע טעג אין די טראפישע לענדער, וואו די זון צואווארימט די לופט ווי גליהענדע בליי, און קאכט צונויף די ערד אינאיינעם מיט דעם הימעל; און די ביינער פון דעם מענשען און טיערען ווערען לויז אין דעם קערפער, און ווערען אונבעוועגליך. דאך האבען די יונגע לייט, וואס זיינען גאר נישט צוגעוואהנט געווען צו דעם קלימאט און צום ערשטען מאל די העק אנשטאט זייערע פעדער בענוצט — דאך האבען די יונגע לייט, וואס דער הייליגער אידעאל צו בעלעבען צוריק זייער אלטע היים האט זיי דא אויף די פעלדער צונויפגעבראכט, נישט געקוקט אויף די זון, וואס האט בעגאסען זייערע לייבער ווי מיט ברע־נענדיגען בליי, און אויף די מיעדינקייט, וואס איז זיי בעפאלען, נישט געפיהלט די ביסען פון די מיקען, וואס האבען געגרינצעלט זייער הויט— זיי האבען געטהאן זייער ארבייט ווי אין עקסטאז, ווי אין געבעט. — טהייל האבען בשעת מעשה געקלערט וועגען דעם, אז זייערע פיס גע־פינען זיך אויף דער ערד, וואס איז אויסגעהייליגט געווארען אין דעם בענקעניש פון זייער פאלק דורך טויזענדער יאהרען, און די הארטערע

ער איהר שווארצען קאפ האהר, זי האלט אויף איהרע קניהען דעם בלאנדען שגץ — דעם חתן'ס ברודער — און קושט זיין מויל. ווי א ווילד טיער שפרינגט ער צו צו איהר, ווארפט זיך אויפ'ן שגץ, און פאטשט איהם אוים ווי א אינגעל, — דער שגץ ווייסט נישט פארוואס. — שרייט אויף און אנטלויפט. ער קוקט אז די גלייכגילטיגע מערי, זי לאזט נישט דעם קאפ אראב — ווערט נישט פערשעמט, — קוקט אויף די שטערן און בייסט זיך די ליפען.

דער יונג האט זי ביי דער האנד אנגעכאפט און געשלעפט זי נאך זיך אין די פייכטע גרעזער אריין. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צומארגענס זיינען זיי שוין איינס מיט צווייטען אויף די געווען, און אלע האבען געוואוסט, אז זיי זיינען חתן־כלה.

(ענדע פון'ם ערשטען טהייל).

און די נאַכט הויבט זיך אָן צו בעהאַלטען צווישען די בעוואַקסענע בוימער.

און די מוזיק שפּיעלט, דער בים־באַם קלאַפּט און דער באַס גרימ־פּעלט צו — און דער טאַנץ האַלט אָן, אָהן אויפהער, ביז די גאַנצע זונן ווערט פערלאָשען אונטער'ן וואַלד. די נאַכט איז טונקעל, נור בעזעעט מיט שטערען, ליכטער ברענען אין די פענסטער, לאַמטערן, — און די נאַכט איז וואַרים און לייגט זיך אויף דער ערד, ווי אַ שוואַרצע לייכטע שמעקענדע דעקע וואָלט אַלעמען צוגעדעקט און פערהוילען פון הימעל, און קיינער זעהט נישט און ווייסט נישט וואָס אַנדערע טהוען. זי דעקט אַלעם צו, זי איז די מוטער — דער ים, אין וועלכען עס ווערען פערטריבען אונזערע סודות

און מיט דער נאַכט קומט די ליידענשאַפט. דער מעד קאָכט דאָס בלוט אויף, און דער טאַנץ מאַכט די גליעדער לייכטער, און דער באַס און דעם אידענ'ס שבת געזאַנג אויף דער פידעל ציהט די נשמה אַרויס. צווישען די בוימער שיינען די ליכטלעך אַרויס, און וואו די ליכטלעך ברענען, דרעהען זיך אין שאָטען רעדלעך אַרום און טאַנצען — אַ פויערטע, אַ איד, אַ פּראַק, אַ כאַלאַט. און די יוגענד אַנטלויפט אין די בעוואַקסענע דערנער, אין די פייכטע בושען האַלטען זיי זיך אויף. עס רייסט זיך פון דאָרט פון צייט צו צייט צווישען דעם גרינס געשרייען אַרויס, ווי אַ ליעד פון ליעבע, און באַלד ווערט שטיל... טייל מאָל פלאַמט אויף פון אַ בעהאַלטענעם טונקעלען ווינקעל אַ ליכט, — און ווערט באַלד פערשוואונדען... און אין טיעפען סטאַוו, בעהאַלטען צווישען גראָז — באַדען זיך יעצט די וואַסער דאַמען און זייערע נאַקעטע לייבער ווערען בעגאָסען מיט שטערן ליכט. — און עס הערט זיך פון דאָרט אַ געזאַנג אויפגעהן, און עס ווערט פערשוויגען...

ווי אַ משוגע'נער דרעהט זיך יאַש אַרום און זוכט צווישען די נאַסע גרעזער און טונקעלע בעהאַלטענע פערוואַקסענע ערטער. ער געפינט אַ פויעריש מיידעל וואַרטענדיג אין אַנגסט און שרעק מיט תאוה־ליד אויף איהר חתן. זי שרייט לייכט אויף און וואַרפט זיך יאַש'ן אין אָרעם אַריין, און מיט עקעל וואַרפט זי יאַש פון זיך אָב, און זוכט ווייטער צווישען די קשאַקעס. זיין בעגעהרטע מערי'ן זוכט ער. ער קריכט אַריין אין ראָוו צווישען דעם סאַד און פעלד. פון דערווייטענס לינט עפּעס — ער לויפט צו — אין דעם גלאַנץ פון די שטערן דערקענט

בחורים ביז צו מיעדקיים. זי האט געפיהלט די גראבע אויסגעארבייטע הענד אויף איהר דינע, ציטערנדינע טאליע, און עס איז איהר גוט געוועז. וואס ענגער די רויהע שקצים האבען צוגעדריקט איהר טאליע צו זיך, וואס ווארימער זיי האבען זי בעהויכט מיט זייער בהמה'שען גע־זונדען אטעם, אלץ בעסער האט זי זיך געפיהלט. זי האט זיך גע־וואלט פערגעסען און אריינלעבען זיך אין דעם דאזיגען לעבען און אננעהמען זיינע פארמען.

די כלה האט זי צוגעפיהרט צו איהר'ס א שוואגער, א איינגערן ברו־דער פון חתן — א שעמעוודיגער אכטצעהן־יעהריגע שגץ מיט בלאנדע האר ווי זונען־זאנגען, מיט א פאר גרויסע בלויע קאטצען־אויגען — און געגעבען איהר פאר א דראזשבע. דער שגץ האט זיך געשעמט — געוועז נישט דרייסט — און מערי האט איהם געפיהרט, ארומגענומען און געשפיעלט זיך מיט איהם, ווי מיט א ליאלקע, בעקושט זיינע ליפען, און דער שגץ האט געשמייכעלט — ביז ענדליך איז ער אויף דרייסט געווארען, אנגעכאפט זי ביים ארעם און געזאגט: „קום, דראשבע“.

און הינטער זיך האט זי שטענדיג געהאט יאש'ס אויגען — דער יונג איז בלייך געוועז, און דאס פנים האט אויסגעזעהן, ווי עס וואלט גרייט געוועז אויף אלעמען. — ער האט געמערקט, ווי דאס בלוט קאכט אין איהר און ווי זי טאנצט מיט די שקצים — קושט זיך מיט זיי און עסט זיך איין אין די שטארקע שקצים'דיגע לייבער ביים טאנצען. זיי ווערען משוגע פון איהר — און ער איז ווילד געווארען. האט אויס־געזעהן, ווי ער וואלט יעדן אויגענבליק גרייט געוועז צו ווארפען זיך אויף איהר און זי צו שלאגען. אזוי בלייך איז זיין געזיכט געוועז, די אויגען אויפגעריסען. און עס האט אויסגעזעהן, ווי מערי וואלט נאך מעהר געוואלט צורייצען איהם — און זי לויפט פון צייט צו צייט מיט אן אנדערן שגץ ארייז אין א פערוואקסענעם בוש, אדער לויפט צו — צום יונגען, בעוואקסענעם וואלד וואס איז אויפ'ן ברעג סטאוו. דרעפטשעט ער נאך איהר, בעגלייט ער זי מיט זיינע בליקען.

דערווייל ווערט טונקעל — ווארים, גליהענד, ליידענשאפטליך בע־גיסט די זונן דעם הימעל אין א ברענענדען אראנזשען־פלאם. וואס ניסט זיך ארויס ווי א קאכעדיגער ים פון דעם טונקעלען גרינעם וואלד. די פעלדער ווערען בעגאסען מיט דעם ליכט פון דעם הימעל,

בין אויך אַ פּרייער מענש און רעליגיאָן שפּיעלט בּיי מיר אויך קיינע גרויסע ראָליע, אויך בּין איך אַן איבּערגעגעבּענער פּאַטריאָט צו מיינעם פאַטערלאַנד — פּוילען, אָבּער צוליעב דעם אַלעם דאַרף מען דאָך נישט חתונה האָבּען מיט פּויערים. יאָ, איה, נישט איך, אָבּער ווי קומט אַ פּויער דערצו?

— וואָס איז אַ חילוק אַ פּויער אָדער אַן אַנדער גוי? — מיט אַן אַנדערן גוי, מיט אַ שליאַכטשיץ מעג זי יע חתונה האָבּען, מיט אַ פּויער נישט — וואָס איז דער חילוק?

— איך מיין נישט דאָס — אַ שליאַכטשיץ איז נאָך פערשטענדליך, אָבּער אַ פּויער? איבּריגענס וויל איך איהנען זאָגען, איך וויים נישט אויב אויך אַ שליאַכטשיץ... איך האַלט פון טראַדיציאָן — טראַדיציאָן איז אַ גרויסע זאַך, ווי זאָגען זי?

— אַז אייער טאָכטער האָט זיך פערליעבּט אין אַ פּויער און אַז ער געפעלט איהר, וואָס אַרט עס אייך?

— וואָס זאָגען זי? מען האָט דאָך מיר געזאָגט, דאָס איהר זענט פרום און אַרבּייט צווישען אידען.

— אָבּער אין געגענטייל, ה' בּלום, מיר גלויבּען אין דעם, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען צווישען אַ אידישען בּחור אַן אַרבּייטער און אַ פּויערישער אַרבּייטאָרין פון דאָרף וועט נישט שטעהן אין וועג קיין רעליגיאָן, קיינע נאַציאָנאַלע אונטערשיידען. און זיי וועט פערבּינדען נישט די קירכע, נור דער גרויסער הימעל איבּער'ן קאָפּ און די הייליגע ליעבּע פון זייער האַרץ.

— זענט איהר דאָך אויך ווי זיי? איז דאָך בּיי איהנען טראַדי־ציאָן אויך גאָר נישט? — שאָקעלט מיט די הענד ה' בּלום און פער־לאָזט איהם.

נאָך איינע האָט זיך אַרומגעדרעהט אויף דער חתונה ווי אויף אַן אַנדער וועלט, און דאָס איז געווען מערי. זי האָט געהערט אַרום זיך פרייד און געהאַט אויך די פרייד אין זיך. און ווי זי האָט זיי מקנא געווען די שיקסעס פון דאָרף, ווי וואָלט זי געוואָלט זיך לאָזען יאָגען פון אַ בּחור, אַ שגץ, און זיך לאָזען כאַפּען אין זיינע אָרעמס. עס האָט געגליהט אין איהר דאָס לעבּען און דער ווילען, און דאָס בּענקעניש אין איינעם מיט די שיקסעס זיך צו פרעהען. זי האָט געטרונקען בּראַנפען ווי זיי, און געקושט זיך מיט די שיקסעס, און געטאַנצט מיט די

דעם סטאוו, און קושען זיך מיט די פעטע מיילער און מעהרען זיך און זשומען ווי די ביהנגען ארום די האָניג־בלומען.

און אין דעם חתונה־רעש דרעהט זיך ארום דער ה' בלום, דער טרויעריגער איד, דער דאזאר פון דער גרויסער שוהל אין זיין שטאָדט, און ווייסט נישט וואָס ער טהוט דאָ... פיער דורות האָבען אויף זיין פערמעגענס געארבייט און דערהאַלטען די פירמע. די משפחה האָט זיך משדך געווען מיט די שעהנסטע מענשען אין דער געגענד. אז עס איז אָ חתונה געווען ביי זיי אין דער משפחה, איז עס געווען אָ פאמיליען צוזאמענפאָהר. אַלע האָבען דעם אַלטען גרויס־פאָטער, וואָס איז געווען אויף אַלע חתונות — די האַנד געקושט. טראדיציאָן אָ גרויסע זאך — אין די „סינאַגאָגע" געגאַנגען. דער חזן האָט שעהן געזונגען. דער ראבינער האָט געפּרעדיגט... און ווי האָט זיין קינד חתונה? און וואָס טהוט ער דאָ? צווישען פּויערישע שיקסעס און שמוציגע שקצים, פון וועלכע מען שפירט פערד און שטאַל געשטאַנק. דאס גיט ער אוים אָ טאָכטער זיינע — פאר אַזאַ שגץ, פאר זיינס אָ פערד'ס מענש.

און ווי ה' בלום געהט אזוי ארום אָ פרעמדער צווישען די גערטנער, בעמערקט ער קרעמער'ן, ווי ער שטעהט אין זיין זייט, קוקט זיך צו צום טאַנץ פון די שקצים מיט שיקסעס און שמייכעלט פון די ברילען ארויס. ה' בלום האָט געהערט פון איהם — ער ווייסט, אז ער איז גאָר אנדערש פון זיינע קינדער. געהט ער צו צו איהם, גיט איהם די האַנד און זאָגט מיט אָ קרעכץ:

— עס איז זעהר גוט וואָס איהר טהוט, פּאַני קרעמער, מען האָט מיר געזאָגט דערפון. איהר גיט אוועק אייער ארבייט די אידען — דאָס איז גוט, טראדיציאָן איז אָ גרויסע זאך.

קרעמער עפענט אויף אָ פּאָר גרויסע אויגען און קוקט איהם אָן.

— אָבער איך פערשטעה אייך נישט...

— נישט? — פערכאַפּט זיך ה' בלום — מען האָט מיר געזאָגט, דאָס זי ארבייטען קולטורערער צו מאַכען די אידישע מאסען — דאָס איז גוט. זעהן זי, מיינע קינדער קענען גאָר קיין אידיש נישט, ארביי־טען זיי צווישען קריסטען, האָבען חתונה מיט פּויערים. (ער קוקט זיך ארום אויב קיינער הערט נישט) איך ווערדע איהנען זאגען, ה' קרע־מער — געהט ער איבער פון פּוילישען צום דייטשען — זעהן זי, איך

פערשטעקט צווישען די גראזען. עס איז שוין געווען שפעטליך אין זומער אריין — די תבואות פון די פעלדער געשניטען, געבונדען אין בינטלאך און געטריקענט זיי אויף דער זונן. זיינען די פעלדער בע־גאלדעט געווען אין א ליכטיגען אראנזשען גלאנץ פון געלבע אבגעשני־טענע זאנגען און בינטלעך געררייטעלטע קוניטשינע. אין גארטען זיי־נען געשטאנען ארום די ווענד — די גרויסע זונען־בלומען, ארום וועלכע עס האבען זיך געדרויעט ביהנען און אנגעמאכט א רעש מיט זייער זשור־מען. די גרויסע געלבע זונען־בלומען האבען זייער אראנזשען־פארב נעגליהט אין דער זונן. פון הינטערן שווארצען סטאוו האט זיך ארויס־געוויזען דער געקרוינטער בעוואקסענער וואלד. וואס איז געלעגען משופע — און פון דער חתונה, וועלכע איז פארגעקומען אויף דעם „פלעטצעל“, פאר דעם גרויסען איינפאהר הויז, האט דאס אויסגעזעהן ווי א ים אין גרינס. און צווישען דעם גרינעם טונקעלען און גאלד־נעגליהטען שיין האבען זיך אויסגעשאטען די חתונה־געסט. די רויטע צוהיצטע געזיכטער פון יונגע בלומענדיגע מיידלעך זיינען אנגעצונדען אין פארבען פון רויטע בענדער און פערשיעדענע קאלירטע קרעלען; זיי ווערען געיאגט פון יונגע בחורים — שקצים, וואס זיינען שטארק ווי די יונגע בוימער, וואס האבען אין זיך די זאפט פון דער ערד.

די מוזיק שפיעלט — גרימפעלט א פויערישען פוילישען נגון — א פוילישע מוזיק — בעגלייט מיט דעם אידישען שענקערס פידעל שפיעלען. דער חסיד'ישער, פרום־שבת'דיגער נגון פון איד'ס פידעל רייסט זיך ארויס פון דעם פויערישען בים־באם פון באס — נור עס שפיעלט. עס שפיעלט נישט בלויז פון דער פידעל, פון דער פויערים־מוזיק, נור פון די פעלדער, פון דעם קיהלען גרינעם וואלד און די צו־היצטע האניג־בלומען, ארום וועלכע די ביהנען בעהעפטען זיך און מעהרען זיך, און פון די יונגע פויערישע מיידלעך און פון די בחורים. און אלעס שפיעלט און זינגט און איז שכור — מעהר פון גליק און יוגענד און אייגענער נאטירליכער פרייד — איידער פון דעם בראנפען און מעד, וואס גיסען זיך ארום די טישען אונטער די בוימער. זיי פרע־סען דאס פעטע חזיר, דאס חזיר־שמאלץ רינט זיי איבער די פעטע מיילער און די יונגע שקצים לויפען נאך די יונגע שיקסעס אין פייכטען בוש אריין — אין פערוואקסענעם וואלד און סודות'דיגען גרינס ארום

פויערישע מירטען־בלעטער. א שאַם פון ווייסע וואַקסענע קרעלען — ווי אַ קרוין — האָט בעהאַפטען איהר וואוּאַל צו איהר קאָפּ, ווי עס איז דער מנהג ביי די קאַטוילישע פרויען. און געבליהט האָט זי ווי אַ ליעבער זומער־טאָג און גליקליך געווען, געפיהרט פון צוויי יונגע פויערים שקצים. דעם חתן האָט צו דער חופּה געפיהרט די דראשבאַ „מערי און די אינגערע שוועסטער". אַ, מערי איז גליקליך געווען — איהר איז אַלעס דאַ געפעלען אין דאָרף, די קאַטוילישע צערעמאָניעס, און די פּויערים־חתונה, און די יונגע שקצים מיט די בעפּוצטע בענדער, און דאָס געזאַנג. זי איז ווי איבערראַשט געווען און געפיהלט זיך ווי זי וואָלט געווען גע'חלום'ט. די כלה האָט שוין געהאַט אַנגענומען דעם הייליגען סאַקראַמענט נאָך נעכטען. היינט איז עס געווען די צערעמאָניע פון דער חופּה, און אַז דער אָרימער פּויערישער אָרגאַל האָט אַנגעהויבען צו שפּיעלען, דער כאָר פון די פויערישע שיקסעלעך האָט אַנגעהויבען צו זינגען, האָט זיך דער גאַנצער עולם אויף די קניה אַראָבגעלאָזט און דער גלח האָט אַנגעהויבען צו זאָגען אַ לאַטייניש געבעט.

דאָס אהיים פאָהרען פון דער חתונה איז נאָך צוגעגאַנגען פרעה־ליכער, ווי דאָס פאָהרען. די יונגע דראַשבעס האָבען געריטען אויף די פערד און געקלאַפּט מיט זייערע בעמבעליך, ווי עס וואָלט געגאַנגען אַ מיליטער פּאַראַד. — די שיקסעס האָבען הויך געזונגען און דאָס גאַנצע פעלד אַרום און דער ליכטיגער טאָג־שיין האָט מיטגעזונגען. חתן־כלה, וועלכע זיינען שוין יעצט אינאיינעם געווען, האָבען זיך געהאַלטען אין איין קושען ווי די אמת'ע פויערים — די כלה נאָך שעמעוודיג, דער חתן דרייסטער, האָט גערעדט צו איהר פויעריש. — און דער אַלטער ה' בלום איז געזעסען אויפ'ן פויערישען וואַגען, צו וואָס ער איז נישט געווען געוואוינט, און אַ טיעפער אונבעוואוסטער טרויער האָט געדריקט זיין נשמה. דער מחותן, דער פויער, איז צו איהם צוגעגאַנגען און געזאָגט הויך אויפ'ן קול: „פּאַני, זיינען מיר משפּחה".

דער טאָג איז געווען אַ וואַרימער. געזעצט האָט מען די געסט אין גאַרטען אונטער די עפּעל און באַרנען־בוימער. די זונן האָט געשיינט און אַרויסגעוויזען פון דער בעהעלטעניש אויף דער ליכטיגער שיין יעדעס קעפּעל פון אַ בלימעל, פון אַ קווייטעל, וואָס האָט זיך געהאַט

און מיט בלומען, ווארים עס האט געזאלט זיין א פויערישע חתונה מיט'ן גאנצען בלאסק. פון דער שטאדט זיינען אויך געקומען אייניגע אינטעליגענטען, סטודענטען, דאקטוירים'לעך, סאציאליסטען, נאציאנאליסטען, אידען און גוים — אלעס גלייך, אלעס אויסגעמישט. אין דער דעמאלדיגער צייט איז א חתונה צווישען פויערים און אינטעליגענטען נישט געווען קיין זעלטענהייט. זיינען די „פרעק" מיט די פויערישע קליידער, די אידישע סעמיטישע נעזער מיט די פערפלאכטענע בערד און די טויזענד יאהריגע דערשראקענע אויגען מיט די בהמה'דיגע, תמ'עוואטע פויערישע פנים'ער אויסגעמישט געווארען. — אלעמען האבען די וועגען געפיהרט אין דער דארף־קירכע, וואס איז געלעגען אין צווייטען דארף. די מיט בענדער בעפוצטע בייטשען האבען געקנאלט, די דראשקארעס האבען געשאקעלט און געפאכט מיט זייערע קאלירטע בעפוצטע היט. די קרעלען אויף די ברוסטען, די בענדער אין די צעפ און די פויערישע פארבען פון די קליידער האבען געשריען און די גליהענדע זונן מיט זיי און אלעס האט געשריען: — „נא וועסעלא! נא וועסעלא!" און צווישען די דארפישע קינדער איז געזעסען דער איד בלום — א פערזארגטער — דער גלות האט גערוהט צווישען די איידעלע פאלדען פון זיין געזיכט, און די אויגען זיינען געווען בעטריבט, און די ווייכע ליפען האבען געשמייכעלט צווישען די גראהע האהר אין דער בארד אריין, און זיך אליין געפרעגט: „וואס איז דאס? צי איז די וועלט נישט משוגע געווארען? — און אינאיינעם מיט איהר = אויך ער, און זיינע קינדער — און אלעס, אלעס?

די קירכע איז געווען א קליינע נור א הייליגע און א פויערישע. אלעס איז געווען פראסט און איינפאך. דער יעזוס, א געשניצטער אויס האלץ, פון א פויערישען שעפער־מעסער, האט געהאט אזא פנים און אזא אויסזעהן, ווי די פויערים וואס דאוונען דא דעריין. אלע הייליגע בילדער זיינען גלייך געווען צו די געזיכטער פון די פויערטעס. און בעהאנגען איז עס געווען מיט גרינע בלעטער, און דער אלטאר ארום בעפוצט — לכבוד דער חתונה — מיט פויערישע גערטנער־בלומען — גלע גרויסע קווייטען און ווייסע וואסער ליליען. און די כלה — איהר'ע גאלדענע העלע האהר ווי אויסגעשטאנענע זאנגען אין דער גין־גאלה זונן האבען בעלייגט איהר קאפ. — און אויסגעפוצט איז איהר קאפ געווען מיט א קראנץ פון קליינע בלויע „פערגעס־מיך־נישט" און

פערוויקעלטע נאַטור, וואָס זי קען נישט. זאָל זי זיך אריינוואַרפען אין דער פערגעבעלטער וועלט? יא, צו די פּאָליאַקען האָט זי שוין לאַנג געצויגען! — יעדענפאַלס איז עס געוועזן די העכסטע צייט פון דאַנען אַוועקצופאָהרען, און דאָס האָט זי יעצט געוואָלט. זי האָט געוואַרט אויף העלענקעס חתונה — מיט'ן פויער בויטשאַק, — צו וואָס אַלע האָבען זיך איצט פאַרגעגרייט. די חתונה האָט געזאָלט זיין אין דאָרף ביי זיין פאָטער דעם פויער.

---

קאַפּיטעל 20.

## די פויערים-חתונה.

די כלה העלענקאַ האָט געוואָלט, אַז איהר חתונה פאַר דעם פויער בויטשאַק זאָל זיין אין דאָרף ביי זיינע עלטערען, און עס זאָל זיין אַן אמת'ע פויערים-חתונה מיט אַלע פויערישע צערעמאָניעס און זיטען. צו דעם צוועק איז דער חתן שוין מיט אַ פּאָר וואָכען פריהער געפאָהרען צו זיך אַהיים אין דאָרף אריין, הינטער קראָקוי, צוגרייטען צו דער חתונה — און די כלה מיט די מחותנים, די שוועסטערען, מערי, יאַש און אויך דער „ראַבין“, קרעמער מיט זיין ווייב, זיינען געפאָהרען אין דאָרף צו דער חתונה. צו דער חתונה פון זיין טאָכטער איז אויך געקומען דער פאָטער ה' בלום פון באַד מאַנהיים, וואו ער איז אַבגעוועזען דורכ'ן גאַנצען זומער. די חתונה האָט זיך אָנגעהויבען פון פריה-מאָרגענס אָן. די כלה, אָנגעטהאָן אין פויערישע קליידער, איז ארומגעגאַנגען מיט'ן חתן, — מיט בויטשאַק'ן, בעטען די מחותנים און די „דראשבעס“ צו דער חתונה. פון איין זייט האָט געפיהרט אונטער דער חופה זיין טאָכטער — ה' בלום, דער צוקער-פאַבריקאַנט און דער דאָזאָר פון דער אידישער שטאָדט — און פון חתן'ס צד האָט געפיהרט זיין זוהן אונטער דער חופה, דער פויער סעוואַרין בויטשאַק, פון דאָרף דאַרברישין, אונטער קראָקוי.

די יונגע בחורים פון דאָרף האָבען די פערד און וועגען געשפּאַנט. אויסגעפּוצט זיינען געוועזן די פערד אין בלומען, איינגעפלאָכטען די גריוועס און די עקען מיט בענדער, און די וועגען בעפּוצט מיט גרינס

זיך ארונטערוואַרפען, אַז דאַס בלוט זאָל צושפּריצט ווערען ווי אַ רעגען איבער די סקאַלע? — ניין, — זי איז צו יונג, און זי וויל לע־בען און זי וויל נקמה נעהמען פון לעבען. פאַר קיינעם נישט, פאַר קיינעם נישט לעבען, נור פאַר זיך!

האָט זי אויסגעהערט זיינע ערקלערונגען און זיינע שבועות און האָט געשוויגען און געשמייכעלט. דער יונג האָט נישט געוואוסט, וואָס דער שמייכעל בעדייט, און זי האָט ביי זיך געטראַכט בשעת מעשה: זי מוז אוועק פון דאַנען — עס האָט קיין טעם נישט דאָ צו זיצען. אריינוואַרפען זיך אין לעבען אריין, ווי עס וועט זיך טרעפען, און עס וועט שוין זיך מאַכען...

און דער יונג האָט פערטרויט זיין האַרץ זיין אינגערער שוועסטער זשוטקען, (מיט איהר האָבען זיך אַלע מישב געווען — זי איז געווען די מוטער. אַלעס האָבען זיי פערטרויט פאַר איהר, ווארים זי איז גע־ווען די מיושבסטע פון אַלע דאָ). זי האָט געוואוסט מערי׳ס פער־העלטנים צו קאַוואַלסקי׳ן, מערי האָט איהר פערטרויט — און זי האָט געבעטען איהר ברודער, „נישט צו בעליידיגען דער „פרעמדע׳ס״ געפיהלען״, און ווען דער ברודער וועט נישט וויסען צו רעספּעקטירען מערי׳ס טרויער, „וועט זי זיך פון די בערגער וואַרפען״. — „אַ, געוויס וועט ער וויסען צו רעספּעקטירען, ער איז אַ פּאָליאַק און אַ סאָציאַ־ליסט״ — און טאַקע פון דענסמאָל אָן האָט ער פאַר מערי׳ן פערשוויגען זיין ליעבע, און מיט קיין איין וואָרט נישט פערראַטהען זיינע געפיה־לען. ער האָט ארויסגעוויזען צו מערי׳ן אַ טיעפען דרך־ארץ, אַ גרויסע אַכטונג. ער פלעגט זיך תמיד אויפהויבען, אַז מערי איז אין שטוב אריינגעקומען, איהר אונטערטראָגען אַ שטוהל, ווי זי וואָלט געווען אַ ליידענדע אַלטע פרוי. איהר דיי־האַנד געקושט און טיעף פאַר איהר דעם קאָפּ גענייגט. מערי, וועלכע האָט נישט פערשטאַנען די צערעמאָ־ניעס, האָט לכתחילה געשמייכעלט און מיט לייכטינקייט צוגענומען דעם כבוד, פון וואָס דער יונג האָט פיעל קרענקונג געהאַט. זי האָט גע־זעהן אַז זי טהוט איהם אַן צער, האָט זי אויך געמאַכט אַן ערנסטע מינע, יעדעס מאָל, עמפּפאַנגענדיג דעם כבוד, וואָס דער יונג האָט איהר אָבגעגעבען. נור פון דעם אַלעס האָט זיך ביי יאַש בלום ענט־וויקעלט אַ זעהר ערנסט געפיהל צו דער „ליטוואַטשקע״. מערי האָט אָנגעהויבען צו פערשטעהן, אַז זי האָט דאָ צו טהאָן מיט זעהר אַ

איז אין דער „ליטוואטשקע" אויך אויפבעוואהרט געהיימניסען פון אנ־דערע פעלקער און פון אנדער סטאווען, וואס ער קען נישט, און דאס זינגט פון איהר יעדער בעוועגונג.

און וואס איז דאס דער שטילער ריטם, וואס ליגט בעהאלטען אין איהר שטילען געהן, אין איהר שמייכלען, אין איהר בליק? איז עס נישט א גרוס פון עפעס ווייטעס... און נאהנטעס... וואס האט עפעס א שייכות מיט איהם און דאך ווייט פון איהם? ער דערפיהלט דאך, ער דערהערט דאך דעם ריטם פון דעם נאהענטען געזאנג, וואס ליגט אויסגעגאסען אין דעם שטילען פערפיהרערישען שמייכעל, אויף דער האלב פערקרימטער ליפ, אין דער טונקעלער הויט־פארב, אין דעם עגיפטישען, אינגלישען שנים פון איהר געזיכט, אין די אויגען וואס זייי־נען אזוי פרעמד, אזוי נאהענט און אזוי טרויעריג און אזוי סודות'דיג...

ער האט מלחמה געהאלטען מיט זיך, אויסגעלאכט אליין זיינע גע־פיהלען און פארווירפע זיך געמאכט איבער זיין נייגונג צו סעמיטישעס, וואס איז נאך איבערגעבליבען אין איהם. דער „שבת" האט זיך אנ־גערופען אין מיר — האט ער חוזק געמאכט פון זיך. אבער דער „שבת", וואס ער האט ענטפלעקט אין דער „ליטוואטשקע", האט איהם קיין רוה נישט געגעבען — ער האט ענטפלעקט אין דעם „שבת" וואס אמאל מעהר שבת'דיגקייט און שעהנקייט. און דאס איז געלעגען אין איהר שטילקייט, אין איהר שטאלץ, אין איהר טרויער, וואס האט זי איינגעהילט ווי א סוד, ווי אין א שטילען טרויעריגען נגון, — און דער יונג האט וואס א מאל מעהר געקריגען רעספעקט פאר דעם שבת'דיגען נגון וואס האט געשפיעלט פון איהר.

עס איז געווען ווי זיי וואלטען ביידע צווישען זיך אבגעמאכט, אז די סצענע, וואס האט זיך אבגעשפיעלט צווישען זיי אויפ'ן קראנקען בעט, זאל ווערען פערגעסען..

מערי איז געבליבען אזוי גלייכגילטיג, אז דער יונג האט זיך גע־מוזט איינרעדען, אז דאס איז נאר א חלום געווען. ער האט זיך אנגעהויבען ערנסט צו שרכנ'ען צו מערי'ן. איז ער מיט איהר ארויס־געגאנגען שפאצירען, האט ער איהר אנגעהויבען צו דערצעהלען פון זיינע געפיהלען. מערי איז דערביי געבליעבען קאלט און עפעס גע־שמייכעלט, און בשעת מעשה געקלעהרט „וועגען סוף". און דאס איז שוין אלעס? ניין, שטארבען האט זי נישט געוואלט. פון די בערגער

שטעלען, אז ער זאָל זיך פערליעבען אין אַ רוסישער, און דערצו אין אַ אידיש קינד. זיינען דען ביי איהם איבערהויפּט אידישיע מיידלעך נישט געווען פאַראויס פערוואורטיילט פאר זייער אויבערפלעכליכקייט און אויסגעלאסענקייט? פאלש זיינען זיי און אָהן איין עכט געפיהל, און נאָך מעהר די „ליטוואַטשקעס“, די „אידישע ליטוואַטשקעס“ — קען דען עפּעס זיין מעהר אָבשטויסענדעס? — און זיין אידעאַל האָט ער דאָך שוין געהאַט אַ פאַרטיגען, אַן אָבגעמאַכטען. זיין אידעאַל — דער „ווייסער קאַפּ“. די, וואָס אין איהרע זיטען איז פערקערפּערט דער אידעאַל פון דער פּוילישער פרוי, וועלכע האָט אין זיך דעם געשמאַק פון פּוילישען פעלד און בעוואַקסענעם סטאַוו. די, וואָס איהר געשטאַלט איז אַ סימבאָל פון דער טראַגעדיע פון דער פּוילישער נשמה, שטאָלץ און אַ טרויעריגער גלאַנץ שיינען אויף איהר. — האָט ער נישט דען פון דעם אידעאַל געטרוימט נאָך ווען ער איז געזעסען אויף דער באַנק אין דער גימנאַזיע, ווען ער האָט געלעזען „פּאַן טאַ־דעאוש“, „מאַזעפּאַ“? איז נישט די פרוי פון דער פּוילישער ליטעראַ־טור פערקערפּערט אין לעבען, אין יעדער פּוילישער מיידעל: — שטאָלץ, טרויעריג און אַפּפערונגס־פעהיג און ווי דאָס טרויעריגע געזאַנג פון דער פּוילישער „אַטשיזנאַ“? האָט ער זי ניט געזעהן אין די שוועסטערן פון זיינע קאָלעגען, און האָט ער זיי דען נישט אוועק־געשאַנקען זיינע אינגלישע חלומות, זיינע וואַרימע נעכט אויף זיין גע־לעגער און זיין אונשולדיגקייט? (וואָס ער האָט בעהאַלטען ביז יעצט, כדי צוצוקומען ריין צו יענער, וועלכע ער וועט זיך אויסוועהלען, ווי די פּוילישע פרוי איז עס ווערטה — אזוי אונשולדיג ווי זי וועט צו איהם קומען).

און ווער איז זי דאָס, וועלכע ציהט איהם אזוי, וועלכע צושטערט איהם אַלע זיינע חלומות? די ליעבע צו איהר — איז עס נישט אַ זינדיגע ליידענשאַפט, וואָס דאָס אָריענטאַלישע אין איהר האָט ער־פלאַמט אין איהם? און איז עס נישט די סבה פון זיין קרענקליכען צושטאַנד, אין וועלכען ער האָט זיך געפונען? נור וואָס ער איז גע־זינדער געוואָרען און מעהר געקומען צו זיך, האָט ער זיך געמוזט זאָ־גען — ניין, עס איז נישט בלויז אַ זינדיגע ליידענשאַפט, וואָס ער פיהלט צו מערי'ן — אַ טיעפערעס געפיהל ציהט איהם צו איהר, און וואָס אַמאָל ווערט עס ערנסטער אָהן זיין וויסען און ווילען. עפּעס

מיט שטאַלין מיטטיילען זיינע חברים, אַז ער נעהערט צו דער קאַטוי־ליש־רוימישער קירכע.

און האָט זיך געלאָזט נור הערען די ערשטע בעוועגונג אויף דער גאַס — דאָרט וואו מען האָט געפּאַדערט יוגענד, מיטה און אַפּפּערונג — האָט ער זיך פון די ערשטע געשטעלט צו דיענסטען. ער האָט נישט פיעל געקלעהרט דעריבער, אויב דאָס וואָס טהוט זיך דאָרט שטימט מיט זיינע איבערצייגונגען — ער האָט בעדאַרפט זיין יונגען טעמפּעראַמענט שטילען. דאָס בלוט האָט געקאָכט און האָט געוואָלט עפּעס, די יוגענד האָט פערלאַנגט דאָס איהריגע. און די רעוואָלוציע איז דורך אַזוי פיעל גוטע חלומות פערבונדען געווען מיט פּוילען.

נור אַ פּוילישע רעוואָלוציע מוז האָבען אין זיך פון יענעם שוואונג, פון יענעם ראָמאַנטיזם, וואָס האָבען געהאַט אין זיך די אַלטע פּוילישע העלדען. דאָס טאָר נישט זיין קיין סאָציאַליסטישע טרוקענע חברה, עס מוז זיין אַן אויפשטאַנד. דער רויש פון וואַלד, דאָס קלאַפּען פון וואַסער מוז בעגלייטען דעם שאָס פון ברויונינג, דאָס פּלאַצען פון דער באָמבע. „די פּוילישע וועלדער מוזען ווייטער הערען דעם פּוילישען שאָס" — און אָנגעשלאָסען זיך דאָרט, וואו מען האָט פערלאַנגט צום מייסטען מוטה און העלדענטהום. דאָרט, וואו ער קען צו מייסטען ארויפווייזען ווי ווייניג איך ער איז און וויפיעל ער האָט שוין פון פּוילען איבערגענומען. אַבער ווי פערוואונדערט איז ער געוואָרען, אַז ער האָט דערזעהן, אַז אויך ביי זיי, ביי די „חלאַשאַרשעס", האָט זיך אויך ערוועקט דער מוטה, די קראַפט צו „טהאָט". און אַז ער איז געוואהר געוואָרען, אַז אַ אידישער יונגער־מאַן, אַ געוועהנליכער אי־דישער ארבייטער, וואָס רעדט „זשאַרגאָן", אַ חלאַשאַרש, האָט אַב־געראַמט פון וועג איינעם פון די געפעהרליכסטע און מוטהיגסטע דיע־נער פון דער רעגיערונג, איז ער דערשראָקען געבליבען. פון וואַנען קומט עס צו זיי? — זיי, וואָס האָבען דאָך גאַרנישט אין זיך פון פּוי־לישען גייסט — אפשר האָט זיך ערוועקט ביי זיי דער השמנאים'שער גייסט? ער האָט זיך פערטראַכט. —

---

די בעציהונגען פון יאַש בלום צו מערי'ן זיינען געוואָרען וואָס אַמאָל ערנסטער. צוערשט האָט זיך דער יונג גאָר נישט געקענט פאַר־

אין שטאָדט ארומגעדרעהט. — צו וואָס זיינען זיי דאָ? נור כדי צו וויזען, אז ער האָט אַ שייכות מיט זיי; כדי זיי זאָלען איהם נישט לאָזען זיין ווי אלע זיינע חברים: די קינדער פון די שליאַכטשיצעס?

דערפאר אבער האָט ער יאָ געקענט אנטייל נעהמען אין קאַמפּף פאר זיין אייגענער פּוילישער „ספּראַווע“. ווארים אלץ, וואָס האָט געהערט נישט צו דער קאַטוילישער קירכע, נור צו דער פּוילישער נאַציאָנאַליטעט, ווי די פּוילישע שפּראַך, ליטעראַטור און געשיכטע, דאָס איז אלץ געוועזען זיין זאַך פּונקט אזוי ווי די חברים'ס, — און ער האָט געוואָלט וויזען, אז ער איז נישט קיין ערגערער פּאַטריאָט און וויים צו שעטצען די נאַציאָנאַלע גיטער פּונקט אזוי ווי זיינע חברים די קאַטאָליקען. און אין דער גימנאַזיום, ווען דער לעהרער פון דער רוסישער געשיכטע האָט געלייענט די לעקציע איבער דער פּוילישער געשיכטע, לויט דעם רוסישען גייסט, וואָס האָט בעליידיגט די געפיהלען פון די פּוילישע שיהלער, איז בלום דער ערשטער אויפגעשפּרונגען און אויסגעשריען: „נישט וואהר! אידר זאָגט אַ ליגען!“ דער יונג אבער וואָס האָט געזאָלט דערפאר ווערען אויסגעשלאָסען פון גימנאַזיום, איז דורך דעם פּאַטער'ס פּראָטעקציע אבגעקומען דערפאר בלויז מיט שמיץ און איז צוויי יאָהר לענגער איבערגעבליבען אין דעם זעלבען קלאַס. אבער ווי שטאָלץ איז ער געוועזען דערויף! און ווען דער יונג איז דערנאָך, נאָכ'ן שמייסען, אריינגעקומען אין קלאַס, מיט אַ בלייך געזיכט און ברענענדיגע אויגען, איז קיין גרימאַסע נישט געוועזען צו מערקען אויף זיין געזיכט. שטיל איז געוואָרען אין דעם גאַנצען קלאַס. די חברים האָבען אויסגעמיידען זיין בליק און אראָבגעלאָזט די געזיכטער וויסענדיג פון וואַנען און נאָך וואָס פאר אַן אַקט דער אַכטצעהן-יעהריגער יונג קומט יעצט צוריק. ער האָט אָבער זייער בליק נישט אויסגעמידען, שטאָלץ געקוקט זיי אין די אויגען אריין. ער איז שטאָלץ געוועזען אויף זיין טהאַט — פאר די פּוילישע „ספּראַווע“.

נאָך דער לעקציע, אז די חברים זיינען ארויס פון דער שוהלע, האָבען זיי איהם שטום און מיט עהרענפורכט די האַנד געדריקט.

אזוי האָט ער אויסגעלערענט זיינע חברים רעספּעקטירען זיינע עכט פּוילישע געפיהלען.

און איז ער נאָר געוואָרען זעלבסטשטענדיג, האָט ער געקענט

זיין גאָט". רעוואָליוציע, יאָ, אָבער ארבייטער? וואָס פאַר אַ בשותפות'דיגעס האָט ער געהאַט מיט זיי? — איז ער געגאַנגען מיט זיי אין איין שוהלע? — האָט ער מיט זיי גע'חלומ'ט וועגען אויפלע־בען פּוילען? — האָט ער מיט זיי דען געליטען פאַר די פּוילישע שפּראַך אין דער רוסישער שוהל? — זיינען דען זיי אַנגעגאַנגען די אַלע זאַכען וואָס זיינען איהם אַנגעגאַנגען? — נור דאָך איז עס געווען פּוילישע אַר־בייטער — פּוילישער פּראָלעטאַריאַט. נישטאָ קיין אַנדער נאַציאָן, נור די פּוילישע ארבייטער — און דאָס האָט איהם בערוהיגט, אַז ער טהוט פאַר דער פּוילישער „ספּראַווע".

ניין! ער האָט נישט בעדאַרפט קיין רעוואָלוציע פאַר אַנדערע — פאַר פּוילען, פאַר ארבייטער — פאַר לאַנד און פאָלק — נור פאַר זיך האָט ער זי בעדאַרפט. פאַר זיין אייגען בלוט — פאַר יאַש בלום דעם „זשיד", — זיך צו רעאַביליטירען, צו ווייזען אַנדערע און זיך אַליין, אַז ער איז נישט קיין איד, ווי אַנדערע אידען. ער האָט נישט קיין מורא און איז נישט קיין „טהורזש", ווי אַנדערע, ווי ער האָט דאָס גע־האָט די בעדערפניש צו ווייזען נאָך אין דער שוהלע. ער האָט פיעל געליטען איבער אידען, אין די קרייזען, וואו ער האָט פערקעהרט, צווישען זיינע פּוילישע חברים — די שליאַכטשיצעס. זיי האָבען איהם דאָס צו פערשטעהן געגעבען אויף שריט און טריט. ער האָט גע־וואוסט, אַז די הראַביניאַ דאַמבראַווסקאַ האָט איהם נישט פערגעבען אויף וואַקאַציע צו זיך אין דאָרף (כאָטש ער איז געווען דער בעסטער קאָלעגע און פריינד פון איהר זוהן מיט וועלכען ער האָט זיך אינאיינעם געלערענט) נור דערפאַר וואָס ער קומט ארויס פון אידען. אַז ער איז עלטער געוואָרען האָט ער זיך פערליעבט אין דער שוועסטער פון זיין קאָלעגע סטאַשעוויטש, נאָך וועלכער דער יונג איז אויסגעגאַנגען, און געוואוסט, אַז פון דער ליעבע וועט גאָרנישט ווערען, ווייל ער קומט ארויס פון אידען. און נישט געוואַגט צומאָל איהר אַנצוהערעניש צו געבען אַז ער ליעבט זי. זיין צער איבער אידען האָט איהם אָבער נישט געבראַכט צו שטאָלץ אויף זיין אידישקייט. די אידישקייט האָט ער נישט געקענט, אַז ער זאָל דאַרויף שטאָלץ זיין. נור ער האָט עס פעראַכטעט און פיינד געהאַט מיט'ן גאַנצען האַרצען. צו וואָס דאַרף מען דאָס? האָט ער זיך געטראַכט, אַז ער האָט געקוקט אויף די שמוציגע אידען מיט די לאַנגע שוואַרצע קאַפּאָטעס, וועלכע האָבען זיך

עלעמענט, וואָס האָט זיך מיטגעשלעפּט מיט אונז — אויף איהם האָט איהר אַ טויט־שרעק אַנגעוואָרפען מיט אייער באַנדיטיזם און איהר ברענגט איהם, אַז ער זאָל זיך זוכען שוץ — הינטער די ביקסען פון סאָלדאַט.

— וואָס ווילט איהר, אַז מיר זאָלען מאַכען רעוואָלוציע פאַר'ן בורזשואַ? יאָ, דער בורזשואַ וואָלט דאָס געוואָלט, אַז מיר זאָלען פון אונז געבען קרבנות, מיר זאָלען פאַר זיינעטוועגען בלוט פערגיסען, און דערנאָך וועט ער זיך קומען צום גרייטען און איבער אונז הער־שען — כאַפּט איהם דער שוואַרץ־יאָהר — זאָל ער אויך בעצאָהלען!

— אָבער אַזוי אַרום גראָבט איהר דאָך אונטער אַלעס... ווע־לען מיר מיט איהם דערנאָך מלחמה האַלטען! אַז מען האָט געקענט גובר זיין דער רעגיערונג, וועט מען דאָך איהם אויך מנצח זיין, און די מלחמה איז נישט אויף איין טאָג, אויף אַ יאָהר, נור אויף זעהר, זעהר לאַנג — די מלחמה הויבט זיך דאָך ערשט אָן — מיר הויבען דאָך ערשט אָן צו געהן אויף דעם וועג.

— איך וויס, אַז איהר וואָלט געוואָלט מאַכען רעוואָלוציע מיט פּאַפּיער און פּראָקלאַמאַציעס — די אידען האָבען אריינגעבראַכט אין דער רעוואָלוציע זייער תלמוד־לערנען. די עלטערן זייערע האָבען געקאַווערט דעם תלמוד אין זייערע „בוזשניצעס“ און די יונגע קאַווען דעם תלמוד אויף מאַרקס. ניין, נישט מיט תלמוד דרשות וועט מען מאַכען רעוואָלוציע, נור מיט טהאַטען, מיט עכטע טהאַטען! — שרייט אויס דער אויפגערעגטער, נאָך קראַנקער יאַש.

קרעמער שמייכעלט, בלייבט רוהיג, ווי פריהער. נעהמט אַראָב די ברילען פון די אויגען און זאָגט גלייכגילטיג:

— אָבער מיט די וועגען, וואָס איהר געהט, ערציהט איהר די אַר־בייטער צו באַנדיטיזם און כוליגאַנסטוואַ. — די פאָלגען דערפון וועט איהר דערנאָך זעהן.

פון דעם געשפּרעך אָן האָט זיך קרעמער דערווייטערט פון יאַש'ן און האָט נישט געוואָלט האָבען מיט איהם קיין מגע ומשא. אין זיין גע־גענוואַרט האָט ער איבער אַלץ גערעדט, נור נישט איבער סאָציאַליזם, איבער אַרבייט, איבער דער רעוואָלוציע.

און דאָס האָט געקרענקט יאַש'ן = ווארום ער, נאָך מעהר ווי אַנדערע, האָט נישט געפיהלט אין זיך די „פערשטענדליכע ליעבע צו

אט די „פארשטענדליכע ליעבע צו זייער גאט" האבען נישט געהאט קיינע פון די „חברים", וואס האבען זיך געפונען אין דעם קרייז דא. יא, זיי זיינען געווען רעוואלוציאנערען, ווייל זיי האבען געבענקט נאך ראמאנטיזם, — דאס יונגע בלוט האט געקאכט אין די אדערען, דאס יונגע בלוט האט זיך געריסען צום לעבען. דאס פוילישע פאלק איז פון שטענדיג אן געווען א ראמאנטיש פאלק = א ריטער־פאלק; דאס פויליש בלוט — גבור בלוט. און א פאלק דארף, אז יעדער דור זאל האבען זיין רעוואלוציע, זיינע קרבנות — קרבנות דאס איז די גייסטיגע שפייז פון א נאציאן. נור די היינטיגע רעוואלוציע איז נישט פאר אונאבהעניגקייט פון פוילען, וואס דאס וועט נור דער בורזשואזי געבען די מאכט, די אויבערהאנד איבער דעם פראלעטאריאט. מיר לעבען אין אן אנדער צייט; די היינטיגע רעוואלוציע איז די סאציאלע רעוואלוציע, און אין דער האט זיך די ראמאנטישע יוגענד געווארפען.

דער וועג צו איהר, דעם קלאהרען ציעל זעהען אזעלכע לייט ווי דער „ראבין", זיי ווייסען וואו אהין מיר האבען צו געהן, און זעהן דעם וועג קלאהר — דורכדעם האבען זיי פאר קרעמער'ן געהאט גרויס רעספעקט און צוגעהערט זיך צו זיינע רייד

קרעמער אבער האט בעטראכט די ארבייט, וואס טהוען יעצט יאש מיט זיינע חברים, דעם טעראר, וואס זיי האבען ענטוויקעלט, אלס שעדליך פארן סאציאליזם און פאר דער רעוואלוציע, פאר דער גאנצער ארבייט. דאס איז נישט קיין סאציאליזם, נור באנדיטיזם, און דאס שרעקט אן די בורזשועזן, וואס האבען סימפאטיזירט מיט דער רעוואלוציע, און ווארפט זיי אין די ארעמס פון דער רעגיערונג. דאס וועט אונטערגראבען די רעוואלוציע. און דאס וועט מאכען א תל פון די קרבנות — פון דעם בלוט, וואס די ארבייט האט געקאסט ביז איצט.

— דיא ארבייט אייערע, חבר, וואס איהר טהוט, איז א שעדליכע. איז א מגפה, איז א אומגליק — האט זיך געקאכט דער בלייכער יונגערמאן, פערקרימט זיין געזיכט ווי צום וויינען און איינגעקארטשעט זיך זיך ווי ער וואלט אינגאנצען פערקערפערט געווארען אין דעם ווארט וואס ער רעדט = דאס הייסט אנשטעלען די קאנאנען אויף זיך אליין. די רעוואלוציע האט געדארפט זעהן צו געווינען צו זיך צוטרויען, אז זי קען ערהאלטען די ארדנונג, און איהר שטופט די בעפעלקערונג אין די ארעמס פון דער פאליציי. אויף דעם גאנצען רוהיגען נאכלויפענדען

קאפיטעל 19.

# יאש בלום

אין א פּאָר וואָכען ארום איז יאַש בלום שוין אויפגעשטאַנען פון בעט און איז אַרויסגעגאַנגען צווישען בעקאַנטע. עס איז איהם שוין אויך אַזוי פיעל גוט געגאַנגען, אַז ער האָט זיך געריכט נאָך אַמאָל אין געהיים צו פאָהרען קיין רוסלאַנד, פון וואָס די שוועסטער האָבען איהם אָבגעהאַלטען. ער איז ארומגעגאַנגען בייז און אויפגערעגט און נישט געפונען זיך קיין ארט צווישען דעם קרייז פון זיינע בעקאַנטע, צווישען זיינע שוועסטער און שוועסטער'ס חתנים.

אַלע בעקאַנטע דאָ זיינען געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון דעם „ראבין“, קרעמער, צו וועלכען אַלע האָבען זיך צוגעהערט מיט דרך־ארץ און פאר וועמעס ריינקייט אַלע האָבען רעספּעקט געהאָט. זיי האָבען געוואוסט, אַז דער מענש האָט געאָפּפערט פאר זיין אידעאַל — נישט בלויז זיין קאריערע, זיינע פעהיגקייטען, זיין פאמיליע, נור אויך זיין פריוואַט־לעבען, זיין ליעבע צו זיין ווייב און צו זיין איינציג קינד; די טורמע האָט שוין געהאַט אויפגעגעסען זיין יוגענד און געזונד, און ער איז קראַנק געווען. נור נישט דאָס האָט איהם געהויבען אין די אויגען פון דעם קרייז בעקאַנטע — יעדער פון זיי, וואָס האָט נור געהערט צו א פּאַרטיי, אויסער די בורזשוען „די קינסטלער“ — ווי קאָוואַלסקי און בויטשאַק, — האָבען אייגענטליך מיט דעם זעלבען פרייז בעצאָהלט פאר זייער אידעאַל, ווי קרעמער, — וואָס האָט איהם אָבער פון זיי אָבגעשיידעט און העכער געשטעלט, איז געווען זיין זיכערקייט און רוהיגקייט, וואָס האָט ווי מיט פרייד פון זיינע בעגייסטערטע, לויכטענדע אויגען ארויסגעשיינט, פון דעם רוהיגען שמייכעלע אויף זיינע ליפּען — פון דער גאַנצער פּערזאָן האָט געפלאַסען פרייד. דאָס איז געווען די פרייד וואָס קוועלט ביי מענשען ווען זיי פערשטעהען זייער ליעבע צו זייער גאָט — צו זייער נאַטור: ווען דער מענש איז איבערצייגט, אַז ער טהוט די פפליכט, וואָס איז ארויפגעלעגט געוואָרען אויף איהם פון דער נאַטור, — די פליכט, וואָס מאַכט אויס דעם מענשען גופא א שטיק ווירקענדע נאַטור.

אונטער איהר בלוזע, און עס ווייזען זיך ארויס די ברעגען פון איהרע יונגע בריסטען, ווי זיי ציטערן אונטער דעם זייד, און דאס זייד ציטערט מיט. און איהר געזיכט איז דערביי אזוי קאלט און אונשולדיג, ווי זי וואלט נאר נישט געוואוסט, וואס זי טהוט. דער יונג ליגט בלייך, און די אויגען ווערען איהם גרעסער, און דאס מויל פערקרימטער, און עס ווייזען זיך זיינע פער'חלש'טע צייהן. זי שטעהט פאר'ן בעט און האלט נאך די טאַץ מיט'ן געטראנק אין דער האנד. און איהר קערפער, ווי ער וואלט זיך אויסגעטהאן פון דער קליידונג — און קאלט שטעהט זי פאר איהם, און זי ציטערט אינגאנצען פאר פריש־קייט און בענגעהרען... ער פיהלט שוין איהר געשמאק — דער אטהעם, וואס יאגט פון איהר. ער פיהלט דאס. ער ווארפט נאך א בליק אויף איהר געזיכט, אבער דאס געזיכט שווייגט. נור זי בייגט זיך וואס אמאל אלץ נעהענטער צו איהם. ער הערט דאס קלאפען פון די בריסטען אויף זיין הארץ. ביז דער יונג פאלט צוריק אויף זיין בעט, פער־גלאצט די אויגען, דאס מויל אפען און די שוים לויפט פון איהם.

דענסמאל בייגט זי זיך איבער זיין געזיכט און קוקט איהם גוט אין פנים אריין, און הערט ווי זיין הארץ קלאפט הויך הויך, און ווי זיינע ליפען און קיהן ציטערן — און זי נעהמט נקמה. נקמה פאר דעם צער, פאר דער שאנד און אהנמאכט פון היינטיגען טאג.

זי האט גענומען א האנד פול מיט אדעקאלאן און איהם דאס געזיכט געוואשען. דער יונג האט שוואך די אויגען געעפענט, און זי זאגט צו איהם מיט א קאלטען שמייכעל:

— וואס, יאַש, עס איז אייך נישט גוט געווארען?

— נו שווייגט, שווייגט, בערוהיגט אייך — און זי גלעט איהם מיט איהר קאלטער האנד דעם הויכען בעאנגסטען שטערן און מאכט איהם גלייך די האהר אויפ'ן קאפּ. דער יונג בלייבט ליגען א בלייכער אונטער איהר האנד און אטהעמט שווער.

— נו, לאזט מיך איצט די לאמפּ אנצינדען, אין שטוב איז טונקעל.

זי האט די גרויסע לאמפּ אנגעצונדען. די שטוב איז בעלויכטען געווארען, און ערשט איצט האט זי דערזעהן דעם יונג. זי האט גע־וואוסט, אז ער איז שעהן און יונג. זי האט שוין לאנג בעמערקט זיינע ביינערדיגע גליעדער, וואס שיסען ארויף אין דער הויך, זיין ברייטע, שטארקע ברוסט, וואס לויפט פאראויס, ווי א ברוסט פון א יונג ראַ־סאווע פערד. זי האט געפיהלט די ליניע פון זיין קערפּער דורך די בע־וועגונג פון דער קאלדרע. נור איצט, ביים שיין פון לאמפּ, האט זי מיט אמאל זיין געזיכט דערזעהן. בלייך איז עס געווען, און די אונטערשטע ליפּ האט געציטערט — איידעל און לענגליך, ווי די געזיכטער פון זיינע שוועסטערן — נור מענליך שטארק האבען זיך די צייהן ארויסגעביסען אויף די קינדישע יונגע ליפּען. זי האט געהאט א בעדערפניס דאס געזיכט צו פּייניגען, ארויסרופען אויף די ליפּען די פערביטערסטע גרימאסע פון שמערץ. זי האט געוואלט נקמה נעהמען פון דעם יונגען מאן פאר א גאנצען טאג שאנד, בעליידיגונג און קרענקונג. זי האט איהם דערלאנגט אין א דינער טעצעל מילך — „איהר זייט צו שוואך“ — זאגט זי קאלט און שטעלט ארונטער די האנד אונטער זיין קאפּ און הויבט איהם אויף מיט איין האנד און מיט דער צווייטער האנד דערלאנגט זי איהם מילך. דערביי איז די בע־ריהרונג פון איהר האנד אויף זיין לייב אזוי לייכט און אזוי איידעל, ווי א טאן פון מוזיק וואלט געקומען אנצופליהען, וואס דער ווינד האט פון ערגעץ וואו געבראכט, אבער צובלאזען. ער קוקט אויף איהר און וויל געפינען אין איהר געזיכט א שפּור פון דער ליידענשאפט, פון דער ווארימקייט, וואס דריקט איצט אויס די בעריהרונג פון איהר האנד אויף זיין קערפּער. אבער איהר געזיכט איז גלייכגילטיג, קאלט, פרעמד און אזוי ווייט פון דאנען, ווי זי וואלט דא גאר נישט געווען. — „עס איז דא ווארים אין דעם שטיבעלע!“ — שרייט אויס פּלוצים מערי און רייסט אראב פון זיך דאס טיכעל, וואס זי האט געטראגען. איהר בלוזע אבער איז צו דין, און גארנישט טראגט זי

— איך וועל איהר העלפען, זי וועט זיך דאך נישט קענען אליין קיין עצה געבען.

— אַ, יעדען טאָג גיב איך זיך אליין אַן עצה. יעדען טאָג פערבינדט מען זיך די וואונד אליין, וועלען מיר היינט דאָס אויך טהאָן — לאַכט זי שעלמיש צום יונג, און זי פיהלט, ווי איהר לאַכען צורייסט איהם די נערוועז און קאַכט זיין בלוט אויף, און ער קריגט פאַנטאַסטישע האַפנונגען, פון וועלכע זי איז זעהר צופריעדען.

— אויב אַזוי, געה איך טאַקע. איך בין הונגעריג.

— געהט און ברענגט מיר אויך עפּעס. איך בין אויך הונגעריג — לאַכט איהר נאָך מערי.

אז די שוועסטער איז אוועק, זאָגט מערי :

— נו, איצט צו אייך, יאש. נו, ווי געהט עס אייך? ווייזט אייך נור — איז זי צו צום בעט — אַ, איהר זעהט זעהר גוט אויס. ווענינגער שמערצען? די וואונד איז שוין באַלד פערביי. אַבער לאָזט, וועל איך ערשטענס די לאָמפּ אַנצינדען. דער יונג האָט זי ביי דער האַנד אַנגעכאַפּט.

— ניין, מערי, צינדט נישט אָן די לאָמפּ. זעצט אייך דאָ אוועק, נעבען בעט, דאָ, זעצט אייך. אַ, איהר ווייסט נישט — שרייט אויס דער יונג און קושט איהר די האַנד אין שרעקליכער ליידענשאַפט.

— וואָס טהוט זיך מיט אייך? ווי וואגט איהר דאָס! — שרייט אויס מערי, און וויל ארויס פון שטוב.

— אַ, איך בעט אייך איבער, איך בעט אייך איבער טויזענדער מאָל., איך האָב אַנדערש נישט געקענט, איהר זייט איצט אַזוי שעהן, איצט אין דער טונקעלהייט. וואָס האָט איהר אַנגעטהאָן? איך ווייס נישט, וואָס איהר האָט אַנגעטהאָן, נור אייערע אויגען גליהען ארויס אין דער טונקעלער שטוב איצט ווי פייערן. זייט מיר מוחל.

— בעוועגט אייך נישט. עס וועט אייך שאַדען. ליגט רוהיג, אַזוי. אַבער געדענקט — איך וועל עס פערגעסען. נור, יאש, זאָל עס זיך איבער׳חזר׳ן, מוז איך פון שטוב אוועק.

— איך שווער אייך ביי מיין עהרען־וואָרט, אַז איך וועל נישט מעהר, ווען איך זאָל אפילו ליידען. איך וועל נישט מעהר, אַבי בלייבט — פאַלט דער יונג צוריק אין בעט.

עס לייכטער. ער האָט זיך אויך נישט געלאָזט פערבינדען פון מיר די וואונד — ער זאָגט, אז איך האָב אַ שווערע האַנד, און דו טהוסט עס אָהן שמערצען". — און דער קראַנקער יונג קוקט ארויס פון בעט מיט אזעלכע גרויסע אויגען און שמייכעלט:

— ניין, זאשקע, דו מאַכסט עס נישט אזוי ווי מערי. מערי מאַכט עס לייכט. יאָ, יאָ, איך ליעב זעהר, אז מערי טהוט דאָס.

— איך בין געוועזן ביי סטעפאַנ'ען, ביים גאַראַל, אין דער סטאַדאָלע. עס רעגענט, דרעשט ער. אין דער סטאַדאָלע איז אַ פולע קאַמער מיט היי. איך האָב זיך אין היי ארומגעוואַלגערט, דורך דעם דאך האָט אריינגערעגענט, און דער סטעפאַן איז אזוי גראָב, די פּויערים זיינען אזוי גראָב — גרעבער ווי ביי אונז — זאָגט מערי און קוקט אויף די בלייכע נאָז פון קראַנקען, אויף זיינע פרעשמאַכטע ליפּען, אויף די בעלעבטע, בעטרעהרטע אויגען, וואָס קוקען צו איהר ארויס, זי ווייסט, ער ליידט איצט. ער איז פערליעבט אין איהר (און סטעפּאַן איז אַ יונגער שגץ). און זי האָט אַ פערגניגען איהם צו פּייניגען איצט. „אַ, איך וואָלט דיר ניט געראַטהען מיט דעם סטעפּאַנען צו זיין אליין. ער איז פערליעבט אין דיר. און די „גאַראַלעס" זיינען פרעך און דרייסט, אז די יוכע צוקאָכט זיך אין זיי" — לאַכט די יונגע מיידעל.

— מיר וועט ער קיין שלעכטס נישט טהאָן, איך האָב נישט קיין מורא פאר זיי.

— און וואָס וואָלסטו געטהאָן, ווען ער וואָלט זיך צו דיר געוועזן גענעהנט?

— אַ, איך וואָלט איהם אויסגעפּאַטשט. און אפשר וואָלט איך זיך געלאָזט ארומנעהמען און אויסקושען. די פּויערים זיינען גראָב, אבער שטאַרק און ליעבען זעהר — לאַכט מערי און קוקט בעת מעשה אויף דעם קראַנקען יאַש און זעהט, ווי דאָס בלוט אנטלויפט פון איהם פון געזיכט.

דער יונג האָט געגעבען אַ קרעכץ, ווי אַ חיה וואָלט עפּעס געבורטשעט.

— וואָס איז דיר, יאַש? — פרעגט די שוועסטער.

— גאָרנישט: גייה אהיים, זאשקע. עס ווערט אבענד, און קום שפּעטער. מערי וועט מיר שוין דאָס איבריגע אליין טהאָן.

זי האט זי אראבגעבראכט צום גלייכען וועג, וואס פיהרט זי צו איהר הויז. דא האט זי די גוי'ע אבגעלאזט און נאכגעשריען איהר:

— און אז „פאנענקע" וועט זיך וועלען דעם קאפ צוברעכען, זאל זי זיך אנדערש וואו זוכען, נישט דא אויבען, אין דער הויך, אין די בערג. אין שטוב ביי מיר שטעהט א בעזים און אויף דער וואנד הענגט א וואלגער־האלץ...

---

## קאפיטעל 18.

## נקמה.

מיט א צופלאמט געזיכט און דורכגענעצטע קליידער איז מערי אריין אין דער גרויסער שטוב צו די מיידלעך. עס איז שוין געוועזען טונקעל, נור בעלויכטען מיט'ן שיין פון דעם אייוועז, וואס האט זיך געברענט אין ווינקעל שטוב. ביים אויוועז זיינען טאקע געזעסען די מיידלעך, מיט זייערע חתנים, און איינער פון זיי האט עפעס דער־צעהלט א לוסטיגע געשיכטע, פון וועלכער עס האט אין דער שטוב אבגעקלונגען זייער לויט לאכען. די מיידלעך האבען זיך דערפרעהט מיט איהר: „וואו ביזטו געוועזען? מיר האבען דיר געזוכט. קום אהער, קום נעהער, זאשקע איז ביי כמאד'ן". „ניין, איך בעדארף נאך עפעס אין מיין צימער". זי איז אריין אין איהר צימער'ל. זי האט זיך פלינק איבערגעטהאן. ביי זיך האט זי נישט געקענט זיין. עס האט זי געדריקט די איינזאמקייט און די ערנידרונג. זי איז ארויס. די מיידלעך מיט די חתנים און זייער לאכען האט זי אויך נישט געקענט איצט איבערטראגען. — „וואוהין געהסט דו?" — „איך וויל ביטען זאשקען". — „ווארט, מיר וועלען אלע אין אבענד אהין קומען". — „קומט, קומט, און ברענגט מיר מיט עסען" — איז זי לייכט ארויס צום שטוב, מיט א שמייכעלע אויפ'ן געזיכט. זי איז אריינגעקומען צום קראנקען. — „מערי! וואו ביזטו געוועזען?" — פרעגט זי זאשקע. — מיר האבען דיך אומעטום געזוכט. זעה, יאש וויל נישט עסען פון מיר. ער ווארט, ביז דו וועסט איהם געבען עסען — ער זאגט, אז דו מאכסט

קאוואלסקי האט געוואלט די גוי'ע בערוהיגען, רופט ער זיך אן: „זעה, די פאנענקע איז דאך שוואך, בייזער זיך נישט. זי איז דאך דיין גאסט".

— און דאס וועט זיך נאך אנרופען דא — שרייט די גוי'ע אויף קאוואלסקי'ן, ווי זי וואלט אויף איהם דעם גאנצען צארן געוואלט אויס־גיסען — דו האסט זיך גארנישט דא אנצורופען. דו האסט צו ליגען ווי א הונד דארט און צו מילשען, דו בחנם־פרעסער, ליידיג־געהער, וואס האט נישט קיין צוויי גראשען ביים לייב. ער וועט זיך נאך אנ־רופען.

— זי איז היינט אין א שלעכטען הומאר—שמייכעלט קאוואלסקי— זי איז נישט שטענדיג אזוי, מיין גוטע בעל הבית'טע. היינט איז זי נור אזוי. דאס קינד אויסגעשלאגען, די טעלער צובראכען, וועט זיך באלד צו מיר אויך נעהמען.

— איך וועל דיר דא ווייזען אין א שלעכטען הומאר, דו הונדען־בלוט איינס. איך האב פיינד, אז מען קריכט דא צו מיר, איך וויל עס נישט ליידען. מעג עס זיין דיין שוועסטער־קינד, אדער נישט קיין שוועסטער־קינד. אהא, איך קען שוין אזעלכע „קוזינעס". איך ליעב נישט, אז מען קוקט אין פרעמדע טעפ אריין.

מערי רייסט זיך אויף פון פייער.

— ווי ביזטו שלעכט, יאדוויגא, אה! — רופט אוים קאוואלסקי.

— וויל איך אזוי זיין, און ווער וועט מיר עפעס טהאן דערפאר. עס איז מיין כאלופע, און באסטא. און איך קען טהאן, וואס איך וויל!

מערי איז ארוים פון שטוב.

— וואו געהסט דו אין אזא וועטער, ווארט, איך וועל דיך אראב־בעגלייטען. דער וועג איז געפעהרליך — זאגט קאוואלסקי און וויל ארוים מיט מערי'ן.

— דו ליג דא, וויעג דאס קינד, היט די כאלופע, איך וועל שוין די פאנענקע אראב בעגלייטען — זאגט די גוי'ע און פיהרט ארוים מערי'ן.

זיי זיינען געגאנגען איבער'ן וועג שווייגענדיג. ווען עס איז גע־קומען צו א גליטשיגען שטעג, וואו דער וועג איז געווען געפעהרליך, האט זי די גוי'ע אהן ווערטער אנגענומען, ווי מען נעהמט אן א קינד־ביי דער האנד און זי אריבערגעטראגען די געפהרליכע שטעלע. ביז

האט איין מינוט נישט געקלערט דערפון, אז דאס שלעפט זי זיך צו איהם, צו קאוואלסקי'ן — און דאך איז זי געגאנגען. איז געבלי־בען שטעהן ביי זיין טהיר, הינטער דער טהיר פון דער פויערטע, ביי וועלכע ער האט געוואהנט.

די טהיר איז געווען אפען. אין דער כאלופע האט געברענט א פייער פון טרוקענע צווייגען אונטער דעם קוימען, און דער רויך האט נישט געהאט וואו צו לויפען, נור אין דער שטוב אריין. אן דעם פייער האבען די איינוואהנער זיך געווארעמט און געטריקענט. נור דער רויך איז שוין געווען אזוי געדיכט און שטיקענד, אז זיי האבען געמוזט די טהיר עפענען. מערי איז געבליבען שטעהן, נור דאס הארץ האט איהר אנגעזאגט, אז דא איז ער, און זי האט אריינגעקוקט דורך דער טיהר, אוועקגעזעצט זיך אין רעגען הינטער דער טהיר. דריגען איז געווען א גערודער. א קינד האט געוויינט. די גוי'ע האט געשאלטען און געשריען און געוואלדעוועט. זי איז בייז געווען. און קאוואלסקי האט זיך וואס אמאל מעהר איינגעקארטשעט און געלעגען און געוויגט מיט א שטריק דאס קינד, וואס איז געלעגען אין א וויעגעל, וואס איז געהאנגען ביים באלקען. מערי האט עס שוין נישט מעהר געקענט אויסהאלטען — זי האט אויפגעשריען און אנידערגעפאלען הינטער דער טהיר.

זיי האבען זי אין דער שטוב אריינגעבראכט. זי איז געווען א בלייכע, און האט נישט געקענט קיין ווארט פון מויל ארויסברענגען. אבגעראטעוועט זי מיט וואסער, אבגעוואשען און אויסגעטהאן איהר די נאסע קליידער און אוועקגעלייגט צום פייער טריקענען. די גוי'ע האט איהר געגעבען אזא ווילדען וויין צו טרינקען, פון וועלכען זי האט באלד די אויגען געעפענט און געקומען צו זיך. זיי האבען זיך פער־וואונדערט: „ווי האסטו עס געוואגט אין אזא וועטער דא ארויף צו־קומען, אין אזא נעפעלן"

— איך האב פערבלאנדזשעט. איך האב נישט געוואוסט ווי צו געהן. זייט מוחל — האט מערי געשטאמעלט אונפערשטענדליך.

— פערבלאנדזשעט, שעהן פערבלאנדזשעט. נאך אמאל, מיין פריילין, אזא פערבלאנדזשען שמעקט מיט'ן טויט. אז דער טויט איז ליעב, קען מען איהם אונטען אין טהאל אויך געפינען. דארף מען ניט קריכען אין די בערג. — האט זיך די גוי'ע געבייזערט.

וועגען קאוואלסקי'ן... צו ערשט האט זי דער יונג נישט דערקענט. צו שוואַך געווען, דערנאָך, אז ער האָט זי דערקענט, איז ער געקומען צו זיך און האָט זי אָנגעהויבען צו בעמערקען — די שעהנע „ליט־וויטשקע". דער קראַנקער האָט געקוקט אויף איהרע הענד, ווי זי דער־לאַנגט איהם עפּעס. תמיד געקוקט אויף איהרע הענד, און איהר האט זיין בליק געבריהט, ווי עס וואלט אנגעריהרט א טמא זיך...

נור איהר איז ענג געווארען, ענג אין די בערג, און האט פיינד בעקומען זיי. און זי האָט עס נישט אויסהאלטען געקענט. אין נעפּעל, אין וואָלקען, ווען דאָס ליגט זיך איבער דער ערד און דריקט דיך צו און נעהמט דיר אוועק דעם הימעל פון די אויגען, די ברייטקייט, די לופט — די וועלט איז ווי אַ וואנד, אז דו האָסט מורא די הענד אויס־צוציהען, דו זאָלסט דיך נישט אָן איהר אָנקלאַפּען — אין אַזאַ טאָג האָט זי דעם קראַנקען איבערגעלאָזט, געכאַפּט אַ טוך איבער'ן קאָפּ און געקראָכען אין די בערג. דורכגענעצט פון רעגען האָבען זיך די האָהר געקלעפּט אויף איהר ליב, איהר דינע זיידענע בלוזע אונטער דעם טוך איז שוין פייכט געוואָרען און די פיס האָבען געדרופּטשעט אין דער בלאָטע. זי האָט זיך אויסגעגליטשט — ארום איהר זיינען געווען הונדערטער קלאַפּטער טיעפע תהומ'ן, וואָס האָבען זיך גע־שפּאָלטען אין די בערג, און יעדען אויגענבליק האָט זי זיך געקענט אריינוואלגערן אין אַזאַ אָבגרונד און איהר פלייש און איהר בלוט וואָלט ווי אַ דינער פריהלינגס־רעגען בעשפּריצט די האַרטע בייזע סקאָלע, וואָס איז איצט געווען פערהילט אין נעפּעל. צו האָט זי גע־וואוסט דערפון? יאָ, און דאָך איז זי געגאַנגען, און אפשר האט זי געוואָלט דאָס. זי האָט זיך פון צייט צו צייט אָנגעכאַפּט אָן אַ פייכטע בוים און איז שטעהן געבליבען, און עס האָט זיך איהר געדאַכט, אז זי איז פערשאָלטען געוואָרען אין אַזאַ בוים, אָדער אַז אַזאַ בוים איז פערשאָלטען געוואָרען אין איהר און זי געהערט דאָ אַהער, דאָ אין דעם נעפּעל אריין — צו שטעהן אזוי ווי דער בוים, צולאָזט די האָהר איבער'ן נאַקעטען ליב און דער רעגען זאָל שמייסען, שמיי־סען...

וואוהין האט זי געצויגען? צי האט זי געוואוסט? אין איהר איז א אינערליך פייער געזעסען, און די לופט, און די וועלט איז ענג געוואָרען און זי איז געגאַנגען וואו עס האָט זי געצויגען — זי

בערגעטראָגען איהם מיט'ן בעט צו סטאַף'ן. אין דרויסען איז נאָך פינסטער געווען, און קיינער האָט נישט בעמערקט. מערי האָט זיי געלויכטען מיט אַ ליכט. אריינגעטראָגען האָט מען איהם צו סטאַד'ן און איבערגעלאָזט מערי'ן מיט סטאַד'ן ביי איהם. צו מאָרגענס איז טאקע דער דאָקטאָר געקומען מיט אַ קאָלעגע און גענומען זיך צו דער אָפּעראַציע. די שוועסטערן האָט מען נישט צוגעלאָזט, נור מערי'ן און סטאַד'ן. די אָפּעראַציע איז גוט אדורך, נור דער יונג איז אריינ־געפאַלען אין אַהנמאַכט און געבליבען בעוואוסטלאָז איינינגע טעג. ביים בעט נעבען איהם איז געזעסען מערי.

---

קאַפּיטעל 17.

# אין נעפּעל.

אין די בערג איז געלעגען אַ געדיכטער נעפּעל און האָט פער־שטעלט דעם וועג פאַר די טריט. גאַרנישט איז געווען צו זעהן, נור דאָס גרויע, אונפאָרמדיגע, וואָס האָט זיך געריכערט איבער'ן קאָפּ און אראָבגעדריקט דעם מענשען צו דער ערד. עס האָט אויסגעזעהן, ווי די נאַטור וואָלט דעם מענשען געוואָלט צוריק דערמאָהנען. אז ער איז אַ ווארים און קריכט אויף דער ערד און טאָר נישט אויפהויבען זיין בליק צום הימעל. אַ געדיכטער, אונהיימליכער רעגען האָט געגאָ־סען אין דעם נעפּעל. די גרעזער, געוויקסען, קוסטען, פעלד און בוימער זיינען געווען אָנגעזאָפּט ווי אַ שוואם מיט פייכטקייט און געגאָסען פון זיך וואַסער.

מערי איז ווי אַ ווארים געגאַנגען אליין צווישען די גרעזער אין דעם הענגענדען נעפּעל. זי האָט נישט געוואוסט וואו צו געהן און וואָס צו טהאָן. עס איז איהר ענג געוואָרען — ענג די וועלט, ענג דאָס לעבען און ענג דאָס בענקען. וואָכען לאַנג איז זי אָבגעזעסען ביים קראַנקען יאַש ביים בעט. זי האָט געקוקט אויף זיין ווייסען האַלז, אויף זיינע ציטערדיגע נאָז־לעכער, אויף דעם געעפענטען מויל און די ציינער, וואָס קוקען ארויס פון דעם מויל. און געקלערט האָט זי

אין זאקאפאנע. עס האט געדויערט צו לאנג, דער יונג האט געשריען און האט געוויינט. די מיטעלסטע, מאטילדע, איז ערגעץ־וואו אין די בערג געגאנגען ביינאכט. די איינציגע, וועלכע זיינען דארט געבליבען, זיינען געווען מערי און די אינגערע שוועסטער זאשקע. זאשקע האט איהם געקושט דעם קאפ, געהאלזט איהם. מערי האט זיך נישט פער־לארען, איז ערנסט געווארען, און גענומען זיך צו טהאן. האט ווארים וואסער געקאכט, טיכער גענעצט און געלייגט אויף זיינע וואונדען. און דאס האט אביסעל דעם צער געמילדערט. אין א צוויי שעה ארום זיינען אנגעקומען דער דאקטאר מיט סטאך'ן. דער דאקטאר, א יונגער און א שעהנער, אליין א חבר — אלע געדוצט, האט זיך באלד גענומען צו דער ארבייט. דערזעהען מערי'ן ביים קראנקען, האט ער זי גענומען צו העלפען איהם, האט איהם אבגעוואשט די ראנעם און דערזעהען, אז לעבענס־געפעהרליך זיינען זיי נישט. מען דארף נור די שטיקער ארויסנעהמען, ווארים פון דער צו שטארקער בעוועגונג אויף דער פוהר, איז דאס אלעס געשוואלען געווארען, פער־לאפען. ער האט מורא געהאט, אז דאס זאל נישט אנהויבען צו ראַ־פירען, עס זאל זיך נישט ענטוויקלען קיין בלוט־פערגיפטונג. דערווייל האט מען גארנישט געקענט טהאן, דער קראנקער האט געדארפט רוהען. און אליין קען ער דאס נישט מאכען, ער מוז האבען נאך א קאלעגע א כירורג, מארגען וועט ער אזעלכען שאפען. אין שטוב פון די שוועסטערן האט מען איהם נישט געקענט האלטען. מען האט געוואוסט אין דער שטאדט, אז די שוועסטערן בלום וואהנען דארט, און ביי זיי קומען זיך צונויף די חברים. א רוסישער שפיאן האט לייכט געקענט געוואהר ווערען פון דעם פערוואונדעטען, וואס האלט זיך דא אויף. און דער אנפאל אויף דער פאסט איז געווען בעקאנט, ווארום זיי האבען צוגענומען א גרויסע סומע געלד. עס איז געווארען בעשטימט, מען זאל איצט גלייך יאש'ן איבערפיהרען אין א בעזונדערען צימער, דערנאך, אז מען וועט מאכען די אפעראציע און ארויסנעהמען די שטיקער אייזען, טאר ער זיך נישט בעוועגען. מען זאל זוכען א שטוב צווישען זיכערע מענשען. און בלייבען זאל ביים קראנקען מערי. מערי איז קאלטבלוטיגער פון די שוועסטערן, וועט זיך רוהיגער קענען אבגעבען מיט דעם קראנקען. דער דאקטאר מיט סטאך'ן האַ־בען אנגענומען דאס בעט, אויף וועלכען יאש איז געלעגען, און אי־

זיצען אין איהם. זיי זיינען אריבער דורך דער גרענעץ. אַ פויער, אַ איינגענער מענש, האָט זיי מיט אַ שיפעל איבער דעם טייך אריבער־געשיפט. זעלנער האבען געשאָסען, זיי זיינען דורכגעקומען. האבען אָבער אויף דער זייט גרענעץ דערזעהן רוסישע שפּיאָנען, וואָס האבען בעמערקט, אז יאַש איז פערוואונדעט. אין אַ קליין שטעדטעל, שוין אויף דער זייט גרענעץ, האָט זיי דער סטארעוואַ ארעסטירט. די שפּיאָנען האבען אָנגעוויזען אויף זיי. רוסלאנד פאָדערט זיי ארויס. ביינאכט האָט זיי דער סטארעוואַ ארויסגעלאזט (אונטערגעקויפט). זיי זיינען אנטלאָפען, מורא געהאַט צו פאָהרען מיט דער באַהן, אז די שפּיאָנען זאָלען זיי נישט בעמערקען. זיינען געפאָהרען מיט פוהרען. אהער געקומען, דאָ. יאש'ן דארף מען בעהאַלטען ערגעץ־וואו, אין גע־היים, אַ פּאָר וואָכען ביז זיין שפור וועט פערשווינדען. ער מוז גלייך אוועק כדי ער זאָל נישט אויפפאלען. די שפּיאָנען זיינען אומעטום דאָ. רוסלאנד וועט פערלאנגען מען זאָל זיי ארויסגעבען, ווי איינפאכע רויבער. ער מוז נאָך ביינאַכט אוועק".

דער יונגער־מאַן האָט זיך פערבויגען פאר די מיידלעך, פערלאנגט נור מילך צו טרינקען, וואָס ער האָט מיט איין זופּ אויסגעטרונקען, צו צו יאש'ן און איבערגערעדט מיט איהם אין דער שטיל, געזעגענט זיך מיט סטאַך'ן און איז ארויס צוריק אין דער פינסטערער נאַכט, פון וואנען ער איז געקומען.

מען האָט בעדארפט עפּעס טהאָן מיט יאש'ן. דער יונג האָט איבערגעטראָגען די גרעסטע ענוים, וואס די וואונדען האבען איהם פערשאַפען אויף דעם געפעהרליכען וועג. פערשטיקט דעם צער און דעם געשריי אין זיך און געפּרובט מאַכען מיט אלע מעגליכקייטען אַ לעבעדיג פרעהליך געזיכט, מען זאָל נישט בעמערקען, אז ער איז פער־וואונדעט. און איצט דאָ, אין דעם ווייכען מיידעלישען בעט, האָט ער נישט געקענט איבערטראָגען און אנגעהויבען צו קלאָגען, צו קרעבצען, און עס האָבען זיך געריסען פון איהם געשרייען. מען האָט איהם באַלד בעדארפט העלפען. די מיידלעך האבען באלד אַ פייער געמאַכט, הייס וואסער געקאָכט און אנגעהויבען איהם די וואונדען צו וואשען, צו וועלכע דער יונג האָט זיך נישט געלאָזט צוריהרען. סטאַך איז אוועק אין שטאָדט ברענגען אַ בעקאַנטען דאָקטאָר, וועלכער געהערט אויך צו דער פּארטיי, וואָס איז נישט געוועזען ווינציג אין יענער צייט

— גאָרנישט, האַלט איהם דאָ אַ פּאָר טעג, ביז עס וועט איהם בעסער ווערען. רופט אַ דאָקטאָר, נור אַן אונזערן. דאָס איבריגע וועט ער אייך אַליין שוין זאָגען. איך מוז אוועק. עס איז גלייכער. די הינד זיינען אויף אונזער שפּור, רוסישע שפּיאָנען. עס איז בעסער אַז איך טראָג זיך אָב. האָט איהר דאָ ניט וואָהנען קיינעם פון די חברים?

— יאָ, סטאַניסלאַוו וואָהנט דאָ נישט ווייט.

— „דער רויטער"! — שרייט אויס דער פרעמדער יונגער־מאַן — געהט רופט איהם.

מאַטילדאַ מיט מערי'ן זיינען אוועק ביי־נאַכט צו סטאַניסלאַווען — דעם סטודענט, איהר חתן, וואָס האָט געוואָהנט נישט ווייט פון זיי — געוועקט איהם דורך דעם לאָדען, און ער האָט אויך דערשראָקען גע־עפענט דעם לאָדען. דערזעהענדיג די מיידלעך אין די טיכער אַרומ־געהילט, פערוואונדערט זיך.

— קום אַהין, מען דאַרף דיר!

אַז דער יונגער־מאַן איז אַהין געקומען, האָבען זיך די חברים דערקענט. זיי האָבען אינאיינעם געהאָט „געאַרבייט" אין וואַרשוי, אינאיינעם אריינגעפאַלען, געזעסען צוזאַמען.

— סטאָך?

— טאָוואַרישטש, וואָס איז געשעהן?

דער „טאָוואַרישטש" וואַרפט נאָך אַמאָל אַ בליק אויף מערי'ן. מערי וויל אַרויס פון שטוב, די מיידלעך לאָזען זי נישט. ער האָט זיך נישט וואָס צו קרעמפּירען, אַ אונזעריגע.

ער הויבט אָן צו דערצעהלען.

— „זיי האָבען געקראָגען אַ ידיעה פון אַן אייגענעם, אַז אין אַ געוויסע שטאָדט, ביי דער גרענעץ, דאַרף מען איבערטראַנספּאָרטירען מיט דער פּאָסט אַ גרויסע סומע געלד אין די גובערנסקע שטאָדט. קיין באַהן איז דאָרט נישטאָ, נור די פּאָסט פיהרט מען מיט פערד „פּאָד קאָנוואָי". די „באָיאָוקע" האָט אָרגאַניזירט אַן אָנפאַל. דער אָנפאַל האָט זיך איינגעגעבען. דאָס געלד האָבען זיי אַרויסגעקריגען. צוויי זעלנער טויט און אַ פּאָר פערוואונדעט. און פון זייער זייט איז איין הבר געפאַלען און יאַש פערוואונדעט. שטיקער פון דער באָמבע

אבגעשיקט צוריק דעם טשעק, אויך אהן איין ווארט, און געוואוסט, אז זי האט שוין מעהר ניט קיין היים און זי איז פון איצט אן אויף זיך אליין אנגעוויזען.

## קאפיטעל 16.

# דער איבערפאל

איינמאל ביינאכט, ווען די מיידלעך — די שוועסטערען בלום און מערי — זיינען געשמאק געשלאפען אין דער גרויסער פויערישער כאלופע, הינטער די בערג, האט מען אנגעקלאפט אין די לאדען. די מיידלעך האבען זיך אויפגעכאפט דערשראקען און פערוואונדערט, און געפרעגט: „ווער דארט?" — פון דרויסען האט אבגעענטפערט א שטים, אז וועלכער זיי האבען דערקענט זייער ברודער יאש, וואס איז געווען איבערגעבליבען אין ווארשוי ביי דער „ארבייט". זיי האבען זיך דערפרעהט, פלינק זיך אנגעטהאן און ארויס צום ברודער אנטקעגען. ביי דער שיין פון דעם לאמפ האבען זיי אבער באלד געמוזט אבטרעטען. דעם ברודער האט אריינגעפיהרט א צווייטער יונגער־מאן, ער אליין האט נישט געקענט געהן, איז געווען בלייך, פערבונדען און געהאלטען זיך ביי דער זייט. דער ברודער האט עפעס געוואלט זאגען, נור, בעמערקענדיג מערי'ן, איז ער פערשטומט געווארען און געפרעגט די שוועסטערן מיט א בליק — אויף איהר. די שוועסטערן האבען איהם בערוהיגט מיט די בליקען, און דער צווייטער יונגער־מאן האט זיך אנגערופען: „יאש איז פערוואונדעט, מען דארף איהם לייגען אין בעט און עס דארף זיין קאנספיראטיוו, די פאליציי זוכט איהם".

די שוועסטערן האבען זיך גענומען דעם ברודער אויסטהאן. ער האט ניט געקענט אויסריידען א ווארט, נור געביסען זיינע בלייכע ליפען פאר צער. זיי האבען איהם אריינגעלעגט אין ערשטען בעסטען בעט.

— וואס זאלען מיר טהאן, חבר? — פרעגען די מיידלעך דעם יונגען מאן.

שפראך, וועלכע האבען געדופען א מאסע צום קאמפף, וועלכע ער האט נישט געקאנט. אט דער דריי און צוואנציג יאהריגער יונגער מאן, מיט וועלכען אלע פארטייען האבען זיך גערעכענט, איז געווען תמיד לוסטיג און שטיפעריש. זיין קינד, וועלכעס האט געהייסען אין דער משפחה „דאס קינד פון דער גערעכטער ארדנונג“ (ווייל ער האט קיין חופה וקידושין נישט גענומען מיט זיין ווייב), איז געווען דאס פרייד און דאס גליק פון די מיידלעך. מיט זיין פרוי, וועלכע איז אליין געווען א פויליש־רוסישע האט זיך מערי אם בעסטען בעפריינדעט, און איהר קינד האט זי ליעב געהאט און זיך דערמיט געשפיעלט. דא, צווישען די מענשען, האט מערי צום ערשטען מאל דערזעהן, אז אויסער פערזענליכעם גליק איז נאך פאראן אן אנדער גליק און אן אנדער לעבען, וואס איידעלט אויס דעם מענשען און גיט איהם גליק, וואס קיין מענש קען ניט געבען דעם צווייטען. דאס איז דאס גליק, וואס יעדער מענש גיט זיך זעלבסט; דאס איז דאס גליק פון אידעאל. זי האט געזעהן, ווי די מענשען זיינען תמיד פרעהליך, און מיט גרוים פרייד געהן זיי צו זייער ארבייט, וואס שטעלט זייער אייגען גליק און לעבען אין געפאהר פאר א העכערעס, פאר א איידעלערעס, וואס בינדט איין מענש מיט דעם צווייטען און בינדט איהם צונויף מיט דעם גאנצען כלל און מיט דער גרויסער, גרויסער צוקונפט.

נור מערי האט דאס נור פון דער ווייטען דערזעהן דאס גליק. זי האט דאס אנגעהויבען צו פערשטעהן, אבער נאכטהאן וואלט זי נישט געקאנט. זי איז בעשאפען פאר איהר אייגענעם לעבען...

זי האט זיך אבער דערווייל געפיהלט מיט זיי גוט, אנגעוואריםט זיך אן זייער גליק און געמיינט, אז זי געהערט אויך דארט אהין... אן קאוואלסקי'ן האט זי געוואלט און געמוזט פערגעסען. זי האט גע־קלערט א מאמענט וועגען איבערבעטען זיך מיט'ן טאטען, זי האט גע־שריבען א בריעף קיין בערלין, אין וועלכען זי האט איהר פאטער מיט־געטיילט, אז זי איז זעהר אויפגערעגט געווען און זי מוז זיך בערוהיגען, דורך דעם איז זי אוועקגעפאהרען קיין זאקאפאנע אין די געבירג. דא איז איהר גוט, עס וועט זיך גוט אברופען אויף איהר געזונד. פון בער־לין האט זי געקריגען א טשעק צוגעשיקט, אהן א בריעף פון וואס זי האט געזעהן, אז איהר פאטער איז זעהר ברוגז. זי האט זיך בעליידיגט,

ווייטענס פון זיך און נישט גערעדט צו איהם קיין גוט װארט. נור וואס ערגער דאס מיידעל האט איהם בעהאנדעלט, אלץ מעהר האט דער הויכער שטארקער גוי (וועלכער איז דריי מאל אזוי גרויס געװען ווי דאס מיידעל) זי ליעב געהאט און אויסגעגאנגען נאך איהר.

דער „ראבין" פון דער געזעלשאפט איז געווען קרעמער. א אי־דיישער יונגערמאן, פון א רייך בורזשואזיש־אידיש הויז, וועלכער איז אין לעבען געווען אין גאנצען אסימילירט, געלעבט אין דער פוי־לישער געזעלשאפט, גערעדט פויליש און נישט פערשטאנען קיין אי־דיש ווארט), איז אין דער טעאריע געווען א אידישער נאציאנאליסט, געהערט צום „בונד", און ארומגעקריגט זיך מיט די פוילישע חברים איבער זיינע „ווילדע" אידעען. ער האט דארט געוואהנט מיט זיין פרוי און קינד, וועלכע זיינען געווען קריסטען, און ער אליין, דער איין איינציגער פעראיינזאמטער, האט געשריעבען איבער דער אידישער נאציאנאלער אידעע, גערופען צום קאמפף א מאסע, וועלכע ער האט נישט געקענט, אין א שפראך וועלכע ער האט נישט פערשטאנען. מיט זיינע דריי און צוואנציג יאהר האט ער זיך שוין געהאט ארומגעוואל־גערט אין אלע טורמעס פון רוסלאנד. דאס האט איהם ניט אבגע־האלטען צו בעלייגען עקזאמען און צו מאכען זיין אדוואקאטור־פראוו, צו שרייבען זיינע ארטיקלען און דערביי ווייטער צו לערנען. קיינער האט ניט געוואוסט, ווען קרעמער האט צייט אויף דעם אלעס. קוים פון איין טורמע ארויסגעלאזט, האט ער באלד זיך געוויזען אויף דער ארענא פון געזעלשאפטליכער טהעטיגקייט, ארויסגעטראטען אויף עפענטליכע פערזאמלונגען פאר די וואהלען. זיין פוילישע בילדונג, זיין אסימילאטארישער אבשטאם און זיין הייסער טעמפעראמענט — דאס האט איהם פערשאפט אכטונג צווישען אלע פארטייען, און ער האט אנגעמאכט מיט זיינע רייד און אויספיהרונגען גרויסע צרות די ווארשעווער אידישע אסימילאטארען. ענדליך האט מען איהם ארויס־געשיקט פון רוסלאנד. ער האט געוואלט באלד צוריק אריינלויפען, האט זיך דאס ווייב אבגעבעטען אברוהען א קליינע צייט און לעבען אין איינעם (שוין נעהאט איבערגעארבייט דאס ווייב אויף זיין שטיי־נער). האט ער זיך דארט בעזעצט ניט ווייט פון דער גאנצער חברה, און פון דארט האט ער אוועקגעשיקט זיינע ארטיקלען, זיינע פראָ־קלאמאציעס, זיינע אויפרופען. וואס מען איבערזעצט אין א פרעמדע

געפעלען און זי האט אין זיי געזעהן ווייטע שוועסטערן פון אן אנדער מוטער, דאך שוועסטערן. נור אין די אבענדען, ווען די נעכט האבען צוגעדעקט די בערג און פון אויבען האט אראבגעפינקעלט דער ווייסער שנעע, בעשיינט אין לבנה־ליכט, האט עס איהר די הארץ געצויגען און זי איז אויסגעגאנגען פאר בענקשאפט. נור זי האט דאס געפיהל פערשטיקט אין זיך, און געפרובט זיך מיט אלע מעגליכקייטען צו פערגעסען אן איהר ליעבע צו קאוואלסקי'ן.

די מיידלעך האבען געלערנט מיט איהר פויליש און איהר זיינען זעהר געפעלען דער קלאנג פון דער שפראך און די געדיכטע פון די פוילישע דיכטער. זי האט זיך געשטארקט צו רעדען פויליש, אנ־צונעהמען די פוילישע מאניערען און צו האלטען זיך אויך פאר א פוילישע.

א חוץ בויטשאק'ן, דער פויער־מאלער, וואס איז געווען העלענעס (דער עלטערערס) חתן, איז אויך אריינגעקומען צו די מיידלעך סטאך, א יונגער סטודענט, וואס האט געהאט געענדיגט וואלד־אינסטיטוט און זיך אויפגעהאלטען אין די גיטער פון גראף פאטאצקי אויף פראק־טיק. ער האט זיך גע'שדכנ'ט צו דער צווייטער מיידעל פון די שוועסטערן — צו מאטילדען, אדער די „נאכט“, ווי זיי האבען זי גערופען. דער יונגערמאן, וועלכער האט זיך אויך בעשעפטיגט מיט פילאזאפיע און איז געווען א נאטור־מענש, האט נאך צייט געהאט צו געהערען צו דער פארטיי, איז נור וואס געהאט געקומען פון דער טורמע, און ער האט געהאט א חשק זעהר פיעל צו רעדען. ער האט קיינעם נישט געלאזט קומען צום ווארט. איבריגענס, איז ער געווען זעהר לוסטיג און אלע האבען איהם ליעב געהאט. דעם האבען זיי גערופען: „דער פראקטיקער“ פון דער חברה, ווייל ער איינער האט זיך אפגעגעבען מיט די „פינאנסען“, געשאפט געלד, בעצאהלט דער גוי'ע פאר דער וואהנונג, געקויפט ברויט (האניג איז געווען פון בוי־טשא'ס טונדעל, וואס דער פאטער האט איהם געשיקט). ליעב האט ער געהאט די כלה זיינע — א שרעק! נור דאס מיידעל וואס איז געווען געראטען אין דער מוטער — א מיסטישע, מיט שטימונגען — פלעגט אויף גאנצע נעכט פערשוואונדען ווערען אין די וועלדער, גע'חבר'ט זיך מיט די קאזעס אין וואלד און בעהאנדעלט איהר חתן — א רחמ־מנות צו קוקען. זי האט איהם געהאלטען צעהן איילען פון דער

געקומען צו איהר טויט־בעט, א טייל האבען נור געהערט פון איהר טויט „אין די וויסטע סטעפּעס פון קאלטען סיביר“.

דער פאטער איז געווארען פעראיינזאמט נאך דער מוטער'ס טויט. ער איז ארומגעגאנגען ווי א משוגענער, ניט געוואוסט וואס עס טהוט זיך, געמיינט, אז די וועלט איז משוגע געווארען און מיט איהר זיינע קינדער און ער. ער האט פערקויפט זיינע פאבריקען, זיינע הייזער און איז אוועק אין אויסלאנד. דאס הויז האט ער איבערגעלאזט, עס האט געקעהרט צו דער משפחה, און א סך משפּחה־זאכען האבען זיך דערין אויפגעהאלטען, און עס האבען דערין נאך געלעבט צוויי אלטע מומעס, וועלכע זיינען איבערגעבליבען אליין אין דעם הויז, אין די גרויסע שטובען, וועלכע האבען אמאל געשאלט פון קינדער־שטימען און קינדער־פרייד. אויפ'ן וואנד איז געהאנגען דעם „וואיא'טעק'ס שטאם“ בילד און זיין רעוואָלוציאָנערער גייסט האט נור געקענט וועקען די צוויי אלטע מומעס צום „טהאט“. דאס יונגוואָרג איז צולאפען געווארען. די עלטערע טאכטער איז געוועזן ערגעץ־וואו אין סיביר. די איבריגע קינדער זיינען אוועק אין דעם פּוילישען פּאטריאטישען ארט, אין זאקאפּנע. דארטען האבען זיי געוואהנט אין דעם דארף, צווישען די נאדעל־בוימער. ארום זיי האבען זיך געקליבען פּוילישע יוגענד, וואס האט זיך אויפגעהאלטען אין דעם פּוילישען ארט נאך דער רעוואָלוציע. אט אין דעם מיליע צווישען די שוועסטער, האט קאוואלסקי ארייגעפיהרט מערי'ן.

---

קאפּיטעל 15.

# אין די בערג.

מערי האט זיך אויפגעהאלטען ביי די דריי שוועסטערן, צווישען וועלכע קאוואלסקי האט זי ארייגעפיהרט. די שוועסטערן האבען געוואהנט אין דער פויערישער כאלופּע, הינטער די בערג. זי האט זיך צווישען די מיידלעך גאנץ גוט געפיהלט. זיי, די פּויליש־אי־דישע מיידלעך, מיט זייערע שטימונגען, מיט זייער לעבען, זיינען איהר

סקי ביכלעך און קאָמפּראָמיטירט דאָס גאַנצע הויז. ער וויל אַז אַנראַ־נאַם ווערען און אוועקפאָהרען אין ארץ ישראל אַז ערד ארבייטער זיין. דעם אומגליק האָט מען נאָך מעהר בעקלאָגט ווי די טאָכטער׳ס. (און דאָס איז טאַקע דער ה׳ אגראַנאַם בלום. וואָס מיר וועלען איהם שפּעטער בעגעגענען). נור צוויי זיינען איבערגעבליבען טריי דעם „אידעאַל“. דאָס איז די טאָכטער העלענא, וועלכע האָט ליעב די פּוילישע ערד און די פּוילישע פּויערים, פון קליינערהייט אַן געהאַט אַ נייגונג צו דער קירכע, ליעב געהאַט דעם געזאַנג פון דער קירכע און פלעגט שטענדיג געהן אויף אָבענד־געבעטע און וויינען, ווען דער אָרגאַל שפּיעלט. העלענאַ׳ן האָט די מוטער געלאָזט שטודירען אין קראָקאָוו, און דאָרט האָט זי זיך פערליעבט אין דעם פּוילישען פּויערן־מאָלער בויטשאַק, איהם מיט אהיים געבראַכט צו די עלטערן און די מוטער האָט זיי ביידען געבענשט אויף דעם טויטען בעט, און מען האָט זיי בעטראַכט אַלס חתן־כלה. (ה׳ בלום האָט שוין נישט געוואוסט, וואָס עס טהוט זיך ביי איהם אין שטוב און בעטראַכט אַלץ פאַר משוגע). דער צווייטער איז געטריי געווען דעם אידעאַל, דער זוהן יאַש, וועלכער האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ פּאָליאַק. נור אויך ער האָט באַלד ערקלערט, אַז היינט צו מאַכען אַ רעוואָלוציע פאַר פּוילישע אונבאַהענגיגקייט איז אַן אונזין. די צייטען בייטען זיך, און די היינטיגע רעוואָלוציע דאַרף זיין נים צו בעפרייען דעם בורזשואַ, כדי איהם צו געבען אַ גרעסערע מאַכט, נור צו בעפרייען דעם פּוילישען אַרבייטער. דאָס איז די פּוילישע רעוואָלוציע פון היינט, און ער האָט זיך אַנגעשלאָסען אַן די פּ. פּ. ס. נור די מוטער האָט שוין נים דערלעבט צו זעהן, ווי איהר זוהן ווערט אויך פאַלש דעם „אידעאַל“. זי איז געשטאָרבען אין דער צייט פון גרויסען רעש, ווען איהרע קינדער זיינען זיך צולאָפען.

זי האָט געהאַט נעבען זיך נור די קליינע צוויי מיידעלעך, וועלכע האָבען נאָך פון גאָרנישט געוואוסט. זי איז געשטאָרבען בעוואוסט־לאָז, אין דעם געדאַנק, אַז איהרע קינדער שלאָגען זיך אויפ׳ן פּוילישען פעלד „פאַר׳ן פּוילישען אידעאַל“. פון איהר טויט זיינען די קינדער געוואָהר געוואָרען, ווען זיי האָבען געהאַלטען אין דער אַרבייט פון בעפרייען דעם אַרבייטער פון בורזשואַ. אַ טייל זיינען זיך צוזאַמענ־

ווינץ „קאיאווע“. דארט, וואו די ערד איז תמיד פייכט, זומפּען אויף מיילען ווייט און לצים און שדים געהען ארום צווישען די לעבעדיגע; ביי נאכט פערפיהרען „בלאנדזשענדע ליכטלעך“ דעם פויער און איך אין די זומפּען אריין. שדים־חתונות שפּיעלען זיך אב ביי נאכט אין פערלאזענע קרעטשמעס.

די מוטער איז געווען א מיסטישע נאטור. דאר, הויך, מיט שווארצע גרויסע שרעקענדע אויגען, איז זי ארומגעגאנגען אין איהר הויז, ווי א טאפּאליע פון איהר געגענד — שטיל, שווייגענדיג, בעהאלטען אין זיך, און האט דערצעהלט די קינדער, אין די ווינטער־נעכט, מעשות פון די פוילישע פּאוסטאניע, דעקלאמירט די פוילישע דיכטער, — „זשאדרי“ געקענט אויף אויסווענינ. איהר האבען די קינדער צו פערדאנקען זייער אונרוהיגען גייסט. און, אז זי האט געהערט ביי־נאכט שווערדען קלאפּען ביי די סטראזשניקעס, וועלכע האבען א רעוויזיע געמאכט, האבען איהרע אויגען געבלישטשעט און זי איז שטאלץ געווען דערויף. נור אז זי האט דערהערט, צוליעב וואס איהר טאכטער ווערט ארעסטירט, אז ניט איבער די „פוילישע ספּראווע“, נור איבער סאציאליזמוס, איז זי ווילד געווארען, געשריען, אז איהר טאכטער איז פאלש געווארען דעם אידעאל, און זיך ניט געוואלט מיט איהר געזעגענען. און פון דענסמאל אן איז זי קראנק געווארען און פלעגט שפּיעלען אויף דער פּיאנא אין איהר סאלאן ווילדע סימפאניעס. זי איז געווען מוזיקאליש און האט אביסעל יונגערהייט אקאמפּאנירט. ווען זי איז קראנק געווען, פלעגט זי זיך ביינאכט אויפכאפּען, צוגעהן צו דער פּיאנא, און א ווילדע מוזיק האט געשאלט אין די ליידיגע, גרויסע סאלאנען . . . א שרעק פלעגט אנפאלען אויף די קינדער. זיי האבען זי מיט צרות איינגענומען. זי צוריק אין איהר צימער געבראכט. באלד איז זי געוואר געווארען, אז די איבריגע קינדער איהרע זיינען אויך ניט טריי געבליבען דעם „אידעאל“. איהר עלטסטער זוהן טראגט זיך נאך ארום מיט ערגערע זאכען. עס איז דענסמאל אויפגעשטאנען דער ציוניסטישער געדאנק און אנגעהויבען אויך אריינדרינגען צווישען די שוהל־יוגענד.

זייער זוהן האט זיך גע'חבר'ט מיט אידישע יונגע לייט און גערעדט אידיש, און פון די אידישע יונגע לייט האט ער צו זיך אהיים געבראכט אידישע ביכער. ביים טיש, ווען קריסטען זיינען געזעסען, האט ער עקסטרא גערעדט אידיש און אויפגעמישט זיינע זשידאוו־

די ארבייטער ארגאניזירען זיי. די ערשטע סאציאליסטישע חברה האט דיין טאכטער אין אונזערע רוהיגע געגענדען ארגאניזירט. א גרויסע פויגעל דיין טאכטער, א סאציאליסטקע". דאס ווארט „סאציאליסטקע" האט אין דער משפחה, אין דער שטאדט און דער גאנצער געגענד, וואו אלעס האט געלעבט זיין רוהיג־שטיל לעבען, א שרעק אנגעווארפען. מען האט נאך ניט קלאר געוואוסט, וואס דאס איז אזעלכעס. לעגענדעס זיינען דעריבער געגאנגען, מען האט געזאגט, אז עס איז אזא געהיימער בונד געגען קיסר — א „שווארצע מאסקע". א „רויטער טויט"... אין דער שטיל האט מען גערעדט דערפון, סודות זיך איבערגעבען און דא, הערר בלום'ס עלטסטע טאכטער, די רייכסטע כלה פון דער געגענד — א „סאסיאליסטקע", אין ארעסטאנטסקע קליידער... האט מען זי מיט'ן עטאפ, מיט צוויי זעלנער, שווערדען רעכטס און לינקס, איבער די שטאדט געפיהרט. א טויטער שרעק איז איבער דער שטאדט געפאלען. מאמעס האבען די קינדער אין די שטובען בעהאלטען.

נור פון דענסמאל אן איז אין דער געגענד אונרוהיג געווארען. צוויי סטראזשניקעס אין דארף גע'הרג'עט. פויערים בונטעווען זיך. און ווי עפעס א רעוויזיע — באלד צו די בלומס. דאס סם האט זיך אריינגעכאפט אין דער משפחה, אין אלע קינדער, ביז צו די קלענסטע, פון צווייטען קלאס גימנאזיע. דער „וואיאשעק שטאס" לעבט אין דער משפחה, און ניט אין חלום, נור אויפ'ן וואהר. דאס יונגווארג רייסט זיך צו דער „ארבייט" און דער „וואיאשעק שטאס" איז שוין ניט מעהר דער הייליגער. די הייליגע איז גאבריעלע, די וואס וואלגערט זיך ארום אויף די ווייסע שנעע־סטעפעס פון קאלטען סיביר. איהר נאמען ווערט מיט פרומקייט אויסגערעדט. ביי איהר נאמען איז די הייסטע שבועה.

דעם רעוואלוציאנערען גייסט האבען זיי מעהר פון דער מוטער גע'ירשן'ט, איידער פון פאטער (וועלכער איז ארומגעגאנגען צייט דאס אומגליק מיט דער טאכטער ווי א גע'הרג'עטער, געשעפטען אבגעלאזט, און זיך ניט מעהר אינטערעסירט מיט גארנישט). די מוטער איז געווען אן אויסטריש־מענש. זי האט דאס ענטפלעקט ביי די קינדער קליינערהייט די פאנטאזיע, און בעגייסטערט זיי מיט דעם „וואיאשעק שטאס". זי איז ארויסגעקומען פון דער פוילישער מיסטישער פרא־

זאָל זיך אויך קענען בעטהייליגען, ווי דער „וואיאשעק סטאש“. אין די ווינטערדיגע פארנאַכטען האָט מען דעקלאַמירט דעם דריטען טהייל פון מיצקעוויטש: „זשאדי“, וועלכעס מען האָט געהאַט אריבער־געשוואַרצט פון דעם קראָקאָווער גרענעץ. אין יעדער צווייג פון די משפחה בלום איז דאָס בוך געווען הייליג און פערבאָרגען בחדרי־חדרים, מיט גרויסע סודות.

דער היינטיגער בלום, דער פאָטער פון די מיידלעך, איז ניט געווען קיין גרויסער רעוואָלוציאָנער, געזעסען אין דער גובערניע־שטאָדט פ. ביי דעם ווייכסעל. צוואַנציג מייל ארום איז קיין באַהן ניט געווען. די בעלי־בתים איינגעזעסענע. קיין קאָנקורענץ — חזקה און אנגענור־מענע זאַך. מען האָנדעלט מיט די פריצים, קויפט אָב וועלדער, טרייבט אָן דערצו אַ קליינע אינדוסטריע — אַ צוקער פאַבריק. דאָס פערמעגען וואַקסט, נור קיין נחת פון די קינדער האָט ער ניט. מילא זיינע ברידער און שוועסטער זיינען אויך געווען „רעוואָלוציאָנערען“— אין אַ ווינטער־נאַכט, ווען מען האָט געמאַכט אַ באַל, האָט מען אין געהיים דעקלאַמירט פון „זשאדי“. אָבער, פון דעסטוועגען, האָט מען חתונה געהאַט, נחת געהאַט פון קינדער, טעכטער אויסגעגעבען. און די וועלט האָט זיך ווייטער געפיהרט. נור ווען זיינע קינדער זיינען אויפגעוואַקסען, האָבען זיי אָנגעהויבען צו נעהמען די זאַך אויף אַ רעכטען אמת. ניט געהאַט צו טהאָן מיט שררים, ניט „געקונדרעוועט“ זיך מיט פריצים, ווי דער „וואיאשעק סטאש“, נור מיט'ן פּראָסטען עולם, מיט די ארבייטער, מיט די ארבייטער פון זיין פאַבריק. און ניט פאַר — „יעשטשע פאָלסקא ניע סגינעלא“, נור פאַר „עקאָנאָמישע בעדינגונגען“ גאָר. און ניט אין געהיים האָבען זיי דאָס געטהאָן, ווי אַמאָל יענע, ביים לעזען „זשאדי“, נור אָפען פאַר דער וועלט. האָט מען זיי טאַקע געכאַפּט. די ערשטע איז געגאַנגען זיין עלטסטע טאָכטער, גאַבריעלי. אַ מיידעל געווען נאָך אין אַכטען קלאַס, אכטצעהן יאָהר אַלט געווען. ביי נאַכט געקומען, אַ רעוויזיע געמאַכט, זי אוועקגענומען, און אוועקגעפיהרט זי מיט'ן עטאַפּ. דער פאָטער איז געווען אַ גאַנץ היימישער מענש ביי דער פּאָליציי, מיט'ן נאַטשאַלניק, מיט'ן פּאָלקאָווניק. געלאָפען צו נאַטשאַלסטוואַ, נור מען האָט איהם ניט צוגעזאָגט. — „דיינע קינדער בונטעווען זיך. אין די „הויכע פענסטער“ ווייסט מען פון זיי. אַ פריקאַז אָנגעקומען פון וואַרשוי.

געהאט פיעל קינדער — ווי יעדער איד, ווען עס געהט איהם גוט — און אנגעהויבען זיך משדך צו זיין מיט נגידים. גרויסע נדנ'ס געגע־בען, געלאזט שוין די קינדער שטודירען, און זיינער א זוהן, דער אינגסטער, וואס איז געווען א סטודענט אין די „שקאלע גלאוונע", האט שוין אין דריי און זעכציגסטען יאהר, ווען די פאליאקען האבען די צווייטע פאווסטאניע געמאכט, ניט קיין קאפאטעס געניי־הט, און ניט קיין אקסען צוגעשטעלט, נור האט זיך אליין ארומגעוואלגערט מיט די פאליאקען אין די וועלדער, און פערלוירען געווארען אין די פאווסטאניע. דער „פעטער" איז דאס דער „קדוש" אין דער משפחה— זיין בילד, אין א פוילישען קאסטיום, מיט א קרומען שווערד ביים זייט, אין א קאנפעדעראטקע, הענגט ביי יעדען מיטגליעד פון דער פאמיליע מיט שווארצע קרעפע בעהאנגען. מאמעס דערצעהלען זייערע קינדער וועגען „וואיאשעק סטאש". דער „וואיאשעק סטאש" האט נאך מעהר געהויבען די משפחה בלום אין די אויגען פון די פוילישע שררים, און די משפחה בלום האט גרויסע געשעפטען געמאכט, רייך געווארען, פערשפרייט זיך איבער די פוילישע שטעדט און אומעטום געשפיעלט צווישען אידען די ראליע פון די טרעגער פון פוילישע קולטור. קינדער־היימען געגרינדעט, וואו מען האט געלערענט מיט ארימע אידישע קינדער פויליש. עס איז געווען אנגענומען א טראַ־דיציע אין דער משפחה, אז די בחורים פון דער פאמיליע, וועלכע האבען שטודירט אין די גימנאזיעס, זאלען לערנען מיט די בית־המדרש בחורים פויליש, און די מיידלעך זיינען ארומגעגאנגען צו די נייהטארינס, צו די ארבייטארינס, צו די סטראזשעס קינדער אין די קליינע שטעדטלעך, און זיי געלערענט פויליש. ארויסגעשיקט יעדעס יאהר קיין ווארשוי, וואס זיי האבען ארויסגענומען פון די ישיבות, פון בתי־מדרשים.

אין די אידישע שטעדטלעך האט מען זיי פערשאלטען, מען האט זיי געהאלטען פאר אפיקורסים, פאר עוכרים, נור מען האט גאר ניט געקענט טהאן געגען זיי, ווייל זיי זיינען געווען רייך און שטארק.

און דער „וואיאשעק סטאש" האט געלעבט אין דער משפחה, זיין בילד אין פוילישען קאסטיום האט געריצט ביי די קינדער די פאנ־טאזיע און געוועקט דעם רעוואלוציאנערען גייסט אין זיי. די קינדער האבען נע'חלומ'ט וועגען א פוילישען אויפשטאנד, אין וועלכען מען

דאס לאזור־ליכט און די לייכטערע וואלקנז געהענ דורך. דורך זיין ליב, און ער שווימט מיט מיט דעם שנעע. מיט דעם ליכט. ער שווימט מיט, ער שווימט מיט אין דער אונענדליכקייט אריין. — — —
— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

---

קאפיטעל 14.

## די פאמיליע בלום.

די מיידלעך, צווישען וועלכע מערי איז אריינגעפאלען, זיינען געווען די שוועסטער בלום — העלנא, מאטילדא און זאשקע. העלענא איז געווען העל ווי א ליכטיגער זונען־טאג; מאטילדא טונקעל, מיט פעך־שווארצע האהר און שווארצע נאכט־אויגען, ווי די דונקעל נאכט. און ביי זאשקען האט זיך אלעס געוועקט און זי איז געווען ווי דער פריה־מארגען שטערן. אויגען האט זי געהאט יונגע, און מויל און ציינער יונגע. און דאס פנים מיט די האהר האט תמיד אויסגעזעהן ווי געוואשענע, ווי ערשט וואס ארויסגעקומענע פון הינטער דעם וואלקען, אזוי ווי דער מארגען שטערן שיינט ארויס פון די נאכט.

ארום זיי האט זיך צוזאמענגעקליבען אלעס, וואס איז געווען אינטערעסאנט פון יונגע לייט, סיי פון אידען, סיי פון גוים, אין דעם פוילישען שטעדטעל זאקאפאנע.

זיי קומען ארויס פון אן אלטע אידיש־פוילישע משפחה, וואס איז שוין לאנג געווען אסימילירט. פיער דורות האבען געארבייט אויף די פירמע ב ל ו ם. דער ערשטער האט געהייסען פשוט ר׳ שמואל און איז ארויסגעקומען פון א קליין שטעדטעל אין פוילען — פון ליענטשיץ. עס איז געווען אין דעם 31טען יאהר, ווען די פאליאקען האבען די פאוסטאניע געמאכט. דער איד, דער שענקער פון ליענטשיץ, האט געגייהט קאפאטעס פאר די פוילישע זעלנער און צוגעשטעלט אקסען אין די וועלדער אריין. אזוי ארום האט ער זיך מיט די שררים בע־קאנט, און דערנאך, אז די צייטען האבען זיך בערוהיגט, איז ער געוואר־רען ביי זיי א חשוב: געקויפט וועלדער, געהאלטען גארשעלניעס.

עס גענאָסען אראָב פון די בערג. אין דער לופטען האָט זיך געטראָגען דאָס ליכט פון שנעע, בענאָסען מיט דעם שיין פון דער אונטערגעהענדער זונן, אז עס האָט געבלענדעט די אויגען פאַר ווייסקייט. נור נישט אויף דעם האָט קאָוואלסקי געקוקט. אויפ'ן הימעל האָבען זיך אויפגעעפענט יעצט נייע וועלטען. עס איז געווען, ווי דער הימעל וואָלט ענטפּלעקט אַ שטיקעל פון זיינע אוצרות. גאַנצע בערג שנעע־וואָלקען האָבען זיך ארומגעטראָגען אין דעם בלאָהליכען ים פון הימעל. חרוב'דיגע וועל־טען, שטיקער פּאַלאַצען, רואינען אויס מאַרמאָר, לאַזור און הימעל־שיין האָבען זיך געטראָגען אין שטח פון הימעל. ווייסע סטאַדעס שעפּ־סען האָבען זיך דאָרט אויבען נעבאָדען אין בלאָהע ימים. די רייכסטע, לייכטענדע לייבער פון נימפען־פרויען און יונגע פּאַאונען, געהילט און געוויקעלט אין לאַזור־שלייערן, האָבען געשוועבט פון איין וואָלקען צום צווייטען און געבאָדען זיך אין קופּעס שנעען... עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז דאָס אַלץ האָט פון הימעל אראָבגענידערט, עס טראָגט זיך אַרום אין דער לופטען אַ צווייטע וועלט, אַ שעהנערע און אַ בעסערע, אז דער הימעל האָט זיך געעפענט און עס האָט זיך ענטפּלעקט פאַר איהם די וועלט, וואָס איז איבער'ן הימעל אָפען און פריי, און ער אַליין זעהט די אוצרות און די הערליכקייט.

אַלעס דאָרט איז לאַזור און שנעע־ריין, אַלעס איז דאָרט הימליש און ענטפּלעקט זיך פאַר איהם אין דער ריינסטער הערליכקייט. עס גליטשט זיך אראָב פאַר איהם אויף די געבירג שנעע און עס וועט זיך באַלד צושיטען און אראָבקייקלען איבער די בערג צו זיינע פיס. און קיינער זעהט דאָס נישט, נור ער אַליין. ער שטעהט אויף דעם בארג און פאַר איהם האָט זיך דער הימעל ענטפּלעקט. ער איז דער שעפער פון דעם אַלעס. אַלעס קעהרט צו איהם און פאַר איהם עפענט זיך דער הימעל אויף און עס געהען דורך די הערליכקייטען און ווייזען זייער גלאַנץ. די הענד האָט ער אויפגעעפענט, אויסגעשפּרייט זיך אין דעם שנעע און געשריגען הויך, הויך, ווילדע געשרייען. און דאָס אַלעס האָט געהערט זיין שטים, געפרעהט זיך מיט איהם און צוריקגעבען זיין עכאָ. ער האָט אויפגעריסען זיין העמד, זיין האַרץ ענטפּלעקט פאַר דעם ליכט און געטרונקען אין זיך אריין די ווייסקייט און איינגע־הערט זיך צו דעם גאַנג פון די וועלטען איבער'ן זיין קאָפּ. און איהם האָט זיך געדאַכט, אז די וועלטען, אז די שנעען, די הימעל־לייבער,

— דו האסט רעכט, אייפערזיכטיג, די יוכעו — און ער געהט ארויס אהן א זיי־געזונד פון שטוב.

מערי האט זיך מיט אמאל דערפיהלט, ווי אויף דער גאס ארויס־געווארפען, זעהענדיג קאוואלסקי'ן ארויסגעהן. וואו איז זי? צו וועמען איז זי געקומען? און וואס טהוט זי דא? — נור די מיידלעך האבען זי באלד בערוהיגט מיט זייערע לאכענדיגע, פריינדליכע פנים'ער. זיי האבען זי געפרעגט, וואו זי האט די זאכען איהרע. איינער פון די יונגע־לייט וועט באלד די זאכען ברענגען. בויטשאק צו־פלאמט זיך — ער וועט ברענגען די זאכען.

— ער לעבט דאך מיט דער גוי'ע, — דערצעהלט בויטשאק מערי'ן אויף קאוואלסקי'ן נאך זיין ארויסגעהן — זיצט שוין דריי חדשים אויבען אויף די בערג, די „באבע" האלט איהם אין שטוב, גיט איהם ברויט מיט בארשטש און שליסט איהם אין דער שטוב איין. האלט זי איהם אונטער דער „פיערשינע" (רעקע). זי איז אייפערזיכטיג, און זי לאזט איהם נישט אראב פון די געבירג. — דער מאן איהרער איז נישטא — איז אויף ארבייט געגאנגען נאך פרייסען. און ווען ער וועט קומען, וועט ער איהם די ביינער צוברעכען, אוי וועט ער איהם די ביינער צוברעכען!...

---

אז קאוואלסקי איז צוריק אויף די בערג ארויף, האט איהם שוין די גוי'ע אבגעווארט אויף דער שוועל פון איהר הייזעל.

— א, דו מיין אינגעל, דאס מיידעל געפעלט מיר נישט. דאס איז נישט קיין שוועסטער. דאס איז א געליעבטע. היט דיך, מיין טהייערער, היט דיך, ווארום איך האב אזעלכע זאכען נישט ליעב!

קאוואלסקי האט זיך געשווארען, אז ער האט גאר נישט מיט דער מיידעל. עס איז א בעקאנטע.

ער האט גענומען א שטיק ברויט און ארויפגעקראכען אויפ'ן שפיץ בארג.

די זונן האט זיך שוין אנגעהויבען צו זעצען ארונטער הינטער „געבאנט" און האט אויף דעם רוקען פון „געבאנט" צולאזט דאס ליכט אויפ'ן שנעע און, ווי א קאכענדע ווייס־בעגלענצטע לאווע, האט זיך

אזוי גוט האָט זי זיך געפּיהלט, אז זי האָט אין אַ מינוט פערגעסען אַן קאָוואַלסקי'ן און צו וואָס זי איז געקומען, און דעם עמפּפאַנג וואָס זי האָט געהאַט. זי האָט מיטגעלאַכט מיט די מיידלעך.

איינער פון די יונגע לייט האָט זיך באַלד גענומען איהר עסען צו געבען. עס האָט זיך ארויסגעוויזען אז אַלע זיינען הונגעריג.

— בויטשאַק! דאָס טונדעל האָניג — האָבען אַלע אָנגעהויבען צו שרייען.

דער פּוילישער פּויערן־זוהן האָט פון אַ ווינקעל פון שטוב ארויס־געקייקעלט דאָס טונדעל האָניג, וואָס דער פאָטער פלעגט איהם שיקען יעדעס יאָהר און פון דעם האָט ער זיך דערנעהרט.

זיי האָבען זיך אַלע ארום דעם טונדעל געזעצט, ארויסגענומען ברויט און אָנגעהויבען צו טונקען דאָס ברויט אין האָניג. מערי האָט זיך באַלד געפונען דערינען, אויך איינגעטונקט איהר ברויט אין טונדעל און דערפון געגעסען. מיט דעם האָט זי זעהר נושא חן גע־ווען ביי די מיידלעך און זיי האָבען זי געהאַלטען פאַר אַ זייעריגע.

— און וואָס, דו ארבייטסט נאָך אַלץ נישט? — פרעגט בויטשאַק קאָוואַלסקי'ן.

— פאַר דיר, פאַר דיר האָב איך דאָס דערלאָזט צו מאַכען בילד־לעך, ארויפצוכאַפּען אויף לייוועונד אַ שטיקעל פון דער זונן, פון שנעע און דאָס צו פערקויפען דערנאָך צו אַ רייכען אידען, צו אַ ריי־כען פריץ. וועט ער עס זיך אויפהענגען אין זיין עס־צימער, עס זאָל איהם אנגענעהמער זיין צו עסען, אָדער אין סאַלאָן זיינעם, געסט צו וויי־זען, — „האַנד ארבייט" וועט ער ריהמען — אָדער אין שלאָף־צימער, עס זאָל איהם זיין אנגענעהמער מיט'ן ווייב צו שלאָפען. אַ ניין, אזוי לאַנג ווי מיין יאַדוויגא גיט ברויט מיט באַרשטש, וועל איך נישט נעהמען דעם פּענזעל אין האַנד, וועל איך זעהן — נישט מאָהלען.

— נו, שוין צייט צו געהן. מיין אַלטע וועט שרייען. זי איז איי־פערזיכטיג — אַ שרעק — זאָגט קאָוואַלסקי.

— נו געה, געה. זי וועט דיר נאָך מיט אַ וואַלגער־האָלץ די באַקעס צוקלאַפּען, ווען דו וועסט דאַ לאַנג בלייבען, — שרייט איהם נאָך בויטשאַק.

טער און לאַנגע בענק אַרום די גאַלהילצערנע ווענד. פערשיעדענע צווייגען, רויטע דעמב גראָז און נאַדעל־דערנער זיינען געשטאַנען אין די ווינקלען פון שטוב אין גרויסע וואַזאַנען. די פאַדלאָגע געוואַשען ריין, איבערגעצויגען מיט אַ פויערשען זאַקאַפּאַנישען דיוואַן. און אַלע זיינען זיי געזעסען אויף דר׳ערד, אויף דעם דיוואַן. די מיידלעך מיט צולאָזענע האָהר אין קליידלעך און בלוזקעס אויס פויערשען שטאָף. די יונגע לייט שלאַנקע און הויכע — אין די בלוזעס אָהן רעק. עס איז נאָך קאַלט געווען. אַ פייערעל האָט זיך געברענט הינטער דעם וואַנד־אויוועז. דאָרט אויף דעם ווייסען פעליז זיינען געלעגען אויס־געשפּרייט אָפענע ביכער. זעהט זיך אויס, מען האָט זיי געשטערט פון לעזען.

— וואָס, די גוי׳ע האָט דיר שוין פון שטוב אַרויסגעטריבען? אפשר איז גאָר דער שוואָגער איהרער געקומען און האָט דיר די ביינער געבראָכען? — פרעגט אַ יונגער־מאַן קאַוואַלסקי׳ן.

— האָב נישט קיין מורא, די גוי׳ע טרייבט נישט פון שטוב, הלואי וואָלטען ד י אַזוי געטריי געווען — ווייזט ער אויף די מיידלעך, — ווי די פויערטעס זיינען געטריי... געקומען אַ בעקאַנטע, אַ פריינדין. איך וויל זי איינאָרדנען. ווילט איהר זי נישט צונעהמען צו זיך?

די מיידלעך האָבען נישט געפרעגט ווער זי איז און וואָס זי איז, זיינען צוגעגאַנגען צו מערי׳ן, געפרעהט זיך מיט איהר און זי גע־פרעגט אויב זי איז שוין לאַנג דאָ, וואו זי האָט איהרע זאַכען. עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די מיידלעך זיינען געווען פון רוסיש־פּוילען און אַלע האָבען גוט גערעדט רוסיש. איינער איז געווען צווישען די יונגע לייט אַ פּוילישער פויערען־זוהן, אַ מאַהלער, וועלכער האָט נאָך ליעב געהאַט צו טראָגען זיינע פויערשע העמדער, — בויטשאַק האָט מען איהם גערופען. בויטשאַק האָט זיך זעהר דערפרעהט מיט מערי׳ן. ער האָט געקענט אַביסעל רוסיש. זיך אויסגעלערענט ביי די זעלנער און גערעדט מיט איהר רוטעניש. ער האָט איהר פאַר גדולה די הענד געקושט און מיט פּוילישע מאַניערען אַרום איהר געפּאַדעט.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט זיך שוין מערי געפיהלט ווי אין דער היים מיט די מיידלעך. זי האָט געהאַט דאָס געפיהל, ווי זי קען זיי שוין לאַנג, גאַנץ לאַנג און איז יעצט אַהיים געקומען.

אמאָל ליעבענסווירדיג — קומט, וועל איך אייך פיהרען צו מיינע בע־קאַנטע. און ער העלפט איהר אויפשטעהן.

זיי האָבען ביידע איבער'ן וועג געשוויגען. קאַוואַלסקי איז גע־גאַנגען פאָראויס און האָט זיך ווענינ אַרומגעקוקט אויף איהר. דורכ־געגאַנגען דאָס הויז וואו ער וואהנט, איז די גוי'ע געשטאַנען פאַר דער טהיר און זיי נאָכגעקוקט מיט גרויס אינטערעס. קאַוואַלסקי האָט גע־געבען אַ שמייכעל צו איהר און עפּעס געזאָגט אויף פּויליש, וואָס מערי האָט נישט פערשטאַנען.

מערי איז נאָכגעגאַנגען נאָך איהם און האָט זיך בעמיהט צו זיין פרעהליך. זי האָט עפּעס פּלוצים אויפגעלאַכט. קאַוואַלסקי האָט זיך אַרומגעקוקט און זי אַנגעקוקט, האָט זי זיך פערשעהמט און געזאָגט, אַז די שוואַרצע „גאַפּעס" וואָס לויפען אַרום איבער די שנעע־בערג און שרייען קראַה־קראַה, רייצען זי צום לאַכען. זיי זיינען זעהר נאַ־ריש. קאַוואַלסקי האָט געשוויגען.

זיי זיינען געגאַנגען ווייט אַראָב, ביז צו די בוימער. דאָרט, ביי אַ פּויעריש הייזעל, געשניטען אין זאַקאַפּאַנער סטיל, האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט. קאַוואַלסקי האָט אַריינגעפּייפט די אַריע פון מאָניושקאָ'ס „האַלקאָ". אויף דער שוועל האָט זיך בעוויזען אַ מיידעל מיט אַ לאַכענדיג געזיכט און גאָלד־בלאָנדע האָהר, וואָס האָבען אין זיך געהאַט אַריינגענומען די זונען־שטראַהלען, ווי די וויינטרויבען אין די וואַרימע זיד־לענדער.

זי האָט געשמייכעלט, געפרעהט זיך אויף קאַוואַלסקי'ס קומען און אַריינגערופען צו די אַנדערע אין שטוב:

— נאָ זעהט, קאַוואַלסקי איז אַראָבגעקומען פון די בערג.

אויף דער שוועל האָבען זיך באַלד בעוויזען נאָך צוויי מיידלעך, קלענערע און שוואַרצערע, ווי די קליינע טעכטער פון די זיד־לענדער, און צוויי, דריי סלאַווישע געזיכטער פון יונגע לייט מיט בלאָנדע האָהר און בלאָנדע וואָנצעס. אַלע האָבען געלאַכט און געקומען צולויפען זעהן קאַוואַלסקי'ן בעז־וואונדער, געפרעהט זיך אויף זיין הולך און גאַרנישט געוואונדערט זיך אויף מערי'ס פּלוצליכע ערשיינען.

— איך האָב געבראַכט אַ חבר'טע — אַ רוסישע מיידעל. נעהמט זי צו צו זיך, — רופט זיך אָן קאַוואַלסקי, אַריינגעהענדיג מיט מערי'ן אין דער פּויערשער כאַלופּקע, וועלכע איז געוועזן אויס טרוקענע ברע־

— איהר זייט זעהר אייפערזיכטיג אויף אייערע בערג און איהר האט מורא, אז עס זאל זיי אימיצער זעהן א חוץ אייך.

— מיט אן אמת געזאגט, יא — שמייכעלט קרום קאוואלסקי — איבריגענס, איז ווירקליך דא נישט קיין ארט. אז איהר ווילט ביי מיינע פריינד — דארט וועט אייך גוט זיין. אינטערעסאנטע מיידלעך, אינטערעסאנטע יונגע לייט.

מערי האט געקוקט אויף איהם. ווער איז ער דער פרעמדער מענש, וואס רעדט אזוי צו איהר? און פרעמד איז איהר יעצט קאוואלסקי אינגאנצען פארגעקומען. גארנישט איז געוועזן אין איהם, וואס זאל זי דערמאהנען אן איהר געליעבטען. — און צו וואס איז זי געקומען צו איהם? און וואס האט זי דא צו זוכען? — זי האט זיך געוואלט אויפהויבען און אוועקגעהן אליין, אליין אוועקגעהן אין די בערג אריין. זי איז אבער געוועזן צו שוואך דאס צו טהאן. זי איז געזעסען אויפ'ן שטיין נעבען שנעע און האט געשוויגען.

ער איז אויך לאנג געלעגען אויפ'ן שנעע און געקוקט אלץ אין הימעל אריין, אדער געגענאיבער דעם „געבאנט", אזוי ווי זי וואלט דא גאר נישט געוועזן.

—און וואס מאכט איהר? ארבייט איהר פיעל? — פרעגט איהם פלוצים מערי.

— ארבייטען, — קוקט זי אן קאוואלסקי — וואס מיינט איהר?

— מאהלען.

— אהא, אזוי ניין. איך לאז עס איבער פאר אנדערע. איך האב גענוג דאס זעהען.

— רעכענט איהר דא לאנג צו בלייבען? — פרעגט זי פלוצים קאוואלסקי.

מערי האט געקלערט א מינוט וואס איהם צו ענטפערען. זי האט איהם געוואלט זאגען, אז זי איז אהער געקומען צו איהם און זי האט זיך אנגערופען:

— ניין. ביז איך וועל זיך אביסעל בערוהיגען. די דאקטוירים האבען מיר געהייסען דא אהער קומען, דא זאל זעהר גוט זיין.

— יא, אבער דארט אונטען. דא איז צו געפעהרליך פאר'ן הארץ, איהר דארפט אודאי נישט זיצען אויפ'ן שנעע, — ווערט ער מיט

נישט רעקאָמענדירען אַן אָנשטענדיגען פּאַנסיאָן? איך בין דאָ פרעמד.

אַ, געוויס, געוויס, — און ער מאַכט זיך אַרום דעם שנעע פון די האָהר און ווייסט נישט וואָס ווייטער צו ריידען.

זי האָט געקוקט אויף איהם. ער איז נישט געווען צו דערקענען. בעוואַקסען איז ער געווען מיט האָהר און באָרד, ווי אַ ווילדער מענש, און יעצט דאָ אַרומגעהילט מיט דעם אויסגעקראַכענעם פּויערן־פּעלץ, מיט די נישט זעהר אָנשטענדיגע הויזען — האָט ער אויסגעזעהן ווי אַ ווילדער בערג־שעפער. זי האָט איהם די מינוט ליעב געהאַט.

אָבער ער איז קאַלט געווען ווי דאָס אייז אַרום איהם.

---

## קאַפּיטעל 13.

## שנעע.

— דאָ ביי מיר קענט איהר נישט בלייבען, — זאָגט ער מיט אַ שמייכעל — מיין בעל־הבית'טע וואָלט געווען אויף אייך אייפערזיכטיג. און איך מוז איהר דאַנקבאַר זיין פאַר דעם ברויט און באָרשטש, וואָס זי קאָרמעט מיך שוין צוויי חדשים אַהן אַ גראָשען — זאָגט ער מיט אַ שמייכעל, ווי ער וואָלט זי דאָ נישט געלאָזט זיין.

זי האָט איהם געגעבען אַ קוק אַן און פערקרימט די ליפּען, ווי צום וויינען פאַר דעם צער וואָס ער טהוט איהר אָן.

— ניין, איך מיין נישט אַזוי, — וויל זיך קאָוואַלסקי פערענטפערען מיט שעמעוודיגקייט פאַר דעם צער, וואָס ער האָט איהר אָנגעטהאָן — קיין רייכע פּאַנסיאָנען זיינען דאָ נישטאָ אין דער הויך. איך האָב אפילו דאָ בעקאַנטע, וואָהנען זיי ביי פּויערים, נור איהר וועט דאָ נישט קענען וואָהנען — דאָס עסען איז שלעכט. בעסערע פּאַנסיאָנען זיינען אונטען אין דער שטאָדט.

גאָט, פאַרוואָס איז ער אַזוי שלעכט, אַזוי שלעכט? — קרעכצט מערי אין זיך — פאַרוואָס? און מיט אַ שמייכעל:

פון דערווייטענס — עס ליגט עפּעס אין אַ פוויערשען פּעלץ איינגעוויי־קעלט, אין שנעע און קוקט אין הימעל אַריין.

דער הימעל איז דאָ אין גאַנצן, ברייט איבער דער וועלט, און צוגיסט זיך איבער׳ן גאַנצען באַרג אַרום. עס זעהט אויס ווי אַ מעכ־טיגער ריעז וואָלט געקומען איבער די מעכטיגע יונג־פרוי ערד און וויל זי צוזאַמענדריקען אין זיינע אָרעמס — אַזוי צוואַווארימט און צוגיסט די זונן דעם שנעע. פון אַלע זייטען גיסען זיך טייכלעך. עס הויבען זיך אָן וויין קליינע וואַסער־פאַלען, וואָס זיינען געווען פערשאָטען איבער׳ן ווינטער. און געגענאיבער — דער „געבאַנט“. — ביז אין הימעל אַריין שטייגט ער. און עס קוילערען זיך איבער איהם די בער־גער שנעע און צושיטען זיך און צופאַלען אין אַלע זייטען. די זונן שלאָגט אין זיי, אין דער לופטען טראָגען זיך אַרום זיעבען־פאַרביגע רעגענבויגענס. עס רויטעלט זיך די לופט פון קלאָרקייט. און דער ליגט אָהן אַ הוט און קוקט גלייך דער זונן אין פּנים אַריין, ווי ער וואָלט דאָ געווען אויסגעוואַקסען, און קוקט זיך צומאָל נישט אום — עס געהט איהם גאָרנישט אָן וועך עס קומט. זי שטעלט זיך אַב און קוקט זיך אַרום. דער שנעע דערמאָהנט זי אָן עפּעס — אָן יענעם ווינטער, ווען ער האָט אַריינגעבלישטשעט דורך דעם שפּאַלט פון זייער לאָדען אין פינלאַנד, ווען זיי זיינען ביידע געזעסען ביים קאַמין־פייער...

עס דערמאָהנט זיך איהר עפּעס. אַ רויטער בלוט־שטראָם בעגיסט איהר קערפּער. זי לויפט צו איהם. זי וויל זיך וואַרפען אויף איהם און קושען זיינע ליפּען און זיינע אויגען. ער הערט איהרע טריט, ער קוקט זיך אום, דערקענט נישט צוערשט, שטעלט זיך אויף, דערקענט. זי שמייכעלט צו איהם. ער, פערוואונדערט, דערנאָך גלייכגילטיג, מיט בייזקייט, ווי עס וואָלט איהם פערדראָסען וואָס מען שטערט איהם, וואָס מען זעהט זיין הייליגקייט.

— אַה, מערי! וואָס טהוט איהר דאָ?

ווי אַ כוואַליע פון ים וואָלט זי אַבגעשלאָגען.

זי טאַמעוועט זיך, שטילט זיך, האַלט איין איהר אָטעם און זי איז רוהיג. און מיט דערמוטלבען קאַלטען געלעכטערעל:

— בין געקומען קיין זאַקאַפּאַנע אַברוהען. איך האָב געהערט איהר זייט דאָ, בין איך געקומען צו אייך. איבריגענס, קענט איהר מיר

ליכקייט, וועלכעס איז נאך נישט בעפלעקט געווארען פון קיין מענשען־אנבליק, און דאס פערבלענדעטע ריינקייט איבערגעגעבען אויפצופרעסען פון די זונען־שטראהלען. און עס האט זיך אבגעשפיעלט א חתונה פון זונען־שטראהלען מיט שנעע־ווייסקייט, ווי דאס וואלט אין איינעם א ווייסע סימפאניע געזונגען פון ריינקייט און פאלקאמענהייט...

זיי זיינען אנגעקומען צו די ערשטע הייזלעך, וועלכע זיינען געווען אין גאנצען פערשאטען מיט שנעע. מערי האט בעצאהלט דעם איי־בערפיהרער און איז אליין צוגעקומען צום דארף, אריינגעקומען אין ערשטען הייזעל און געפרעגט זיך אויף פאן קאוואלסקי.

— דער מאלער? דארט אויבען אין לעצטען הייזעל.

מיט שווערינקייטען האט זי זיך אויסגעזוכט א וועג אין שנעע צום הייזעל. אריינגעקומען, האט זי דערזעהן: זיין פאלטא, זיין הוט זיינען פערווארפען אין א ווינקעל, אויך א בוך ליגט דארט אהן טאוו־לען. ביי דער קיך שטעהט א פויערטע און ברענט קליינע שטיקלעך קיהן אונטער אן אייווען, פון וואס די גאנצע „כאלופע“ איז פערכאפט אין רויך. א קינד וויינט.

די גויע קומט ארויס פון רויך און קוקט זי אן פערוואונדערט און בייז.

— דער פאן מיכאל? ווער ווייסט איהם. ליגט דארט ערגעץ אויבען אין שנעע.

און די גוי'ע בעטראכט זי פון אויבען ביז אראב.

— א וואס, א שוועסטער צי א געליבטע? — פרעגט זי איהר אהן צערעמאניעס, און, מען זעהט, נישט אהן אייפערזוכט. (די גויע איז נאך יונג און שעהן).

מערי שמייכעלט:

—א שוועסטער.

— איהר קענט דא איבערווארטען, — געהט ארויס און רופט אין די געבירג אריין: „פאן מיכאל! פאן מיכאל! א פאניענקע איז גע־קומען“.

פון דערווייטענס הערט זיך זיין שטימע: „האפ־האפ“. מערי לאזט זי ניט רופען. זי וועט אליין ארויסגעהן. און קריכט אביסעל אין דער הויך, דארט ווייטער, וואו דער שפיץ איז. זי דערזעהט איהם

זי דערשרעקט זיך ביי דעם געדאנק און טראכט, אז האנדלען אנדערש האט זי נישט געקענט, און ניט צוליעב איהם האט זי דאס אלעם אוועקגעווארפען, נור צוליעב זיך, צוליעב זיך אליין, ווארום אהן איהם איז גאר נישט דא...

און די בערג זיינען געשטאנען הויך און אבגעשלאסען די ארומיגע וועלט ארום איהר, און געקוקט אויף איהר פרעמד און שלעכט. און אויף זייערע מאיעסטעטישע רוקענס האבען שפאציערט די שטערען. און זיי האבען געהאט, אין זייער טיעפעניש, איהר געליעבטען, איהר מזל, איהר בעשערטען.

און איהר מזל איז אזוי שלעכט און פרעמד ווי די בערג.

זי האט די זאכען איבערגעלאזט אין האטעל און גענומען א פוהרל און געהייסען זיך צופיהרען צו „טשערוואני דוואר“.

זי האט איהם נישט געוואלט שרייבען פריהער — זי האט געוואלט פלוצים און מיט אמאל זיך געפינען נעבען איהם.

זיי זיינען געפאהרען איבער שמעקענדע נאדעל־וועלדער. די בער־נער האבען אין טאג־ליכט געווארפען פון זיך א רויטליכען אבגלאנץ. זיי זיינען בעדעקט געווען אין גאנצען ביז אין שנעע ארויף מיט א פיאלעט־בלום. און דאס פיאלעט אונטער דעם ווייסען, ליכט־בע־גאסענעם שנעע, האט אבגעשיינט רויטליך־בלוי.

ס׳איז געווען אין הויכען פריהלינג און די נאדעל־בוימער האבען געגאסען פון זיך א שוועבעל־פעטקייט, וועלכעס האט פערשפרייט א זיסען, פעטען ריח. זיי זיינען אנגעקומען צו די פיס פון די געבירג, אויף וועלכע עס האבען זיך אראבגעגליטשט גאנצע קופעס שנעע. דארט האט מען שוין נישט געקענט פאהרען. דער פיהרער, אן אלטער, הויכער, שעהנער גוי, ווי א סאסנע, האט מערי׳ן געפיהרט צווישען שנעע אויפ׳ן בארג ארויף. פאר איהר האט זיך אויפגעעפענט א נייע וועלט. די זונן האט ארייגגעדרונגען מיט איהרע שטראהלען טיעף אין שנעע־בארג אריין און צוגאסען איהם. עס האבען זיך אויפגע־עפענט שטראמען און גערונען אין וואסער־פאלען איבער׳ן שנעע. פון דעם האבען זיך גאנצע בערג שנעע אראבגעגליטשט פון דער הויך און צושאטען זיך מיט א רעש און א געשריי, פון הונדערטער מעטערס אין דער הויך, איין קופע ארויף אויף די צווייטע. דער צופראהרענער שנעע האט אויפגעעפענט זיינע טיעפע אוצרות פון ווייסקייט און הער־

זי שרייבט זיך אויף אין דער שטיל די אדרעסע: „טשערוואָני דוואָר“ און דאנקט דעם יונגען־מאַן. דער יונגער־מאַן איז צו איהר זעהר פריינדליך און ריהמט איהר זעהר די געגענד. זי ענטפערט איהם אויס העפליכקייט און טראַכט וועגען דעם ווי אַזוי אריינצוקומען צו קאָוואַלסקי׳ן.

ביים אַבשטייגען איז דער יונגער־מאַן איהר בעהילפיג, רופט אַ וואָגען און הייסט פערפאָהרען אין אַ האָטעל. זי זאָל ניט קיין מורא האָבען — עס איז אַ האָטעל פאַר מיידלעך און פרויען.

די שטאָדט ליגט אין אַ טהאָל, אַבגעשלאָסען אין די בערג ארום, וועלכע שניידען אַב הימעל און וועלט פון דער שטעדטעל. די מענשען — מאָדנע. אין קורצע פעלצלער, שלאַנקע און שעהנע, דרעהען זיך ארום מיט שטעקלעך אין האַנד. און אַלעס איז אַזוי פרעמד און וויים.

אַבגעשטיעגען אין האָטעל, ארומגעוואַשען זיך, מילך געטרונקען, איז זי איינע אליין ארויס אין גאַס.

די נאַכט איז שטיל געווען. מען האָט געהערט ווי די שטערען שפּאַציערען איבער די רוקענס פון די הויכע בערג. פון די געבירג אַראָב האָט געבלאָזען אַ קאַלטער ווינד. דער שנעע האָט זיך געריבען אין דעם ליכט פון די שטערען, און די טונקעלע הייזלעך האָבען זיך בעהאַלטען אין די גרינע טונקעלע נאָדעל־בוימער ביי די פיס פון די בערג. וואָס אַמאָל האָבען זיך די ליכטלעך אויסגעלאָשען אין די פענסטער און דאָס גאַנצע שטעדטעל האָט זיך געבאָרגען אין פינסטערן. קיינער איז שוין אויף די געסלעך נישט געווען, נור זי איינע אליין האָט זיך ארומגעדרעהט אַ פרעמדע צווישען די הויכע פרעמדע בערג. און צו וואָס איז זי אהער געקומען? — זוכען ליעבע... איהר געליעבטער זיצט דאָרט ערגעץ טיעף אין די הויכע בערג, און זי איז דאָ איינע אליין אין דער פרעמדער נאַכט, אויף דעם פרעמדען אָרט... און וויים ער, אַז זי זוכט דאָ, אַז זי האָט איהם געבראַכט איהר יוגענד, איהר ליעבע, איהר וואַרימע נשמה? אַלעס, אַלעס קעהר צו איהם — אַז צוליעב איהם האָט זי אַוועקגעוואָרפען איהר פאָטער׳ס היים, ליעבע, איבערגעבענהייט און זי האָט זיך איהם איינגאַנצען געבראַכט? — און צי וועט ער דאָס צונעהמען?

איהר לעבען נור איהם, און ער אליין קען איהר געבען רוה און גליק. און זי וועט זיך אוועקזעצען ביי איהם אין ווינקעל אריין, דען קיין אנדער היים אויסער זיין ווינקעל האט זי נישט. פון פאטער איז זי אוועק און צוריק אהיים קומען קען זי נישט און וועט נישט... אהן קאוואלסקי'ן האט זי נישט וואס צו זוכען אין לעבען. איהר גליק און רוה ליגט ביי איהם — וועט זי איהם בעטען, שנארען ביי איהם שטיק־לעך גליק, ווארום דארט אהין קעהר זי... (זי האט זיך אבגעשאקעלט בשעת מעשה פון דעם געדאנק און געוואוסט ביי זיך, אז זי וועט עס נישט קענען — גלייכער דער טויט). אין וואגאן איז טונקלער גע־ווארען. די געגענד אין דרויסען האט זיך אנגעהויבען צו טוליען אין נאכטליכען שאטען. א קאלטער ווינד האט געבלאזען. מ'האט זיך גענעהנטערט צו די בערג. וואס ווייטער איז איהר די געגענד אונבע־קאנטער און פרעמדער געווארען. — צו וועמען וועט זי זיך ווענדען? וואו וועט זי איבערשלאפען די ערשטע נאכט? — זי פרעגט די דאמען מיט די הערדען, וואס זיצען מיט איהר אין וואגאן צווייטער קלאס, אויב זיי קענען איהר ניט רעקאמענדירען א פאמיליען־האטעל אדער א פענסיאן אין זאקאפאנע. זי פרעגט זיי אויף רוסיש — די געזעל־שאפט רעדט פויליש, און פויליש איז דאך עהנליך צו רוסיש — ענטפערט מען איהר נישט. זי פערשעהמט זיך און פרעגט אויף דייטש. דער הערר קוקט זי ביז אן און רעדט עפעס אויף פראנצויזיש, אז אין פוילען דארף מען ריידען פויליש. זי דערשרעקט זיך און שווייגט. אין ווינקעל זיצט א יונגער־מאן. ער רעדט עפעס צו דער געזעלשאפט אויף פויליש, זעהט זיך אוים, עס פערדריסט איהם, — און ער ווענדעט זיך צו איהר אויף א גוטען רוסיש: יא, ער קען איהר רעקאמענדירען. אויב זי קומט נישט אויף לאנג קיין זאקאפאנע, איז דאס בעסטע אין א פענסיאן. אויב זי האט וועמען אין זאקאפאנע — ער וואהנט שוין דארט א שטיק צייט און קען אלעמען. מערי איז איהם זעהר דאנקבאר. זי קלערט א מינוט און שלאגט זיך אין דער דעה, צום סוף פרעגט זי דאך, אויב ער קען נישט קאוואלסקי'ן. — דעם מאלער? יא, ווער קען איהם נישט? משוגע, — זיצט די גאנצע צייט אין א פערווארפען דארף, ביי א פויער, אין די בערג — ביי „טשערוואני דוואר“. זעהר זעלטען קומט ער אין שטאדט אראב. ווי אזוי מען קומט אהין צו איהם? גאנץ איינפאך — א פיהרער וועט זי אהין פיהרען ביז ארויף.

זי האָט זיך אין דער שטיל ווייטער איינגעפּאַקט.

— וואו אהין ווילסטו? וואָס ווילסטו טהאָן? — האָט זיך די מוטער געבעטען ביי איהר.

מערי האָט געשוויגען.

זי האָט בעשטימט צו פאָהרען נאָך זאַקאָפּאַנע, צו קאָוואַלסקי'ן. זי האָט געפיהלט, עס איז דער איינציגער, ריכטיגער וועג וואוהין זי קען.

---

קאַפּיטעל 12.

## פוילען.

זי איז געזעסען אין וואַגאָן, ארום איהר פרעמדע מענשען, וואָס האָבען גערעדט אין אַ שפּראַך וואָס זי פערשטעהט ניט — פּויליש. עס האָט אָנגעהויבען צו טונקלען און די באַהן האָט זיך דערנעהנטערט אין די בערג אריין. פון דערווייטענס האָבען זיך שוין בעוויזען די הויכע בעשנעעטע בערג: „געבאָנט", דער „רויטער האָרן". זייער שנעע האָט זיך געטוקט אין דער גליהענדער, אונטערגעהענדער זונן און זיי האָבען געוואָרפען פון זיך צוריק אַן אבשיין, וואָס האָט בע־לויכטען מיט אַן אויסטערליש רויטליך ליכט די גאַנצע געגענד.

מערי האָט זיך געפיהלט פעראיינזאַמט און פערלאָזען. זי האָט נישט געוואוסט וואו אהין זי פאָהרט און צו וועמען זי פאָהרט. — וועמען האָט זי? — וואָס וועט זי איהם זאָגען? — און אפשר איז ער שוין ווייט פון איהר? — נור עס איז איהר אַלץ איינס געוועזען. דאָרט אהין האָט זי געצויגען. זי האָט קיינעם ניט אין דער וועלט נור קאָ־וואַלסקי'ן, צו איהם קעהר זי און ביי איהם מוז זי זיך געפינען. דאָס איז איהר ריכטיגער וועג, און דאָס זעהט זי, און אַלעס אנדערע, וואָס זי האָט געטהאָן ביז יעצט, איז געוועזן כדי איהם צו פערגעסען, און פער־געסען האָט זי איהם נישט געקענט. זי האָט זיך אָבגענאַרט, אָבגע־נאַרט און פאָרט זיך נישט געקענט אָבנאַרען... און ווען ער דאַרף זי גאָר נישט? — זי האָט נישט געוואָלט קלערען דערפון. זי וועט אַהין געהן צו איהם ווי אַ ווייב צו איהר מאַן, ווארום זי האָט גאָרנישט אין

לעבען, נאך גאר נישט געלעבט און איהם אלעס אוועקגעשאנקען... מאכט מיך נישט אומגליקליך.

מערי האט געשוויגען, געמאכט א שלעכטע גרימאסע און געריסען די האנד פון איהר.

מאדאם אדלער האט זיך ווי ערוואכט, דערמאהנט זיך וואס זי טהוט, אבגעלאזט איהר די האנד און געווארפען אויף איהר א פער־אכטענדען בליק, ווי דאמאלס ווען מען האט איהר צום ערשטען מאל פארגעשטעלט מערי'ן. איהר געזיכט איז ווידער שטאלץ און שעהן געווארען. זי האט זיך געגעבען א ציה אויס אין גאנצען, איהר הויכע ברוסט האט פריי אבגעאטהעמט, ווי עס וואלט גארנישט געווען און איז ארויס פון שטוב מיט א שמייכעלע, גענייגט לייכט מיט'ן קאפ און געווארפען א פעראכטענדען לעכעלן צו מערי'ס עלטערן, וועלכע זיינען געווען אין צווייטען צימער. און איז ארויס אהן צו זאגען א „זייגעזונד".

אויפ'ן וועג האט זי געטראכט, אז זי מוז זעהן צו פערנעהמען אין איהר קינד'ס הארץ דאס ארט, וואס מערי פערנעהמט, צו געווינען זיין ליעבע. און זי איז שטאלץ געווען אויף דער אויפגאבע און עס האט איהר אייגענטליך הנאה געטהאן אויף דעם, וואס איז געשעהן, ווארום זי איז אייפערזיכטיג געווען אויף מערי'ן פאר איהר קינד'ס ליעבע...

* * *

— און וואס וועט זיין דער סוף? — האט דער פאטער גע'טענה'ט צו מערי'ן, ווען מאדאם אדלער איז אוועק — מאכסט דאך אונז אלע אלט און גרוי. טרייבסט דאך אונז אין דר'ערד אריין, — האט ר' חיים זיך שוין נישט געקענט איינהאלטען — וואס ווילסטו פון אונז?... טהו דיר וואס דו ווילסט און לאז מיך אב! — מיט די ווערטער איז ער ארויס פון צימער.

מערי האט געוואוסט, אז איהר פאטער, וואס איז זעלטען ארויס פון געדולד און איז געווען גלייכגילטיג צו אלעס, איז געווארען גע־קרענקט פון דער סצענע וואס זי האט געמאכט. עס האט איהם שוין טיעף אנגעריהרט און זי האט בעשטימט ביי זיך לאנג נישט צוריקצר־קומען צו איהרע עלטערן.

בקשה: „מאך מיר נישט אומגליקליך מיין קינד!“ אבער דאס האט זי מיט אויגען געזאגט, נישט מיט'ן מויל. ווען דאס שווייגען האט לאנג אנגעהאלטען און מערי האט שוין עטליכע מאל א קרומע גרי־מאסע געמאכט איבער דער אונאנגענעהמער סצענע, און ענדליך זיך אויפגעהויבען פון איהר ארט און געוואלט ארויס פון צימער, האט זי מאדאם אדלער אנגעכאפט ביי דער האנד, געשוויגען און גע־קוקט גליך אין די אויגען אריין.

מערי האט זיך געלאזט האלטען ביי דער האנד, און מאדאם אדלער האט אויסגעשטאמעלט די ארימע ווערטער: „מאך מיר נישט אומ־גליקליך מיין קינד“, אויף וועלכע מערי האט פער'עקשנ'ט געשוויגען.

אז מאדאם אדלער האט זיך בערוהיגט, האט זי געזאגט אין א שטילען טאן

— איך ווייס, אז א פרוי'ס הארץ קען מען ניט צווינגען, אבער איהר האט מיין קינד געצוואונגען צו זיך. ער וועט עס נישט איבער־טראגען.

דערויף האט מערי אויף שטיל און שווער געענטפערט:

— עס טהוט מיר לייד, אבער אלעס וואס איך האב געהאט צו געבען אייער זוהן, האב איך איהם געגעבען. מעהר קאן איך נישט.

ביי מאדאם אדלער האט געציטערט דער גאנצער געזיכט. אין איהרע אויגען האט זיך אנגעצונדען א שטאלצער גלאנץ פון איהר ווייבערישעס, וועלכעס זי האט ענטזאגט זיך פאר איהר קינד'ס ליעבע. איהר געזיכט איז רויט געווארען, יונג און שעהן. זי האט אבגעלאזט מערי'ס האנד און געוואלט אוועקגעהן אהן ווערטער, אבער זי האט זיך דערמאהנט אן איהר קינד, ווי ער ליעגט א פערשמאכטער אין דער היים און ער וועט אויסגעהן. איהר גאנץ פערשפיעלטעס לעבען האט זי פאר זיך געזעהן, און נישט קלעהרענ־דיג וואס זי טהוט, נור ווי איינער וואס טרינקט זיך און וויל זיך ראטעווען האט זי געכאפט מערי'ס האנד, בעדעקט מיט קושען און מיט טרערען און אנגעהויבען צו בעטען זיך ווי א הונגעריגער וואס בעט ברויט:

— האט רחמנות, האט רחמנות... מיין גאנץ לעבען האב איך אוועקגעגעבען מיין קינד. איך האב קיין הנאה נישט געהאט פון מיין

פיינר געהאט — אייפערזיכטיג געווען פאר איהר קינד'ס ליעבע, נור קיין אנדער עצה האט זי זיך נישט געקענט געבען. יעצט האט זי געזעהען, ווי דאס לעבען פון איהר קינד ליעגט אין א האנד פון א ווילד מיידעל און זי קען טהאן דערמיט וואס איהר ווילט זיך — מיט איהר גאנץ לעבען, איהר האפנונג, איהר פערגאנגענהייט און איהר צוקונפט. און זי האט בעשטימט ביי זיך אויף גארנישט צו קוקען, נישט אויף ערעלקייט, נישט אויף שעהנקייט, נישט וואס עס פאסט און וואס עס פאסט נישט, און צו ראטעווען איהר קינד'ס לעבען. זי האט נישט געקענט צוזעהן איהר קינד'ס ליידען, דער אינסטיקט פון א מוטער האט זיך ערוועקט אין איהר. זי איז ארויס פון צימער, זיך פלינק אנגעטהאן און איז אוועק צו מערי'ס עלטער'ן.

מערי'ס עלטערן האבען פון גארנישט געוואוסט און זיי האבען זיך זעהר פערוואונדערט צו זעהן די שטאלצע מחותנת'טע וועלכע האט זיי ביז יעצט אויסגעמידען, ניט־וועלענדיג איהר קינד שטערען, ביי זיי אין שטוב אן אויפגערעגטע, מיט פערוויינטע אויגען און בעטענ־דיג זיך: „וואס האט איהר געמאכט אוים מיין קינד!" — ר' חיים האט נישט געוואוסט וואס צו ענטפערען און אריינגעקלאפט צו דער טאכטער:

— מערי, קום אריין, די מחותנת'טע איז דא. זעה, ווער עס איז געקומען.

מערי האט זיך אבער נישט אבגערופען. נאך א לאנגע צייט, ווי זי האט געלאזט אויף זיך ווארטען און איז נישט ארויסגעקומען, האט עס שוין מאדאם אדלער ניט אויסגעהאלטען און זיך אריינגעריסען צו איהר אין צימער אריין. זי האט געטראפען מערי'ן איינגפאקען זיך. מערי האט זי אנגעקוקט פערפערעמדט און צוערשט זי נישט דער־קענט. זי איז געוועהנט צו זעהן די מחותנת'טע שטענדיג אין גרעס־טען עלעגאנץ, ווי יענע קוקט אויף איהר עטוואס פון דער הויך, גלייך עס וואלט איהר נישט געפאסט דער שידוך, און דא האט זי פאר איהר א צובראכענע פרוי, איינפאך אנגעטהאן, מיט פערוויינטע אויגען. מערי האט זיך אוועקגעזעצט, ווי ווארטענדיג, און פארגעסען צו בעטען די מחותנת'טע זיצען.

מאדאם אדלער האט געשוויגען, נור א שטראם טרעהרען האט געגאסען פון איהרע אויגען און געקוקט האט זי אויף איהר מיט גרוים

הערר אדלער האָט געקריעגען דעם בריעף ביים אַנטהאָן זיך צו געהן צו מערי'ן.

דער יונערמאַן איז בלייך געוואָרען, ערציטערט, ווי אַ ווינד וואָלט איהם דורכגעטרייסעלט. ער האָט גאַרנישט געזאָגט, איז אריין צו זיך אין צימער, פערשלאָסען די טהיר נאָך זיך און געוואָרפען זיך אויף דער זאָפע.

די מוטער זיינע, וועלכע האָט שטענדיג אויפגעוואַכט אויף איהר שוואַכען בן־יחיד און בעהאַנדעלט איהם נאָך ווי אַ קינד, איז אריין צו איהם אין צימער און, דערזעהן ווי איהר קינד ליעגט אַ ליידענדער אויף דער זאָפע מיט אַ בלייך שוואַך געזיכט, האָט זי אַ גרויס רחמנות אָרומגענומען אויף איהר בן־יחיד. זי איז געוועהנט געווען אַז איהר קינד זאָל קיינמאָל, קיינמאָל גאַרנישט פעהלען. זי האָט נישט גע־פּרובט צו איהם ריידען, איהם צו פרעגען — האָט זיך נאָר געבויגען איבער זיין קאָפּ און אריינגענומען זיין געזיכט צו זיך, ווי מען נעהמט אריין אַ קינד, געקושט איהם, געוויינט און געשוויגען. זי האָט איהם נישט געפרעגט וואָס איז געשעהן — זי האָט אַלעס פערשטאַנען.

דער יונגערמאַן האָט ארויסגעקרעכצעט פון דער מוטער'ס אָרעם ווי אַ קראַנק קינד: „מאַמע, אהן איהר וועל איך נישט קענען לעבען".

די מוטער האָט עס געוואוסט. זי האָט געקענט איהר בן־יחיד. דער פאָטער זיינער איז אויך געווען אַ שוואַכער און איז יונגערהייט גע־שטאָרבען איבערלאָזענדיג איהם אַליין.

אַ יונגע אַלמנה איז זי געווען און שעהן און רייך און האָט גאָר־נישט נאָך פון איהר לעבען געהאַט. אַ וועלט האָט זיך געשדכנ'ט צו איהר, נור זי האָט בעשטימט אוועקצוגעבען איהר לעבען פאַר איהר קינד — האָט זי פון אַלעס זיך אָבגעזאָגט און איהר לעבען אוועק־געגעבען איהר קינד. דעם יונגענמאַן האָט ערצויגען ליעבע. שטענדיג האָט איבער זיין נשמה געציטערט דאָס רחמנות'דיגע האַרץ פון אַ מו־טער, און ער איז אויפגעצויגען געוואָרען אַ ציטערדיגער און פער־וויינטער. די מוטער האָט געוואוסט, אַז דאָס קינד איהרס, וועלכען מען האָט גאַרנישט אָבגעזאָגט אין זיין לעבען, אַז דאָס קינד איהרס וועל־כעס איז אַ קינד געבליעבען און מיט קינדערשע ליעבע זיך צוגעבונ־דען צו מערי'ן, וועט עס ניט איבערטראָגען. זי האָט שוין לאַנג בע־מערקט, אַז מערי איז אַן אונגליק פאַר איהר קינד און זי האָט מערי'ן

רויש, און פלוצלונג — עס פערבויגט זיך פאר איהר א יונגער־מאן, מיט א ווייס־אבגעקריידט געזיכט: „שעהנע מאסקע, קום מיט מיר אין טאנץ!“ — זי וויל אבזאגען, נור דער יונגער־מאן מאכט אזא בעטענדע מינע, קוקט אזוי שארף מיט די אויגען און האלט די הענד אויסגעשטרעקט: „שעהנע מאסקע, זאג נישט אב!“ — זי שמייכעלט און לאזט זיך מיט איהם אין געדרעה אריין. ער פיהרט זי לייכט ווי געשוועבט און קוקט איהר גלייך אין די אויגען אריין: „שעהנע מאסקע, ביזט אזוי לייכט ווי א פעדערעל און דיינע פיס ריהרען נישט די פארלאגע אן. שוועב, שוועב, שעהנע מאסקע — עס איז א פער גניגען צו זעהן דיינע הענד און דיין לייכטען קערפער“. זי שמייכעלט און זי דרעהט זיך ווייטער און טאנצט. — „שעהנע מאסקע, מאכסט ווילד און משוגע. טאנץ, טאנץ, טאנץ! ווארום די זיננסט מיט דיין טאנץ“...

---

## קאפיטעל 11.

# אוים שידוך.

צו מארגענס האט הערר ארלער געקריגען פון מערי'ן פאלגענדען קורצען בריעף:

„בעסטער הערר!

„די פערלאבונג צווישען אונז האט צוזאמענגעבראכט נישט אונזער טיעפע סימפאטיע איינער צום צווייטען, נור אונזערע עלטערן'ס אויסגערעכענטקייט און אינטערעסען. דורכדעם האלט איך פאר גלייך, ווען מיר זאלען זיך אויפהערען צו בעטראכטען פאר חתן־כלה, כאטש אייער אויפריכטיגע פריינדשאפט און טיעפע איבערגעגעבענהייט צו מיר ערוועקען אין מיר אנגענעהמע עראינערונגען. איך דאנק אייך דערפאר. זייט מוחל פאר אויפריכטיגקייט.

די דאנקבארע מערי.

אום צו פערמיידען יערע אונאנגענעהמליכקייט, וואס קען ארויסקומען ביי אונזער ביידענס־צוזאמענטרעפען זיך, פאר אונז ביידע — פערלאז איך נאך היינט בערלין“. מ.

בעקאַנטע. „האַלאָ! אומדרעהען, אומדרעהען, צום זאָאַלאָגישען גאָרטען, צום זאָאַלאָגישען, צום „רוסען־פעסטו!“

* * *

זיי זיינען אריין אין אַ געשריי פון פארבען און טענץ. עס איז שוין געווען אין מיטען שפּיעל און דער עולם איז צואווארעמט געווארען פון טאַנצען און פרייד. עס איז געווען יוגענד, וואָס האָט דאָ געטאַנצט. אונ'רחמנות'דיג האָבען זיי אָבגעשטופּט פון זיך אַלעס, וואָס איז נור עלטער געווען און אָבגעשטאַנען פון לעבען — זיצען געלאָזט אויף די בענק ארום די ווענד, און ווער עס האָט נור געקענט אין קאָן אריינשטעלען יוגענד, לעבען און ליעבען — דער האָט געטאַנצט, געפּרעהט זיך און געזונגען. אַלעס איז געווען פערשטעלט, מיט טעם און אָהן טעם, — נור דאָ האָט מען נישט גענומען די מענשען בעזונדער, נור אַלע אינאיינעם. שכור'ע גריבישע „געטער“, פּאַאונען און באַקבוסען, פערקליידעט אין וויינטרויבען און אין בלעטער, האָבען געיאָגט די האַלב־נאַקעטע פעען צווישען דעם עולם ארום. רוסישע מיידלעך אָנגעטהאָן אין רוסישע קאָסטיומען, אויסגעמישט מיט צירק־קלאָונען, האָבען זיך געדרעהט אין טאַנץ. מערי האָט זיך אריינגעכאַפּט אין אַ ווינקעל, פערשטעלט דאָס פּנים אין אַ מאַסקע און האָט זיך צוגעקוקט צום שפּיעל, ווי די פּאָרלעך דרעהען זיך פאַר איהר. דער חתן איז אוועק ברענגען בעקאַנטע, און באַלד איז ער טאַקע אָנגעקומען מיט אַ כאַליאַסטרע יונגע לייט, אידישע רייכע בחורים, וואָס לערנען זיך אין אויסלאַנד, מיט גוטזיצענדע רעק און נארישע, געגאָלטע געזיכטער. זיי האָבען געוואָלט צו צו מערי'ן, נור מערי האָט אוועקגעקוקט אין אַ זייט, און דער חתן האָט פערשטאַנען איהר בליק, אז זי וויל זיך נישט מיט קיינעם בעקענען, זי וויל זיין אַליין — האָט ער צוריק אוועקגערופען די יונגע לייט.

זי איז געזעסען ווי אויף אַ פרעמדע חתונה. זי האָט נישט פערשטאַנען צו וואָס און נאָך וואָס איז די פרייד. אָ, זי וואָלט אויך געוואָלט מיט אריין אין דעם טאַנץ, פערגעסען זיך און אָנטרינקען זיך מיט געזאַנג, פארב, וויין און פרייד. איהר גאַנצע יוגענד האָט געלעבצט נאָך דעם געוויש. זי האָט געוואָלט מיטטאַנצען, נור עס איז גאָרנישט געווען אין איהר לעבען אזעלכעס, וואָס זאָל זי מיטשלעפּען אין דעם

בעללער, מוזיק, טהעאטער, סאלאנען, — גאט, ווי לאנגווייליג!... איז איהר טאקע אין איהר לעבען שוין גארנישט מעהר בעשערט, נור דער „שטילער שאטען?“ און וואס האט זי אין איהר לעבען אויסער דעם „שאטען“, וועמען? און ווענען קען זי ליעב האבען?... אה, מישא איז ווייט און מיט אן אנדערע, און קאוואלסקי, — יא, ער איז געווען אינטערעסאנט, אינטערסאנט נור טיילמאל. שעהן איז זיין פנים געווען ווען ער האט געמאתלט. דאן איז ער געווען אין א סוד... האט ער זי מיטגענומען אין זיין סוד? ניין, ער קען קיינעם נישט מיט־נעהמען אין אזא סוד, ער מאהלט שטענדיג. ער האט אזא פנים, ווי ער וואלט שטענדיג געווען אין אן אנדער וועלט, אין א שעהנערע, אין א אינטערעסאנטערע... אה, ווען ער וואלט זי יעצט אין זיין וועלט מיטגענומען, געוויזען איהר דעם אייביגען הימעל, וואס שיינט אין זיין אנדערע וועלט, וואס מאכט גליקליך די מענשען, וועלכע קוקען אויף איהם... ניין, אין זיין וועלט וואלט זי אפשר קיינמאל נישט אריינגע־גאנגען. און אפשר וואלט עס פאר איהר גארנישט אינטערעסאנט געווען... און ער איז ווייט יעצט, ווייט און מיט אן אנדערע. און פאר איהר איז גארנישט איבערגעבליבען, נור דער שטילער „שאטען“ דא, וואס זיצט נעבען איהר, וואס ווייסט זיך ווי אנצוטהאן, ווי צו האלטען זיך אין א פיינעם רעסטאראן און מאכט נישט קאליע די שטימונג, קען שווייגען און ווייסט אלע פערגניגונגס־ערטער — און דאס איז אלעס, אלעס, אלעס... און אויף דעם האט זי דאס געוואַרט, גע־ווארט מיט גליהענדע בענקשאפט צייט זי איז רייף געווארען?... ניין! עס קען נישט זיין!... עס מוז נאך עטוואס אנדערש זיין! אן אנדער וועלט ווארט נאך אויף איהר. יא, דאס הארץ זאגט איהר... אז נישט — איז נישט ווערטה דאס לעבען!...

שלאפען האט זי יעצט נישט געוואלט. דאס בוך, וואס זי לעזט יעצט אין דער היים, איז א פראנצויזישער ראמאן. נור וואס געהט איהר אן וואס קארמען — די העלדין — די העלדין פון ראמאן — טהוט יעצט? וואס געהען איהר יעצט אן פרעמדע לעבענס און פרעמדע ראמאנען?... יא, זי וויל פאהרען אויף דעם רוסישען באלל. עס איז נאך נישט שפעט, ניין. עס איז א מאסקען באלל? פון וואנען וועלען זיי מאסקען נעהמען? עס איז שוין נאך צוועלף. איבריגענס, וועט ער זעהן דארט ביי דער קאסע צו קריגען מאסקעס, ער האט דארט

שפאנישע מיידעל בלייבט שטעהען אויף איין ארט. דעם קאפ ארונטער־געווארפען מיט א שטאלצען בליק, מיט אז אויפגעהויבענער האנד ווייזט זי איהר פולע, שלאנקע פיגור, איהר רייצענדעם שעהנעם פוס. דער שפאניער הויך, ווייך־שלאנגענדיג זיך ווי א ווינד וואס יאגט אזוי, טאנצט ארום איהר. זיין גאנצע ליידענשאפט זאגט ער אויס אין די ריטהמען פון זיין בעוועגליכען קערפער. ער בעט, און שמעקט ארום איהר ווי א הונד, בויגט זיך און טאנצט. אמאל ווערט זיין טאנץ שטיל מיט געבעט און אויסגעצויגענע תאוה, — אמאל מיט שטורם, ווי מיט געוואלד וואלט ער זי געוואלט נעהמען. עס שלאגט איהם אב איהר שטרענגער, שטאלצער בליק. און די מיידלעך ארום די טי־שען מיט די שווארצע, אונטערגעפארבטע אויגען און ברעמען, מיט די רויט־בעפארבטע ליפען און אוננאטירליך געפוצטע נעגעל קלייבען זיך ארום דער פארל. די אויגען בלישטשען און פון די קערפערס יאגט א ווארימער אטהעם. וויין און טאנץ לויפען אין זאל ארום. עס ווערט איהר הייס און אונערטרעגליך. דאס הארץ קלאפט איהר. זי וויל אין גאס ארויס = פרישע לופט! פרישע לופט!..

געקומען אויף דער גאס ארויס. די נאכט איז פריש, די לבנה בע־וויזט זיך אומגעריכט אויף די דעכער. גאט! אזא זעלטענער גאסט אויף דער גאס, שוין באלד געהאט פערגעסען אז עס איז דא אזא לבנה. וואס ווייטער? וואו אהין? עס איז נאך דא א רוסישער באלל, א סטו־דענטען באלל = דער לעצטער פון האי־יאהריגען סיזאן. זיי קענען אהין. — טאנצען? — ניין. זי וויל נישט זעהן קיין מענשען. זי וויל אהיים.

אין אויטאמאביל נעהמט זי ארום א שרעק פאר דער איינזאמקייט פון איהר צימער. זי איז דאך ערשט ארוים פון דארטען... גאט! וואס וועט דער סוף זיין? אזוי ווייטער, ווייטער, דאס גאנצע לעבען אזוי, דאס גאנצע לעבען — ווי טרויעריג און לאנגווייליג!...

און זי הויבט אן צו קלערען פלוצלונג וועגען א תכלית און בע־טראכט פון א זייט, ביי דער שיין פון דער לבנה איהר „בעשערטען". שטענדיג אזוי נעבען זיך דעם שטילען שאטען (זיין פנים איז ביי דער לבנה־ליכט בלייך געווארען און מיער), דאס גאנצע לעבען נעבען זיך — אין אויטאמאביל, אין סאלאן, אין שלאפצימער — דעם שטילען שאטען, ביז צום לעצטען אויגענבליק, ביז צו די אויגען צומאכען... און —

זיי האָבען זיך אויסגעזוכט אַ בעהאַלטענעם טיש אין אַ נישע. אַן אַלטער גרויער קעלנער האָט זיך בעוויזען אַזוי לייכט און אַזוי שטיל ווי אַן ערשיינונג.

„אויסטערן?“ — ניין, זי האָט זיך נאָך נישט אויסגעלערענט צו שלינגען דאָס „לעבעדיגע“ אונטער דער צונג. — קאַוויאַר. און נישט קיין שאַמפּאַניער — זי וויל נישט היינט אויפגערוימט זיין. אַ לייכטען פראַנצויזישען ווייסען ווײַן — נור זעהר, זעהר קאַלט.

די מוזיק שפּיעלט און זיי זיצען ביידע אין אַ ווינקעל אין אַ טיעפער קאַנאַפּע. די ליכט ברענען פאַר זיי יום־טוב'דיג. געגענאיבער זיי זיצט אַ צווייטע פּאָר — אַן עלטערער הערר, נור אַ געזונדער און אַ פרישער, זעהט זיך אויס אַן אַמעריקאַנער, מיט אַ יונג־יונג מיידעל. עס קען זיין זיין טאָכטער, און עס קען זיין אַ געליעבטע. און דאָס מיידעל קוקט דעם מאַן מיט ליעבע אין די אויגען, און דער הערר איז אויפגערוימט און רעדט צו איהר מיט אַ שמייכעל און זעהר בעליעבט. זעהט זיך אויס, ער מוז איהר עפּעס דערצעהלען זעהר פרעהליכעס, איבער וועלכען דאָס מיידעל פרעהט זיך און ווייזט ארויס איהרע שעהנע, ווייסע, אַמעריקאַנער ציינער.

מערי האָט זיי ביידע מקנא געווען און האָט אַ מינוט געקלערט, אויב זי וואָלט געקענט ליעבען דעם אַלטען געגענאיבער. יאָ, — ענטפערט זי זיך. ער איז גענוג שעהן און שטאַרק. און זי וואַרפט אַ בליק אויף איהר חתן, — ווער איז ער? און וואָס טהוט זי איבערהויפּט נעבען איהם? גאָט, ער איז דאָך איהר אַזוי פרעמד. און וואָס געהט זי מיט אַ פרעמדען יונגען־מאַן, אַ לאַנגווייליגען, איבער רעסטאָראַנען ארום? — זי האָט אָבגעגעסען שטיל־שווייגענדיג, און דער יונגער־מאַן האָט אויך מורא געהאַט אַ וואָרט אויסצוריידען. — „נור אפשר דאָך שאַמפּאַניער...“ און וואָס ווייטער? וואו אהין? אין דעם קליינעם באַר אויף „נאַלענדאָרפער“ איז נאָך צו פריה. — אין קינעמאַטאָגראַף „אונטער דען לינדען“ און דערנאָך אין „נאַלענדאָרפער באַר“. די שפּאַניער טאַנצען. און ווידער זיצט זי אין אַ ווינקעל, אין אַ רויט־לאַקירטען, טיעפען שטוהל. דאָס ליכט איז געדעמפּט, די מוזיק שפּיעלט שלעכט, שרייענד און דאָס שפּאַנישע פּאָר האַלטען זיך צונויפגעפּרעסטע איינס צום צווייטען און טאַנצען. דאָס ליכט דעמפּ־פער, די מוזיק שטילער, אינטימער, און דאָס פּאָר לאָזט זיך אָב. דאָס

מיט איהם? — און ער איז גליקליך, אז ער זיצט נעבען איהר, בעקוקט זיך זיינע נעגעל און אַ גליקליכער שמייכעל שיינט איבער זיינע געֿגאַלטע ליפען. אפשר איז יאָ עפּעס בעהאַלטען הינטער דעם וויים־געפּרעסטען העמד מיט די פּערל־קנעפּ. אפשר איז יאָ עפּעס דאָ הינטער די שטראַהלענדע קליינע אויגען. עפּעס ליגט דאָרט יאָ בעהאַלטען אַ סוד — נור עס אינטערעסירט זי נישט. טיילמאָל וואָלט זי איהם געוואָלט פרעגען: ווער איז ער? וואָס איז זיין פערגאַנגענהייט? וואָס האָט ער געקלערט ביז יעצט? — נישט ווייל עס איז איהר אינטערעסאַנט, ווייל עס געהט איהר אָן זיין לעבען, נור גלאַט אַזוי, אויס טשיקאַוועס — נור זי פיהלט זיך צו איהם אַזוי פרעמד, אז זי קען איהם נישט פרעגען.

עס ווערט נאַכט, אַ קאַלטער ווינד בלאָזט. מערי וויקעלט זיך איין שטאַרקער אין איהר מאַנטעל. ער בעמערקט עס — אַלעס בעֿמערקט ער אין מערי'ן. איהרע האָהר ציטערען ארוים פון איהר טהעֿאַטער קעפּקע.

— זאָל מען צוריקפאָהרען?

— יאָ.

— וואו עסען?

— דאָרט אין דעם קליינעם סאַלאָן „אונטער דען לינדען“, ווי שטענדיג. יאָ, דאָרט איז געמיטהליך, שטיל, און די קעלנער געהען מיט שטילע טריט.

— אונטער דען לינדען! — בעפעהלט ער דעם שאָפער.

דער טהיער־גאַרטען איז שוין אין נאַכט געהילט. די לאַמפּען בלישטשען פון איהם ארויס ווי אויגען. פאַר'ן בראַנדענבורגער טויער איז אַ גרויסער פערקעהר. עס ווייזט זיך דורכ'ן טויער צוויי שערענֿגעס ברענענדע עלעקטרישע לאַמפּען. „אונטער דען לינדען“ טונקט זיך אין ליכט. מענשען שטעהען פאַר די גרויסע שוי־בענסטער. — דער אויטאָמאָביל האַלט פאַר אַ קליינעם איינגאַנג פון אַן אַלט־ווינער רעסטאָראַן.

די מוזיק אין אַ ווינקעל שפּיעלט אַ לייכטען וואַלצער. די לאַמפּען ברענען זיך ווי יום־טוב, די טישען — וויים געדעקט, און די אַלטע, גרויע בכבוד'ע קעלנער שטעהען אין די ווינקלען.

געפיניגט האָט דאָס אויג די גלייכהייט, די סימעטרישע ליניע פון די בוימער, ווי זיי וואָלטען דאָס געוואַקסען לויט קאָמאַנדע, ווי די דייטשע שוץ־לייט האָבען זיי געהייסען. נור אַ מעהרסטען האָבען געשטאַכען אין די אויגען די רויטע בלימלעך, וואָס זיינען געוואַקסען ביי די רעלסען פון די טראַמוואַיען. אַט די בלימלעך צווישען די אייזערנע שינעס אונטער די טראַמוואַיען, בעזייהט ביי ביידע זייטען וועג צווישען דעם אַספאַלט, האָבען דאָס אויג געשטאָכען, און מען האָט געהאַט דאָס געפיהל, ווי מען וואָלט קליינע קינדער אונטער'ן טראַמוואַי ארונטערגעלעגט. אַזאַ רחמנות האָבען ערוועקט די אָרימע בלימלעך ביי די רעלסען פון די טראַמוואַיען. מערי האָט אוועקגענומען איהרע אויגען פון זיי.

די „קאַרזאַ" איז נישט געווען קיין אינטערעסאַנטע. מעהר־סטענס האָבען זיך געיאָגט געשעפטס־אויטאָמאָבילען. און אַלע האָבען אויסגעזעהן ווי פון ווערטהיימער'ן — ווערטהיימער לויפט איבער די בערלינער גאַסען. זי האָט געקוקט אויפ'ן ברייטען הימעל, וואָס האָט זיך געעפענט פאַר זיי איבער די בוימער. דאָ זיינען שוין די בלויע וואָלקענס גרעסער געווען, און די זונן האָט זיך געקוילערט צווישען זיי, ווי אַ ליכט־באַלאָן וואָלט געשוואומען אין אַ וואַסער אין אַן עק האָרי־זאָנט...

דער הימעל איז איבער דער גאַנצער וועלט אינטערעסאַנט. און קען מען נישט אויף דער ערד זעהען — קוקט מען אין הימעל אריין. יעדער זונן־אונטערגאַנג איז גאָט'ס אַ מייסטערווערק.

און מערי האָט זיך מיט גרויס ליעבע צוגעקוקט, ווי די וואָלקען און די נאַכט־פלעקען, וואָס האָבען זיך אויפ'ן הימעל בעוויזען, שפּיע־לען זיך מיט דער זונן, ציהען זייערע פליגעל אויס און שלינגען זי איין... און זי שניידט זיך אַ וועג דורך צווישען זיי, בעהעלט זיי נאָך דורך דעם טונקעלען לייב מיט איהר ליכטיגער שיין און קוילערט זיך אַזוי לאַנג ביז זי פאַלט אין אַ לאָך הימעל אריין, וואָס איז דאָרט, נאָך די בוימער.

דער אויטאָמאָביל יאָגט זיך. שוין איז ער אריבער די בוימער, דעם גאָרטען. ער מיידט הייזער, גאַסען, טראַמוואַיען און מענשען אויס. מערי שווייגט, זי רעדט איבערהויפּט ווייניג צום יונגען־מאַן, וואָס זיצט נעבען איהר — וואָס געהט ער איהר אָן? און וואָס האָט זי

פערשטאַנען וועגען וואָס מען האָט גערעדט און זי האָט חשק געהאַט אויסצורופען צום חתן: „פון דעם וועט גאָר נישט זיין!" (זי האָט ליעב געהאַט מיט איהם זיך צו שפּיעלען און צו רייצען, ווי מיט איהרס אַ הינטעל), נור זי האָט זיך איינגעהאַלטען, זי האָט געוואָלט היינט פערברענגען דעם אבענד אין די רעסטאָראַנען — האָט זי נור געמאַכט אַ ברוגז'דיגע גרימאַסע, און אויף דעם יונגען־מאַן'ס געזיכט האָט זיך איבערגעצויגען אַ טרויער־וואָלקען.

די מוטער איז אריין פון צווייטען צימער מיט אַ גלעזעלע טהעע און געבעטען מערי'ן, אַז זי זאָל עפּעס נעהמען אין מויל אריין: „דאָס קינד איז נאָך ניכטערן, רוף דעם קעלנער!" אבער מערי האָט זי אָב־געהאַלטען מיט דער האַנד.

הערר אדלער האָט געבראַכט בילעטען אין דער אָפּערא — קאַרוזאָ זינגט — און איז געוועזן אין פראַק.

„ניין, אין טהעאַטער וויל זי נישט היינט פאָהרען, זי האָט קאָפּ־שמערצען. און דאָס וואָס ער איז אין פראַק, האָט ער גוט געטהאָן, ווייל זיי וועלען געהן היינט עסען אין „בריסטאָל", און דערנאָך וועט מען זעהן. דערווייל וויל זי זיך דורכפאָהרען מיט אַן אויטאָמאָביל ביז עס וועט נאַכט ווערען". — הערר אדלער האָט פערגניגט געשמיי־כעלט און געהאָלפען איהר ארויפוואַרפען איהר בראַקאַט רויטען מאַנ־טעל, אין וועלכען זי האָט זיך איינגעהילט, און האָט אין איהם אויס־געזעהן אזוי דין ווי אַ קינד.

דער אויטאָמאָביל איז געפאָהרען ארויף „אונטער דען לינדען" צום בראַנדענבורגער טויער. אויפ'ן פראַנצויזישען פּלאַץ ארום די רייכע האָטעלען זיינען געשטאַנען א סך רייכע אויטאָמאָבילען, און אַ שטיק בעוואָלקענטער הימעל האָט זיך ארויסגעוויזען פון טויער.

עס האָט געמוזט זיין נאָך אַ רעגען — די שטיינער זיינען נאָס געווען און דער הימעל וואָלקענדיג, כאָטש די זונן האָט זיך פּלוצלונג בעוויזען אַ מינוט פאַר איהר אונטערגאַנג. זיי זיינען ארויס פון בראַנדענבורגער טויער אין טהיער־גאַרטען, אויף דער ברייטע אלעע, וואָס פיהרט קיין שאַרלאָטענבורג צו ביסמאַרק־שטראַסע. עס איז שוין געווען אין מאַי, און דער גאַרטען איז געשטאַנען אינגאַנצען אין גריי־נעם. די בוימער גרין און די ערד פערשלאָסען אין אַספאַלט.

פארנאכט, ווען זי איז ארויס פון בעט און גענומען זיך אנטהאן, זיינען די ווייסע רויזען געלעגען אונטער איהר, ווי טויטע, קליינע פויגעלעך — די נשמה, וואס האט געלעבט צווישען זייערע בלעטלעך איז שוין נישט געווען. און די רויזען זיינען ווארעם געווען און געהאט אין זיך דעם דופט פון מערי'ס לייב...

## קאפיטעל 10.

## „טאנץ, שעהנע מאסקע, טאנץ...“

זי האט געוואלט היינט שעהן זיין. און ווי יעדעס מאל ווי זי פלעגט זיך פיהלען נאכ'ן אבליגען אין בעט א גאנצען טאג, האט זי זיך אויסגעפוצט אין איהר ווייס אטלעסען קלייד, שוין דא געמאכט, ענג און אויסגעגאסען אויף איהר לייב, או עס האט ארויסגעוויזען יעדע בעוועגונג און יעדע ריהר פון א מוסקעל. זי האט געוואלט היינט פארנעהם זיין, עסען מיטאג אין אן ערשט־קלאסיגען רעסטאראן, וואו די ליכט ברענען זיך יום־טוב'דיג און די קעלנער טרעטען מיט שטילע טריט אויף די ווייכע, פערסישע דיוואנען.

זי איז אריין אין צווייטען צימער און האט שוין געטראפען הערה אדלער'ן שמועסענדיג מיט'ן פאטער איהרען.

ה' אדלער איז געווען א זוהן פון רייכע אידישע עלטערען. זיין מוטער — אן אלמנה — האט ניט געוואלט דעם שידוך: די כלה האט צו וועניג נדן — דרייסיג טויזענד רובעל אינגאנצען, נור זי האט נאכ־געגעבען, ווייל איהר איינציגער זוהן, וועלכער איז תמיד געווען א שוואכער, א פערוויינטער, האט זיך איינגעליעבט אין דער מיידעל, און געוועהנט איז זי געווען איהם נאכצוגעבען פון קליינערהייט אן.

דער יונגער־מאן האט זיך נאך אלץ גע'שרכנ'ט, די תנאים זיינען נאך ניט געווען אפיציעל. האט מען דאס יעצט אבגערעדט מיט ר' חייב'ן, וואו מען זאל די תנאים שרייבען.

ביי מערי'ס אריינקומען האט מען דעם שמועס איבערגעהאקט און דער יונגער־מאן איז רויט און פערווירט געבליבען. מערי האט

אַטעם פון ליעבע. איהרע ברוסטען זיינען וואַרים געווען און גע־אַטהעמט ווי איהרע ליפּען, און איהר בויך אַזוי קאַלט, ווי די ווייסע רויזען וואָס זי׳ האָט געהאַלטען אין איהרע הענד.

זי האָט בעטראַכט אין שפּיגעל איהר יעדעם גליעד און יעדע איהרע בעוועגונג, געוואָרפען די שוואַרצע לאָקען איבער איהר לייב און זי האָט זיך ליעב געהאַט. דאָס אַלעס האָט געבענקט נאָך ליעבע — און עס איז קיינער, קיינער נישט געווען.

זי האָט געפיהרט איהרע פינגער צווישען איהרע האָהר און גע־פיהלט דעם ווייכען, עדעלען הויך, וואָס ליגט אויף די שפּיץ פינגער איהרע, ווי די נשמה וואָלט איהר אַרויסגעגאַנגען פון איהר אינערליכעם און געזעצט זיך אויף די שפּיץ פינגער איהרע, אויף די שפּיץ ברוסטען איהרע און בעהאַלטען זיך צווישען איהרע געדיכטע האָהר. אַזוי האָט דאָס אַלעס געאָטהעמט, געלעבט, געבענקט און געלעכצט נאָך ליעבע.

זי האָט געוואָלט קושען איהרע בריסטען, קיהלען זיי מיט איהר מויל, נישט געקענט — האָט זי זיי ליכט געשטרייפט מיט דער לייכ־טער אָנריהרונג פון איהרע הענד. זי האָט גענומען די ווייסע רויזען און צוגעריהרט זיי צו איהרע בריסטען. די רויזען זיינען קאַלט גע־ווען, יעדעם רויזענבלעטעל האָט זיך געהאַט אָנגעטרונקען מיט אָטהעם פון פריהמאָרגען לופט, פון רעגען און זונן — און די קאַלטע רויזען האָבען געקיהלט איהרע בריסטען. די ווייכע, ווייסע סאַמעט בלעטלעך האָבען זיך געעפענט, ווי עס עפענט זיך אַ מיילכעל פון אַ קינד און אַריינגענומען צווישען זייערע רויזען־לייבלעך די בריסטען איהרע און זי האָט געהאַט דאָס געפיהל, ווי אַן אונשולדיג קליין קינד קושט זי. אַזוי האָט זי געקיהלט מיט די רויזען איהר וואַרעם לייב.

זי האָט זיך געלייגט מיט זיי אין בעט אַריין. צוואָרפען די קאַלטע רויזען איבער איהר לייב און צוגעדעקט זיך מיט זיי — און זי האָט געהאַט דאָס געפיהל ווי אַ נשמה לעבט צווישען די בלעטלעך פון די רויזען און זיי קושען איהר דאָס לייב. זי האָט די אויגען צוגע־מאַכט און געטרוימט פון ליעבע...

אַזוי איז זי אַנשלאָפען געוואָרען מיט די רויזען און געלעגען ביז פאַרנאַכט.

זי איז אזוי אבגעלעגען ביז'ן האַלבען טאָג און געקלערט וועגען זיך, וועגען איהר צוקונפט — און גאָר נישט, גאָר נישט פאר זיך געזעהן. איהרע אויגען און מויל האָבען אויסגעדריקט בענקשאַפט. זי האָט געבענקט נאָך עפּעס, נאָך עפּעס וואָס זאָל אַנפילען איהר לעער לעבען.

מען האָט אַנגעקלאַפּט אין טהיר. עס איז געווען די דיענסט. זי האָט איהר געבראַכט די בלומען, וואָס דער התן האָט איהר געשיקט יעדען טאָג צו מיטאָג.

זי איז ארויס פון בעט, אויפגעעפענט די טהיר, צוגענומען די בלומען און צוגעשלאָסען די טהיר נאָך זיך. דעם בריעף, וואָס איז געווען נעבען די בלומען, האָט זי אוועקגעוואָרפען, די בלומען — צו־בונדען.

זי האָט זיך בעטראַכט אין שפּיעגעל. איהר לייב איז געווען יונג און רייף. ערשט נאָר וואָס רייף געוואָרען, ווי די ווייסע רויזען אין איהר האַנד. אַנגעצויגען איז געווען איהר קערפּער, שטרענג אָנ־געצויגען, ווי די שנור פון אַ פיילענבויגען אין אַ יונגע גבור'שע האַנד. איהרע בריסטען זיינען גליין געווען, אבער פול, און האָבען געשאָסען פון איהר לייב ווי צוויי יונגע טויבען, און האַרט זיינען זיי געווען ווי צוויי קאַרענדיגע ווייסע עפּעל. רונדיג זיינען אראָבגעפאַלען איהרע פלייצעס ווי צוויי קליינע וואסער־פאַלען איבער איהר רוקען און איבער איהר ברוסט. איהרע צוויי הענד זיינען געבויגען געווען ווי די פייל־ענבויגענס — לענגליך זיך פערשלענגערט ארום איהר לייב, ווי די שוואַנען פערשלענגלען זייערע פליגעל ארום זיך. זי האָט בעקוקט איהרע פיס — זיי זיינען דין געווען און ווייס, ווי געשניטען פון העלפענביין. זיי האָבען זיך צוזאַמענגעקושט ווי צוויי הענד, און די רויטע, בלוטיגע פינגער פון איהרע פיס זיינען געוואַשען און געפּוצט געווען. די נעגעל פון איהרע פיס האָבען געבלישטשעט ווי די נעגעל פון איהרע געפּוצטע הענד, און איבער איהר גאַנצען קערפּער איז געלעגען אויסגע־גאָסען יענע שמיידיגקייט, יענע ווייכע בעוועגליכקייט, וואָס עס האָט אין זיך אַ ווייס וואלד־טהיער וואָס קומט פון ווארימע, טראָפּישע לענדער. איהר קאָלט געגלענזעלט לייב, וועלכעס איז יעצט בעוועגען איבערגעצויגען מיט אַ טוי פון פרישקייט, וואָס ליגט אויף די פרוכטען אין גאָרטען ביי זונען־אויפגאַנג, האָט געהויכט פון זיך אַ ווארעמען

און נאקעט שטעהט זי אליין אין דער וועלט, אהן טראדיציע, אהן גלויבען און אהן ליעבע.

וואס האט זי נעהאט צו זוכען אין לעבען אויסער ליעבע, אויסער איהר אייגענע קליינע מענשען־ליעבע?

איהר קוואל איז שוין געווען אפען. די ליעבע האט געקוואלען פון איהר, ווי א פרישער קוואל וואסער, אבער עס איז נישט געווען ווער עס זאל אויס דעם ריינעם קוואל וואסער טרינקען. קאוואלסקי האט נור אנגעקלאפט אין דעם קליינעם קוואל, אבער ער האט איהם נישט געעפענט. ער האט נור אויפגעוועקט די שטילע ליעבע־געפיהלען, וועלכע זיינען געווען איינגעוויקעלט ווי א קנויל און ווי א סוד געשלאפען אין איהר...

יעצט איז זי וואך געווען. דער קנויל האט זיך אנגעהויבען פאנאנדערוויקלען, דער ליעבע־קוואל — פאנטאנען צו שלאגען פון אלע איהרע אברים. און עס איז קיינער נישט געווען, קיינער נישט, נאך וועמען זי זאל בענקען, אויסגיסען זיך אין איהר בענקשאפט... קאוואלסקי איז פאר איהר יעצט אזוי ווייט געווען, אזוי פרעמד. אפילו ווען ער וואלט דא געווען, וואלט זי צו איהם אויך גאר נישט מעהר געפיהלט — אז אויסגע'חלומ'טער חלום, וועלכער קען איהר מעהר גאר נישט געבען. מעהר האט זי יעצט אינטערעסירט מישא. ער איז ווי אין א סוד איינגעהילט. ער האט אין זיך עפעס אזעלכעס. וואס איז מעהר פון ליעבע, עפעס אזעלכעס, ווי יענע פוילישע מיידעל, וועלכע דעקלאמירט וועגען „אטשיזנא“, אדער ווי די רוסישע, וואס זינגען די ליעדער פאהרענדיג אויפ'ן דניעפר. ער האט אויך דעם סוד פון „אטשיזנא“. און זי איז געשטאנען פאר איהם ווי פאר א סוד און זי האט איהם מקנא געווען. ער וואלט זי געקענט מיט אריינגעהמען אין זיין סוד אריין, געבען איהר עפעס אז וואס זיך אנצוכאפען, אז זי זאל זיך קענען מיטשלעפען, עפעס אזוינס וואס איז מעהר פון מענשליכע ליעבע. ער וואלט איהר פון זיין לעבען, פון זיין אידעאל געגעבען. נור פערמויערט איז ער שוין געווען פאר איהר ווי מיט זיעבען מויערען. זיין שמייכעל איז שוין קאלט געווען און בעשיצט איז ער געווען פון איהר. מיטגענומען אין דער טיעפעניש פון זיין סוד האט ער ראחעל'ן און מיט איהר געהט ער אויף זיין וועג, צו זיין ציעל, — אן ארויסגעווארפענע איז זי געווען פאר איהם

זי האָט זיך נאָכגעפרעגט ביי איהר לעהרער פון רעליגיע. יענער האָט איהר געגעבען צו לעזען לאַנגווייליגע ביכערדעריבער: „די געשיכטע פון אידען“ — נור מען שלאָגט אידען, קיין איין טהאָט נישט, קיין איין העלד נישט, אין וועלכען מען זאָל זיך קענען פערליעבען. און די פראַגע, פאַר וואָס אידען שמד'ען זיך נישט אויס, איז איהר נאָך אלץ נישט פערענטפערט געוואָרען. דאַכט זיך אַזעלכע קלוגע מענשען, און ליידען פאַר עפּעס אַן אומזין. וואָס פאַר אַן אונטערשיעד צו די שוהל, צו די קירך אַז עס איז דאָ אַ גאָט, איז דאָך נור איין גאָט, אַ גאָט פאַר אַלעמען, און די קירך איז דאָך שעהנער און ריינער פון דער שוהל?

דאָס זיינען אַלץ פראַגען, איבער וועלכע זי האָט נישט געקענט לאַנג נאָכקלערען, וויל עס האָט זי נישט אינטערעסירט. — און וואָס געהט עס איהר אַלץ אָן?

זי האָט אַמאָל געהאַט אַ חבר'טע אין דער שוהלע, איז יענע געווען אַ פּוילישע — האָט זי ליעב געהאַט די פּוילישע ערד און האָט שטענדיג דעקלאַמירט געדיכטע פון ליעבע צו „אָטשיזנאַ“. און וואָס האָט זי ליעב? די ערד האָט זי ליעב? וואָס איז פאַר אַ חילוק וועלכע ערד? — אַלע פעלדער, אַלע לענדער האָבען איין פּנים.

די רוסישע מיידלעך פערשטעהט זי שוין בעסער, נור יענע האָבען אויך עפּעס אַן „אָטשיזנאַ“, און ווען זיי פאָהרען פאַרנאַכט איבער'ן דניעפּר שפּאַצירען און זינגען ליעדער, קלינגט אין זייער שטימע אַזאַ בענקענדער, ליעבער טאָן, און אין די אויגען — אַזאַ פייכטקייט. אָדער ווען זיי לעזען פּושקין'ס „קאַפּיטאַנסקאַיאַ דאָטשקאַ“, ווערען זייערע באַקען אַזוי צוהיצט. וואָס פרעהען זיי זיך אַזוי דערמיט? עס איז דאָ שעהנערע זאַכען, פּושקין'ס „יעווגעני אָניעגין“ איז דאָך שעהנער פון „קאַפּיטאַנסקאַיאַ דאָטשקאַ?...“

אַזוי איז זי ווי הונדערט אַנדערע אידישע מיידלעך, געווען ווי אַ פערבלאָנדזשעטע שעפּעלע, ווי עפּעס אַ בוימעל, וואָס איז פערפלאַנצט געוואָרען אין אַ פרעמדען קלימאַט. זי האָט אַרום זיך געזעהן בעגייסטערונג, ליעבע, בענקען צו לאַנד, צו פאָלק, צו מנהגים און צו יום טובים, און זי האָט גאָרנישט געהאַט. איהרע עלטערן האָבען איהר קיין ירושה נישט איבערגעלאָזט. נאָקעט איז זי געבוירען געוואָרען

קייט. איבריגענס, איז איהר זיין אויסערעם זעהר געפעלען: א פיין געזיכט און קליידעט זיך ביי א גוטען שניידער.

דער יונגער מאַן ברענגט איהר יעדען טאָג בלומען — גרויסע ווייסע רויזען. דאָס ריהרט זי אביסעל, אָבער זי האָט איהם נאָך קיין גוט ווארט נישט געזאָגט. און ער געהט נעבען איהר ווי א שאָטען און רעדט נישט קיין ווארט. איז זי גוט אויפגעלעגט — ווערען זיינע אויגען גרויס און א גליקליכע מינע רוהט איבער'ן פנים; איז זי שלעכט געשטימט — ווערען איהם די אויגען קליין, און ער ווערט טרויעריג, ווי א געטרייער, גוטער הונד.

איבריגענס, איז ער פון די מענשען וואָס מאַכען נישט קאַליע, פערדארבען נישט די שטימונג און קענען שווייגען. דאָס איז זעהר פיעל היינט, וועט עס נישט אזא אומגליק זיין ווען זי וועט דארפען מיט איהם חתונה האָבען. נור וויל זי יעצט חתונה האָבען? זעהט זי איבערהויפט א צוקונפט פאר זיך?...

זי קוקט זיך איין אין איהר לעבען און טראַכט זיך: וואָס האָט זי ליעב? וואָס וויל זי? נאָך וועמען בענקט זי? — און זי זעהט, אז איהר לעבען איז יעצט דורכגעגאַנגען ווי אין א טומאַן, אלעס איז בעשטאַנען פון צופעליגקייט און זי זעהט נישט קיין איין שטיקעל וועג פון איהר צוקונפט ארוים. אייגענטליך האָט זי קיין ציעל נישט אין לעבען.

איהרע עלטערן האָט זי נישט ליעב, אויף דער מוטער האָט זי רחמנות, ווי מען האָט רחמנות אויף א פרעמדע ארימע פרוי. דער פאָטער איז א עגאָאיסט.

אפשר איז ער יא אינטערעסאַנטער פון דער מוטער, אָבער וואָס געהט ער איהר אן? — איהר פאָלק איז איהר פרעמד, זי ווייסט נישט פאר וואָס מען האָט פיינד די אידען און פאר וואָס ווערען זיי נישט אויס אידען, ווען קיינער וויל זיי נישט ליידען. צו לוינט זיך איבער דעם די צרות, וואָס זיי שטעהען אויס?

זי האָט שוין, ווען זי איז נאָך אין שקאָלע געווען, נאָכגעקלערט וועגען דעם. א חבר'טע האָט זי בעליידיגט און אָנגערופען „יודין". זי האָט פערקלאָגט די חבר'טע און דערנאָך האָט זי אנגעהויבען צו קלערען וועגען דעם, וואָס זיינען אידען אזעלכעס און פאר וואָס ליידט מען.

און זי איז גליקליך געווען, אז דער פאטער איז געקומען נאך איהר (אליין האט זי זיך געשעהמט אהיים צו קומען) און מיטגענומען זי קיין בערלין. און דא איז דענסטמאל פאר איהר דאס לעבען ליינגווייליג געווארען. זי האט שוין געקענט שלאפען ביז נאך מיטאג, און גארנישט האט אויף איהר געווארט, צו וואס זי זאל זיך אליין דארפען אויפ־צוהויבען.

די מוטער און די מוהמע האבען זי געפיהרט אין די מאגאזינען, זי האט זיך קליידער געמאכט — דאס האט איהר נאך שפאס געמאכט. און זי האט זיך שדוכים געלאזט רעדען אויס טשיקאוואסטש, ווי ווען אויסזעהען דער יונגערמאן, וואס מען רעדט איהר דעם שידוך. און זי האט זיך זיי אויסגעזעהען און אויסגעקליבען, ווי מען קלייבט אויס קליידער אין מאגאזין. זי האט נור צוליעב דעם אבגעלאזט א שידוך, וויל עס איז טשיקאווע געווען צו זעהן די נייע יונגע לייט, וואס מען וועט איהר מארגען פארשטעלען, קוקען אויף זייערע נאאיווע, חתן'דיגע מינעם, אויף זייערע געוואשענע העמדער און אויף די קנעפ פון די העמדער. מיט א צופריעדענהייט האט זי בעטראכט יעדע מינע, און אויף דער נאכט האט זי פאר סאניא'ן נאכגעשפיעלט די קאמעדיע פון צופיהרען און בעקענען דעם חתן, די רייד וואס ער רעדט און די מינע וואס ער מאכט...

אויף דעם איצטיגען חתן, ה' אדלער פון קיעוו, איז זי בעשטאנען נור דערפאר, ווייל ער זעהט אויס אנשטענדיגער פון אנדערע און מען קען זיך ווייזען מיט איהם אין א פיינעם רעסטאראן, אויף א באל — און דאס האט זי יעצט געוואלט. זי האט געוואלט א כלה ווערען, האבען א חתן מיט וועלכען זי זאל קענען די האלבע נעכט אין די רעסטאראנען, אויף די בעלער און קאנצערטען געהן. איבריגענס, איז איהר געפעלען די צערעמאניע פון א כלה ווערען. זי האט עס געוואלט דורכמאכען — קריגען מתנות און האבען זיך א פערליעבטען יונגען מאן. און פערליעבט איז דער חתן געווען אין איהר פון דעם ערשטען אויגענבליק. ער איז געווען א שטילער. ער האט קיין ווארט נישט גערעדט. נור אויגען האט ער גרויסע און שווארצע ברעמען און וויל אלעס ארויסזאגען מיט די אויגען, וואס דאס מויל קען נישט...

אז מען האט איהם צוגעפיהרט צום טישעל, איז ער א דערשראָ־קענער געבליעבען. עס האט זי אביסעל געריהרט זיין אונבעהאלפענ־

גאר נישט אנצוהויבען: זיי האבען זיך נישט, און וואס זיי האבען גיבען זיי אוועק דער קונסט.

די גאנצע צייט איהרע אין פעטערבורג האט אויסגעזעהן ווי א קינדער־שפיעל, ווי א גימנאזיום־ליעבע. איהרע בעציהונגען צו מאק־סימאוויטש'ן, צו דעם אלטען „דאן זשואן", — ווי ער האט געפּאדערט ארום איהר! פון די אלע מענשען, קומט איהר פאר, איז דער אינ־טערעסאנסטער דאך געווען מישא.

זיין נאאיוויטעט און זיין שטומע, טיפע איבערגעבענהייט — דאס האט זי יעצט געריהרט. און זי האט זיך געקענט פארשטעלען א ווייטערדיג לעבען נור מיט מישא'ן. מיט מישא'ן ווען זיי וואלטען חתונה געהאט, וואלטען זיי געפיהרט אן איינפאכען לעבען. זיין ליעבע צו איהר וואלט געווען ווי א שטיל געזאנג, וואס עס הערט קיינער ניט, נור עס זינגט זיך אין יעדעם שטילע שעהנע לעבען . . .

מיט קאוואלסקי'ן האט זי זיך נישט געקענט פארשטעלען א וויי־טערדיגען לעבען. עס איז געווען ווי אין א חלום. און מיט אזעלכע מענשען לעבט מען נישט לאנג. זיין ליעבע איז נישט ווי מישא'ס — א שטילער וואסער־קוואל, וועלכער פליסט אייביג. דאס איז ווי א געשריי, ווי א פלאם וואס ברענט זיך אוים אין איין מאמענט. און אזעלכע מענשען ווי קאוואלסקי זיינען אויך נישט אינטערעסאנט אויף דער דויער. דאס איז נישט קיין מישא, וועלכענס ליעבע איז ווי א נר־תמיד, ווי א ליכטעל א קליינע, נור עס ברענט תמיד, תמיד . . . דורכדעם, אז זי איז שפּעטער געקומען צו לויפען קיין פעטערבורג, איז עס איהר מיאוס און לאנגווייליג געווארען. קאוואלסקי איז נישט געווען; ווען אפילו ער וואלט געווען, וואלט אויך נישט אינטערע־סאנט געווען. דער אלטער מאקסימאוויטש, וועלכער האט פלוצלינג אנגעהויבען גראה צו ווערען, פלעגט ארויפקומען צו איהר יעדען טאג. נור עס איז אויך לאנגווייליג געווען מיט איהם. זיינע געשפרעכען האבען זי נישט מעהר אינטערעסירט.

גאט, וויל זי קליגער ווערען, קען זי ביכער לעזען, נישט ארומגעהן מיט דעם אלטען דאן זשואן און אלע, וועלכע געפינען זיך אין זיין געזעלשאפט, זאלען זי בעטראכטען פאר אן אינטערעסאנטען „עק־זעמפּליאר".

## קאפיטעל 9.

# אליין מיט זיך

מערי איז געלעגען ביז אין שפעטען טאג אריין אויף איהר געלעגער אין פאנסיאן, אין וועלכען זיי האבען געוואהנט, די טהיר פערשלאסען און קיינעם נישט אריינגעלאזט צו זיך.

איהר שווארץ צולאזענער קאפ האאר איז געווען איינגעטונקט אין די זיידענע קליינע קישענס, וועלכע זי האט מיטגעפיהרט מיט זיך, און פון אונטער דער אטלאסנער קאלדרע האבען ארויסגעשטראהלט איהרע גרויסע, גרויסע אויגען, וועלכע זיינען געווען פול מיט טרעהרען. אין די הערלעך איבער איהרע וויים־אפעלהייטלעך האט זיך פערבארגען א בענקעניש; פון די ליפען, פערקרימט ווי צו וויינען, האבען ארויסגעשמאכט איהרע ווייסע ציינער, און מיט די הענד האט זי זיך פאר איהרע יונגע ברוסטען געהאלטען. שוין איינציגע מאל האט די מאמע, דער טאטע אנגעקלאפט דורך דער טיר: „קינד, גאר נישט אין מויל געהאט“. מערי האט נישט געענטפערט און האט זיך נישט גענומען אנצוטהאן.

די עלטערען זיינען נישט אונרוהיג געווארען. זיי האבען געקאנט איהר געוואהנהייט, און זי פלעגט עס לעצטענס טהאן עפטער — גאנצע טעג אבליגען אין בעט און נישט ארויסגעהן פון צימער. זי האט נישט צו וואס זיך אויפהויבען. דאס לעבען איז איהר לאנגווייליג געווארען און אהן אינטערעס. אלעס איז איהר מיאוס און קליין געווען און עס האט זיך נישט געלוינט.

נאך איהר „ערשטע ליעבע“, נאך קאוואלסקי'ן האט זי נישט מעהר געבענקט. ער האט זיך איהר אויסגעוויזען ווי געשמארבען. איבריגענס זעהט זי איין, אז אויך ער איז נישט געווען דער ריכטיגער איהר בעשערטער, נאך ווענען זי זאל בענקען. טהייל־מאל דערמאהנט זי זיך אן זיין אונבעהאלפענעם שמייכעל, אן זיין נארישער מינע, ווען ער האט געקוקט אויף איהר מיט בעגעהרען — שמייכעלט זי, אבער ער האט זיין קונסט — זיין לאנרשאפט, און מיט אזעלכע איז

ארץ ישראל? משוגע! אויף ארץ ישראל וועט ער קיין גראשען נישט געבען, נישט אויף הוצאות און נישט אויף צו לעבען! האסט חתונה געהאט — גיב דיר אליין אן עצה".

מיט דעם איז דער שמועס אבגעהאקט געווארען.

די מוטער האט זיך אריינגעמישט:

„דאס קינד האט רעכט. לאז ער פרובען זיין מזל. אז ער וויל אין ארץ ישראל, אז דאס הארץ ציהט איהם דארט אהין — זאל ער פאהרען. געלויבט צו גאט דערפאר, זייער קינד איז נאך א איד געבליבען. וואס מען הערט זיך אן פון אנדערע קינדער, ביי אנדערע עלטערן . . . אז דו וועסט נישט געבען, וועל איך די בריליאנטענע אוירינגלאך פערקויפען און די קינדער אויף הוצאות געבען, מיינע וויאיגרישנע בילעטען פערקויפען".

דער פאטער איז דאך בעסער געווארען — אויף הוצאות געגעבען און אויף א שטיק צייט צו לעבען אין ארץ ישראל אויך. נאך צוויי־דריי טעג זיינען זיי געוועזן אין בערלין, אין איינעם מיט דער משפחה, כאטש פון פאנסיאן אין האטעל אריין האבען זיי זיך נישט געוואלט איבערציהען. די שוועסטער סאניא און מערי, און איבערהויפט מערי, זיינען נישט אבגעטראטען די גאנצע צייט, אין טהעאטערען געשלעפט, מיט אויטאמאבילען שפאצירען געפיהרט, אין טיער־גארטען, צום זאאלאגישען גארטען ארוים. ראחעל איז געוועזן ווי אויף א פרעמדע חתונה = מיטגערעדט, מיטגעפרעהט זיך, אבער ערגעץ אנדערש וואו געוועזן, ווי אין א חלום... מישא איז גליקליך געוועזן איבער ראחעל. אין אבענד האבען זיי ביידע צום פאטער, צו דר. לייזעראַוויטש, א בריעף געשריבען, אז זיי פאהרען קיין ארץ ישראל.

אין א פאר טעג ארום זיינען זיי אבגעפאהרען דורך שטעטינער באנהאף איבער טריעסט קיין ארץ ישראל. מערי מיט סאניא'ן האבען דעם וואגאן־פענסטער באגלייט מיט בלומען און די מוטער — מיט טרעהרען.

---

אבגערוקט פון איהר און זי האט געשמייכעלט גליקליך און אנטהייל גענומען אין ריידען. מישא איז גליקליך געווען.

דער פאטער איז נאך אלץ אביסעל קאלט געווען, אבער ער האט עס נישט ארויסגעוויזען.

עס איז אויך אנגעקומען מערי'ס חתן, דער ערעלער יונגער־מאן, מיט גרויסע ווייסע רויזען, וואס ער האט יעדען טאג געבראכט מערי'ן. מערי האט דוקא געוואלט אז ראחעל זאל די רויזען נעהמען: „ניין, אלע, — נישט נור איינע“, אויף וואס דער חתן האט מיט שמערץ גע־קוקט.

מיטאג האט מען בעשטעלט אין א אידישען רעסטאראן, ביי א בע־זונדער געדעקטען טיש. ביים עסען, נאך די פיש, איז דער פאטער פריינדליכער געווארען, איבערגעבעטען זיך מיט דעם פאקט. ער האט בעשטעלט וויין, געוואונשען מזל טוב ראחעל'ן און זיך צוקושט מיט איהר און מיט מישא'ן. די מוטער איז ארויס אין א גרויס געוויין, אויסגעטהאן איהר שנור פערעל און זי אנגעטהאן ראחעל'ן.

ראחעל איז געזעסען ווי אין א חלום, איהר פנים האט געשט־ראהלט, כאטש טרויעריג געווען, און אלע האבען זיך מיט איהר גע־פרעהט אם מעהרסטען מערי. די ברידער ר' חיים און ר' לייזער האבען זיך אויך צוקושט: „אם ירצה השם ביי מערי'ן, אין א פרעהליכערער צייט און אין דער היים“ . . . דער חתן האט געשטראהלט פאר גליק, מערי איז ברוגז'דיג געווארען . . . נאכ'ן עסען וועט מען פאהרען מיט ראחעל'ן אין די מאגאזינען כתנות קויפען. וועש איז ביליג אין בערלין — אין ספעציעלע געשעפטען, נישט ביי ווערטהיימער'ן — אויפ'ן „יאהר מארק“.

נאכ'ן עסען, ווען די פרויען זיינען איבער דער שטאדט געפאה־רען, האט דער פאטער מיט'ן זוהן גערעדט אליין אין א צימער: „יא, החתונה געהאט. און וואס וועט דער תכלית זיין? מען דארף זיך נעהמען אדער לערנען, אדער צום געשעפט. ארץ ישראל, אן ערד־ארבייטער ווערען — א משוגע'נע זאך. וואס מען האט געטהאן, האט מען געטהאן. מילא, אזא צייט געווען. אנדערע קינדער האבען נאך ערגערע זאכען אבגעטהאן, אינ'ם לעבען געקומען, — אבער משוגע דארף מען נישט זיין. אז חתונה געהאט — מוז מען זיין א מענש. אויף בילדונג וועט ער שיקען הודש'ליך פאר ביידע צו לעבען“. „וואס

קאפיטעל 8.

# קיין ארץ ישראל

צו מארגענס איז די מוטער פלוצלונג און אומגעריכט אריינגע־קומען אין פאנסיאָן. עס איז נאָך געווען אזוי פריה, אז ראחעל האט זיך ערשט געהאלטען אין אנטהאן, און די מוטער איז אהן ווערטער ארויפגעפאלען אויף דער יונגער ווייבעל און זי געקושט, געהאלזט און געוויינט: „זי דארף גאר נישט זארגען. זי איז איהר טאָכטער און זי איז איהר מוטער, און אַ מוטער'ס הארץ פיהלט אלעס". — און לאַנג דאָרט אַבגעזעסען און אויסגעפרעגט זיך וואס זיי מאַכען, וואס זיי דענקען צו טהאָן, גאר מוטערליך.

ראחעל איז אזוי ערשטוינט געווען און דאס אלעס האט איהר אזוי ווילד־פרעמד אויסגעזעהן, אז זי האט קיין לשון נישט געקענט געפינען. און גאר נים גערעדט, נור געענטפערט מיט יאָ און ניין.

די מוטער האט דוקא געוואָלט, אז זיי זאָלען אהין געהן צום פאָטער און זאָלען אינאיינעם עסען מיטאָג. מישאַ האט נישט גע־וואָלט, אָבער ראחעל האט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף יאָ, אז זי וויל. זי האָט זיך אָנגעטהאָן און איז מיטגעגאַנגען. מישאַ איז אין דער שטיל גליקליך געווען.

אויפ'ן וועג האט זי געשוויגען. דער פאָטער האט זי עמפפאנגען זעהר ליעבליך, אָבער קאלט. אויף ראחעל'ס פנים איז געווען אויס־געגאָסען אַ גלייכגילטיגקייט. סאָניא, מישאַ'ס שוועסטער, איז אריינ־געלאָפען מיט גרויס פרייד, זיך צוקושט און אויך געוויינט: „זי האט שטענדיג געוואוסט, דאס הארץ האט איהר געזאָגט, אז ראחעל וועט איהר שוועסטער זיין".

עס איז אויך אריינגעקומען דער פעטער ר' חיים, מערי'ס פאָ־טער, — עס איז שוין קיין סוד נישט געווען — געוואונשען איהר מזל טוב. מערי איז צו איהר געווען פריינדליך, אויפריכטיג־פריינדליך און געפרעהט זיך מיט איהר, ווי מיט אַ שוועסטער. ביסלעכווייז איז אויך ראחעל היימישער געוואָרען, דאָס שטילע טרויעריגקייט האָט זיך

צו וויל ער זיך נישט נאָך אַביסעל דורכגעהן „אונטער דעו לינדעו" ?
די נאַכט איז אַזאַ שעהנע. זי האָט איהם זעהר אַ וויכטיגע זאַך צו פערטרויען. מישאַ שמייכעלט פערלעגען און נעהמט די ברילען אַראָב:
זעהר גערן, אַבער ער האָט זיין פרוי אַליין געלאַזט אין דער היים.
ער מוז אַהיים געהן. געזעגענט זיך קאַלט, געהט אין הויז אַריין.

אַז מישאַ איז אַהיים געקומען, האָט ער ראָחעל'ן געטראָפען שלאָפען. אין די קליידער איז זי געלעגען אויפ'ן בעט. אין שטוב איז ליכטיג געווען, דער גאַז האָט געברענט. ער האָט זיך געזעצט נעבען איהר בעט און בעטראַכט איהר געזיכט, וואָס איז געווען אויסגעמוטשעט, ווי ביי אַ הייליגע געפייניגטע. ער האָט געהאַט דאָס געפיהל, ווי ביינאַכט, אין שלאָף, ווייזט זי אויס אַלעס, וואָס זי פערשווייגט בייטאָג. די הייטלעך האָבען זיך געצויגען איבער איהרע אויגען מיט שוואַכקייט, ווי ביי אַ קינד, ווי ביי אַ טויב; און דאָך איז דער קינדערשער שמייכעל נישט פערשוואונדען איבער איהר יונג מויל. די געשליפענע, קליינע ווייסע צייהן האָבען זיך אַרויסגעוויזען פון איהרע יונגע ליפען. דאָס געזיכט ביים מויל איז גאַנץ, גאַנץ קינדיש געווען.
ער האָט אויף איהר גרויס רחמנות געקראָגען.

זי האָט געמוזט פיהלען זיין בליק, וואָרום זי האָט מיט שרעק, ווי אַ טויב, איהרע אויגען אויפגעעפענט. זי האָט איהם דערזעהן.
אַ רויטליכקייט, ווי ביי אַ מיידעלע, האָט זיך צוגאָסען איבער איהר פנים, און זי האָט זיך פערדרעהט אויף דער צווייטער זייט. מישאַ איז אויך פערשעהמט געוואָרען, אויפגעהויבען זיך, אויסגעלאָשען דעם לאָמפּ, זיך געלעגט אויף זיין געלעגער און נישט געשלאָפען לאַנג, לאַנג אין דער נאַכט אַריין.

און מישאַ האָרכט אויס און שמייכעלט צו, און קלערט בשעת מעשה, וואָס טהוט ראחעל יעצט, — ער האָט זי אַ גאַנצען אבענד אליין געלאָזט — צו האָט זי זיך שלאָפען געלעגט און איז מיעד פון וועג, און וואונדערט זיך, וואָס דאָס איז „מערי“ — די מערי — און וואָס איז אזעלכעס מערי? און בשעת מעשה האָט ער אָנגעהויבען צו קלערען. ווי רעדט מען מיט'ן טאַטען, און מישב זיך געוועזען ביי זיך, אז עס איז בעסער איבערצורעדען מיט דער מאַמען, און ער וועט עס נאָך טהאָן היינט אין אבענד.

און מערי זעהט, אז ער איז גאָר נישטאָ אין קאָפּע־הויז, ער זעהט זי גאָר נישט, אז ער איז ערגעץ ווייט, גאַנץ ווייט פון אָט דעם טישעל און פון די אלע מענשען. זי ווערט בייז אויף זיך, האַקט אָב דעם געשפּרעך אין מיטען און רוקט זיך אָב פון איהם. איבער איהר פּנים ציהט זיך איבער אַ וואָלקען־טרויער און די ליפּען פערקרימען זיך, ווי ביי אַ קינד צום וויינען. דער חתן, דער עדעלער יונגער־מאַן פון קיעוו, בעמערקט עס. ער רעדט מיט ר' חיים'ען און בעמערקט אלעס וואָס קומט פאָר אויף מערי'ס פּנים. ער געהט גאַנץ שטיל צו, רוקט צו זיין שטוהל און רעדט צו איהר מיט אַ שמייכעל: אויב זי וויל נישט עפּעס בעשטעלען?

זי ענטפערט איהם נישט. זי איז בייז. נור דער יונגער־מאַן נעהמט עס פאַר ליעב, וואָס ער זיצט כמעט נעבען איהר, און זיין טאָן און פּנים ווערען גאָר פרעהליכער.

אויפ'ן וועג רעדט מישאַ מיט דער מוטער, אז ער קען דאָ נישט לענגער בלייבען, בערלין פייניגט איהם; אז ער מוז ווי אַם שנעלסטען אוועק. און זיין ווייב פיהלט זיך שלעכט.

די מוטער טרייסט איהם: דער פאָטער איז גאָר ניט אזוי שלעכט, ווי ער מיינט; דער פאָטער ליעבט איהם, און ער קען דאָך פערשטעהן, ווי עס איז זייער הארץ, אז זייער עלטסטער זוהן, זייער מישאַ, האָט חתונה אָהן די עלטערען'ס ווילען, און די עלטערען פיהרען נישט דאָס קינד אונטער דער חופּה. נור ראחעל איז איהר טאָכטער, אז קוים האָט מישאַ מיט איהר חתונה געהאַט, מעג זי זיין וועער זי איז — איז זי איהר טאָכטער; און זי וועט איהר צודריקען צו איהר הארץ ווי אַ מוטער.

פאַר'ן האָטעל, ביים געזעגענען זיך, געהט מערי צו צו איהם:

שפּיין. און סען־ראפאעל־וויין איז זעהר גוט פאַר'ן מאַגען" — אויך א פארשטעהער פון סען־ראפאעל־וויין.

אין אַ ווינקעל איז דערווייל געזעסען מישאַ און מערי. און מערי איז גאַר היינט אנדערש ווי אַלע מאָל. זי איז טרויעריג און רעדט צו מישאַ'ן מיט פערטרויען ווי צו אַן אַלטען גוטען פריינד.

— איך ווייס אז איך בין נישט גוט געווען צו דיר. זיי מיר מוחל, מישאַ. דאָס לעבען האָט נקמה גענומען אַן מיר — קרעכצט זי, און זי וויל איהם האבען פאר א גוטען פריינד: זי איז אליין און האט נישט קיינעם קיין ווארט צו פערטרויען און נור ער האט זי פער־שטאנען.

און מישאַ וואונדערט זיך, וואָס די ווערטער מאַכען אויף איהם נישט קיין איינדרוק. וואס איבערהויפּט איז ער אזוי רוהיג. און דאָס איז די מערי, וועלכע ער האָט אַמאָל אזוי געליעבט... אזוי גע־בעקענט און נאָך וועלכער ער האט אזוי געטרויערט? און אט זיצט זי פאַר איהם און רעדט מיט איהם און עס איז איהם אזוי אלץ איינס, עס איז איהם אזוי אלץ איינס... און דער חתן, דער אידישער יונגער־מאַן, מיט די פיינע פּערל־קנעפּ אין העמד, מיט די עדעלע הענד — קוקט אויף זיי, און אַ קנאה ליגט אין זיינע שטילע אויגען. איבער־הויפּט זעהט זיך אוים דער יונגער־מאַן צו זיין זעהר אַן עדעלער און פון אַן עדעלער פאמיליע, און ער קוקט אויף זיי מיט א פערליעבטע מינע און קנאה אין די אויגען. ער איז פערליעבט, זעהט זיך אויס, אין זיין כלה איבער די אויערן.

און מערי פערטרויט מישאַ'ן, אז איהר שטעהט פאַר זעהר אַ וויכ־טיג געשעהעניש אין איהר לעבען, און ווארפט אַ פערראַכטענדען בליק אויפ'ן חתן, ווי זי וואלט מיט דעם געוואלט מישאַ'ן געבען צו פערשטעהן, אז נישט ד אָ ס מ י ט א י ה ם מיינט זי. און זי דאַרף האבען אַ פריינד, וועמען זי זאָל זיך קענען פערטרויען. זי איז אנדערש געווארען. זי איז א קינד געווען, אַלעס איז געווען א קינדער־שפּיעל, יעצט האט זי דאָס לעבען פריה רייף געמאַכט און זי איז דער־רינען. און זי ווייס, אז מישאַ איז איהר געווען אַן אמת'ער, אויפ־ריכטיגער פריינד, אז קיינער קען עס נישט זיין, נור אזעלכע מענשען ווי ער: און זי איז גאַר נישט מקנא ראחעל'ן, נור וואָס זי האט מישאַ'ס פריינדשאַפט, און פריינדשאַפט איז מעהר פאַר ליעבע.

ער האט, ווי תמיד, פערלעגען געשמייכעלט, און זי האט איהם פארגעשטעלט מיט א גלייכגילטיגע מינע, אבער דאך מיט אן עקשנות־דיג נעלעכטעריל, איהר חתן, ה' אדלער פון קיעוו, א זעהר עלעגאנטען יונגער־מאן — די פעריל קנעפ האבען איהם ארויסגעשיינט פון העמד. דער חתן איז געווען א שטילער מיט א גוט שמייכעלע אויף זיינע גע־גאלטע ליפען און איז, זעהט זיך אויס, געווען שטארק פערליעבט אין זיין כלה, געקוקט איהר מיט גרויס ליעבע אין די אויגען אריין און פאר קיינעם זיך נישט זשענירט.

די כלה האט אבער ווייניג אכט געלעגט אויף איהם, האט זיך צו־געזעצט צו מישא'ן און זיך זעהר געפרעהט מיט איהם. — „ווי געהט עס? און וואס רעכענט ער צו טהאן?... מיט איהר וויים זי נאך נישט וואס דער סוף וועט זיין. זי לעבט ווי אין א חלום, ווי אין א טומאן, אהן מארגען". און זאגט דאס אין חתן'ס געגענווארט, הויך, אז אלע זאלען הערען.

דער חתן איז אזש רויט געווארען און געפרעגט א פראגע זיין מחותן, ר' חיים. נור באלד האט די גראבע שדכנ'טע, מאדם זאנדבערג, צוגעפיהרט דעם יונגען מאן, וואס האט זיך גע'שדכנ'ט צו סאניע'ן. עס איז געווען א הויכער, שטארקער יונגער־מאן, ווי אן אטלעט, מיט א פאר הענד און פים, אז ער וואלט אלע געקענט דא צולעגען, — ה' אטלאס פון אדעס. און דער ה' אטלאס פון אדעס, אין זיין צו קורצען סמאקינג און ארבעל (אלעס האט געפלאצט אויף איהם פון דיקקייט), האט געהאט אזא נאאיוו, אזא פערשעהמט, אזא חתן'דיג מינעלע, אז עס איז א רחמנות און א שאנדע געווען צוצוזעהן: אזא שטארקער יונג, אזעלכע פאר הענד און פים = און אזא פערשעהמט, חתן'דיג מינעלע פון נישט קענען צוויי צעהלען. דער דאקטאר האט באלד דעם חתן אריינגעצויגען אין א געשפרעך וועגען בעקאנטע אין אדעס, וואס דער דאקטאר האט דארט געקענט א וועלט מיט אידען, (ער האט איבערהויפט געקענט די גאנצע וועלט) און וועגען דעם, מיט וואס ער האנדלעט. „דער פארשטעהער פון נעסטלע־מעהל"? יא, „נעסטלע מעהל איז די בעסטע שפייזונג נישט נור בלויז פאר קינדער, נור אויך פאר דערוואקסענע, און דורך דער צייט פון זיין לאנגע פראק־טיק האט זיך דאס „נעסטלע־מעהל" ארויסגעוויזען אלס די בעסטע

און זיין פאלק איז איהם געווארען אונפערשטענדליך, ווי א גרויס רעטעניש. ער האט ניט געוואוסט, ווער זיינען דאס די אידען, און צו וועמען געהערט ער, — און געפיהלט זיך איינער, איינער אליין אין דער גרויסער, פרעמדער וועלט.

---

## קאפיטעל 7.

# א גרוס פון געוועזענע צייטען

ער איז געזעסען די אויגען אריינגעווענדעט אין זיך — און גע־פיהלט זיך פרעמד, ווייט פון דעם אלעמען, וואס רינגעלט איהם ארום — איינער אליין.

ער האט יעצט געהאט א גאנצער פאר אלעם וואס קען איהם טרע־פען — דאס איז זיין אידעאל צו זיין אין ארץ ישראל און דארטען מיט ראחעל'ן עטוואס צו ווערען.

ער האט זיך געזעהן ווי זיי ביידע וואהנען ערגעץ־וואו הינטער א אידישע קאלאניע; ער בעארבייט מיט אראבער, מיט איז־ישע פויערים זיין טהייל לאנד, און ראחעל דרעהט זיך אין זיין שטוב ארום. קיינער קען זיי נישט, וויים פון זיי נישט, און זיי נישט פון קיינעם. אט דער אידעאל האט איהם בעשיצט פון אלעס. און איז ער נור געווען אין אן אונאנגענעמע סיטואציע, ווי יעצט, אין דער פרעמדער סביבה, האט ער נור בעדארפט די אויגען צו מאכען און צו טרוימען פון זיין צוקונפט.

ער האט דאס יעצט געטהאן. נור עס וועקט איהם א בעצאגטע, אלט־געליעבטע שטימע. זיין הארץ ערציטערט.

— אך, מישא, קאק פאזשיוואיעש?

ער קוקט זיך ארום און דערזעהט פאר זיך מערי'ן, וועלכע איז אריינ־געקומען מיט איהר חתן, זיין מוטער און סאניע פון טהעאטער. ער האט זי נישט דערקענט. זי איז דורך דער צייט עלטער געווארען און געענדערט, און קליידעט זיך אנדערש — דאמען־ארטיג און עס בלישצעט פון איהר אראב מיט ציהרונג.

פען, מען דארף אַ אידישע אריסטאָקראַטיע, אַ טיטעל, אַ אידישען טיטעל ארויסגעבען, — דורכדעם מוז מען די ערשטע צייט אַ מלך האָ־בען — פאַנטאַזירט אַ דריטער איד פון אַ ווינקעל ארוים.

מישא איז געזעסען די גאַנצע צייט און געשוויגען. יעדעס ווארט, וואָס די אידען האָבען גערעדט, האָט איהם בעליידיגט. זייער גלייכ־גילטיגקייט צו זייער לאַגע, דער ציניזם, מיט וועלכען זיי מעסטען אויס דאָס רייכקייט פון ארץ ישראל, אויב עס לוינט זיך אונטען געשעפט צו מאַכען; געשעפטען מאַכען — און די ערד זאָלען די גוים בעאר־בייטען, און דאָס א טאָג נאָכ'ן פאָגראָם, וואו מען האט זייער נאַקעטע שוואַכקייט, זייער יתום'דיגקייט און הפקר'קייט פאר דעם פנים פון דער גאַנצער וועלט געוויזען!... ער האט זיך אומגעקוקט אין זאַל און האָט געזעהן די פיעלע טישלעך מיט די פליטים — אידען בעלי־בתים, גבירים, וואָס לאָזען בילדען זייערע קינדער אין אַלע שפּראַכען און צושיקען זיי איבער אַלע אוניווערסיטעטען, פערוועלטיגען מיט רוס־לאַנד'ס רייכקייט, זיינען געקומען דאָ צוזאַמען צו לויפען פון אַלע ווינקלען פון רוסלאַנד, אנטלויפען ווי די הינד פאר דער געפאהר פון זייער לעבען, פון שענדען זייערע ווייבער און זייערע טעכטער און שלעפּן זיך ארום ווי די לעדיגגעהערס, ווי די אַקטיאָרען און שריי־בערלעך איבער די קאפעס פון דער גרויסער שטאָדט; די קעלנערס מאַכען פון זיי חוזק, און זיי זיצען און שאַצען דאָ אָב, ביים טישעל אין קאפע, די ווערטה פון זייער היסטאָריש פאטערלאַנד, וואָס איז געוואָ־רען זייער אמונה — אויב עס האָט געגוג רייכקייט דאָרט געשעפט צו מאַכען... ווער זיינע זיי דאָס — אט די קופּע מענשען, וואָס ווערען ארויסגעלאַכט און געיאָגט פון דער גאַנצער וועלט? — ווער זיינען זיי דאָס! אָט די שעהנע פנים'ער מיט די לאַנגע שווארצע בערד, און די פעטע ווייבער, וואָס זיצען נעבען זיי, אָנגעטהאָן אין די שעהנסטע, מאָדערנסטע קליידער? דאָס צירונג פינקעלט אראָב פון זיי — פּעריל און בריליאַנטען; זיי רעדען אַלע אייראָפּעאישע שפּראַכען און ווייסען אַלע אייראָפּעאישע חכמות: זעהען אויס ווי אייראָפּעער, ווי ציווי־ליזירטע מענשען — און שוצלאָז ווי די ציגיינער: אין זייער האַרץ איז נישטאָ קיין אמונה, קיין ברעקעל ליעבע צו קיינעם ניט אוןצו נאָרנישט. — ווער זיינען זיי דאָס? און איבער וואָס ליידען זיי? וואָס איז זייער אידעאַל? אין וועמעס נאָמען שטעהען זיי צרות אויס?

פאבריקעל, אַ נאַפט־קוואַל? אָדער אפשר גאָר פאָהרען קיין מאָסקווע, קיין ניזשנע צו כּאַראַזאַוו'ען נאָך אַ שטיקעל סחורה?

— וואָס רעדט איהר, עס איז אַן ארץ זבת חלב ודבש, אַלעס איז דאָרט דאַ, אַלעס! אַ פעט לאַנד. דערצעהלט איהם, הערר זילבער־שטיין, דערצעהלט איהם! אַן ארץ זבת חלב ודבש, אַלעס איז דאַ, אַלעס איז דאַ. זאָגט איהם, רב איד, איהר ווייסט דאָך יאָ! — האָט זיך דער איד געבעטען ביים דאָקטאָר, מיט טרעהרען אין די אויגען, וואָס מען מאַכט אזוי אַוועק זיין ארץ ישראל פון אונטער־דער־האַנד.

דער דאָקטאָר האָט טאַקע גענומען דערצעהלען, וואָס ארץ ישראל איז אַזעלכעס, וואָס פאַר אַ אוצרות עס זיינען דאָרט אין דער ערד בעהאַלטען. און אַלעס געזאָגט אזוי פּינקטליך, וויפיעל פוד קופּער, מעש און אייזען עס געפינט זיך אין דעם באַרג, אין יענעם באַרג. די וואַסערען זיינען פול מיט פיש, און ביי טבריה ווייזט זיך נאַפט, — און אַלעס אזוי פּינקטליך און גענוי, ווי ער וואָלט דאָרט אונטען געווע־זען און אַלעס אַליין אויסגעוואויגען און אויסגעמאָסטען, — אַז דאָס פייערעל אין די אויגען האָט זיך ביי די אידען געשטאַרקט מעהר צו די געשעפטליך, וואָס לאָזען זיך אונטען מאַכען, איידער צו ארץ ישראל.

— דאַרפסטו דיר אַ פאַניע־לאַנד, אויף טויט־אַנגסט צו זיצען און פּאָגראָמען דורכצולעבען, אז דו האָסט דיר אזאַ שמאַלץ־גרוב, — זאָגט אַ איד מיט אַ קרעכץ.

— און מיט די אראַבער וועלען מיר גאָר נישט דאַרפען מלחמה האַלטען. זיי וועלען איינזעהן, אז עס איז פאַר זיי גלייכער, אז מיר זאָלען זיין די בעלי־בתים. מיר זיינען אַ קאָמערץ־פאָלק, מיר וועלען זיי צו פערדיענען געבען; מיר וועלען ביי זיי די ערד אָבקויפען פאַר אַ סך געלד, זיי וועלען גוט פערדיענען. מיר דאַרפען גאָר ניט קיין מלחמה פיהרען מיט זיי. — זאָגט אַ איד פון דער זייט.

— אין דער ערשטער צייט וועט מען דאַרפען אַ מלך האָבען, נישט קיין רעפּובליק. אַ רעפּובליק — דערנאָך, נור די ערשטע צייט — אַ מלך, אַ ראָטשילד, למשל. נישט־קשה, ער איז ניט קיין קלענערער בעל־יחוס פון די גוים. מען בעדאַרף בעציהונגען האָבען מיט די הױ־

די געזעלשאפט האט דאס בעמערקט, און מען האט געוואלט אב־פיהרען דאס געשפרעך — האט זיך די אידענע, די שדכנ'טע, אנגערו־פען מיט א העברעאיש ווארט — געוואלט אימפאנירען:

— ארץ ישראל — ארץ זבת חלב ודבש, ווי אין פסוק שטעהט. דער דאקטאר, וועלכער איז געוועזן א ציוניסט, געטראגען די בארד געשארען ווי הערצעל און געהאלטען זיך פאר א גאנצען מאכער ביי די ציוניסטען, האט אנגעהויבען צו רעדען מיט גרויס בעגייסטערונג וועגען דער אויפלעבונג פון ארץ ישראל, די פאליטישע לאגע פון די אידען, און האט אנגעהויבען דערצעהלען בסוד איינציגע וויכטיגע פא־ליטישע אונטערהאנדלונגען, פון וועלכע עס וועט גרויס ישועה ארויס־קומען פאר'ן כלל ישראל. דער עולם ארום האט געשלונגען זיינע ווערטער מיט בעגייסטערונג. עס האבען זיך אנגעהויבען צורוקען צו זייער טישעל בענקלעך און מען האט זיך צוגעהערט צום דאקטאר'ס געשפרעך, ווי ער מאלט אויס אז ארץ ישראל, מיט א אידישע רעגיע־רונג, מיט אידישע פאסאלען, אז עס האבען זיך פייערלעך אנגעצונדען אין די אויגען. און א איד, א בעקאנטער סוחר, וואס האט זיך צום טישעל צוגעזעצט, האט זיך אנגערופען:

— וואס־זשע מיינט איהר, ווען אידען גיבען זיך טאקע אזוי א נעהם און גיבען א פאהר אראב קיין ארץ ישראל מיט דעם ביסעלע קאפיטאל, וואס זיי האבען, מיט דער ביסעלע ענערגיע און קאמערץ!... ווארום דער עיקר היינט אין לאנד איז קאמערץ, און אידען זיינען א קאמערץ־פאלק.

— ווער וועט דיר די ערד בעארבייטען? א לאנד בעדארף דאך אן ערד־ארבייטער, א פויער — וועלכער איד וועט דיר דאס וועלען ווערען א פויער? — פרעגט א צווייטער.

— צו וואס די ערד ארבייטען? — אראבער וועלען מיר דינגען. עס זיינען דאך דא אראבער. זאלען זיי בעארבייטען די ערד, מיר וועלען זיי געבען צו פערדיענען געלד, פיעל געלד. מיר, אידען, זיינען א קאמערץ־פאלק, מוזען זיך פערנעהמען מיט קאמערץ, ערד אבקויפען, זיין די שררות.

— און מיט וואס וועסטו דארט האנדלען, מיט תפילין־בייטעלעך, מיט ארץ ישראל־ערד? וואו וועסטו נעהמען א זאווארעל, א צוקער־

ווערטלעך געמישט, ווי א מאנספערשוין. דאס איז געווען איינע פון די שדכנ'טעס, וואס האבן זיך, ווי די קאפע־מייז, תמיד ארומגע־דרעהט אין קאפע. באלד איז אויך אנגעקומען דער דאקטאר זילבער־שטיין מיט דער שווארצער הערצעל'ישער בארד און צילינדער־הוט, וועלכער האט ר' חיים'ען און מישא'ס מוטער ארומגעפיהרט צו די בערלינער פראפעסארען.

די שדכנ'טע מיט דעם דאקטאר זיינען געווען א שותפות־פאאר. די שדכנ'טע האט בעדארפט דעם דאקטאר, אז ער זאל קומען צום טישעל, וואו זי פיהרט צו א חתן, כדי דער דאקטאר, וועלכער איז גע־ווען א געשיקטער יונג, א פיסק געהאט און געקענט די גנזעלשאפט אונטערהאלטען, — זאל לעבעדיג מאכען ביים טישעל און ארייננציהען דעם חתן אין א געשפרעך, אז ער זאל געפעלען. דערפאר האט איהם די שדכנ'טע רעקאמענדירט פאר די געסט פאר וועמען זי האט „געאר־ביט", אלס אן „איין־און אויסגעהער ביי די היגע פראפעסארען". דורכדעם פלעגט מען דאס פאאר'ל טרעפען זיצען תמיד ביי א טישעל, און וואו דיביידע זיינען געזעסען, דארט האט געשמעקט מיט א שדוך...

דאס געשפרעך האט זיך געדרעהט ארום ארץ ישראל, וועגען וועל־כען מישא האט גערעדט מיט'ן פאטער אויפ'ן וועג. דער פאטער, וועלכער האט זיין פלאן וועגען ארץ ישראל געהאט אויסגעהערט שווייגענדיג — האט זיך ערשט ביים טישעל, וואו דער עולם איז ארום געזעסען, געווענדעט צו מישא'ן:

— און וואס וועט זיין דער סוף, ווערסט אן ערד־ארבייטער ווערען אין ארץ ישראל? און צו דעם האב איך מיך אזוי פיעל קאסטען גע־לאזט, אין די שקאלעס געשיקט! — האט ער געזאגט מיט א קרעכץ.

מישא'ן האט דאס פנים געפלאמט פאר בושה. דא, ביים טיש, צווישען די פרעמדע מענשען, וואס זיינען איהם דערווידער, רעדט דער פאטער מיט איהם וועגען זיינע הייליגסטע געפיהלען... ער האט פערשוויגען, געוואלט אנטלויפען פון טיש, איינגעהאלטען זיך — מורא געהאט, אז די אינגלישקייט, ווי ער האט אנגערופען דאס, וואס ער מוז אנקומען צום פאטער, זאל נישט נאך מעהר פערשטארקט ווערען מיט דעם, וואס ער וועט אנטלויפען, — האט ער ביטער געשמייכעלט און די ברילען זיך אראבגענומען און אנגעטהאן זיי צוריק.

זי האט איהם בעגריסט, ווי איהר שטייגער, מיט גרויס בעגייסטערונג און פרייד און געוואלט אין איין מינוט געוואהר ווערען, וואס עס הערט זיך מיט איהם, און ווי שטעהט די „ארבייט“ אין דער היים, (זי האט זיך נאך ניט געהאט פערגעסען אן דער „ארבייט“) און אויב עס איז וואהר, אז ער האט חתונה געהאט מיט ראחעל'ן, און וואס עס מאכט איהר שווענערין. מישא האט איהר געגעבען אנצוהערען מיט מינע און רייד, אז ער וויל מיט איהר וועגען אלסדינג רעדען, נור ניט וועגען ראחעל'ן. נור זי האט אויך ניט קיין צייט געהאט פיעל צו ריידען, ווארום זי האט זיך געאיילט אין טהעאטער אריין מיט מערי'ן און איהר חתן (מערי איז שוין א כלה געווארען), עפעס אויף זעהר אן אינטערעסאנטע פארשטעלונג, וואו זי האט מיט גרויסע שוועריגקייטען געקראגען בילעטען. מערי'ן האט מישא נאך נישט געזעהן. זי איז אריין צו זיך אין נומער און געאיילט זיך איבערצוטהאן אין טהעאטער. די מיידלעך האבען זיך איבערגעטהאן און זיינען אוועק. מערי האט זיך ניט געוויזען, ער האט נור געהערט איהר שטימע, ווי זי האט גערופען הינטער דער טהיר סאניא'ן, אויב זי איז שוין פערטיג און באין אופן נישט געוואלט אין נומער אריין.

אז די מיידלעך זיינען אוועק, איז מישא מיט די עלטערען אוועק אין קאפע־הויז, וואו זיי האבען זיך געזאלט בעגעגענען מיט דעם יונגען מאן, וואס מען האט געהערט סאניא'ן.

מישא האט געוואלט אהיים געהן, אבער ער האט נאך געוואלט היינט רעדען מיט דעם פאטער וועגען זיין רייזע קיין ארץ ישראל — איז ער מיט אין קאפע אריין.

דאס קאפע איז שוין געווען איבערפילט. דער גרויסער, ליכטיגער זאל איז פערהילט געווען אין א וואלקען רויך פון פאפיראסען און פערנומען געווען אין א זשומען און בעוועגעריי, ווי אין א ביהנשטאק. מיט צרות האבען זיי געקריגען א טישעל אין א ווינקעל און אייניגע מאל ארויף און אראב זיך געדרעהט איבער דעם סאלאן, זוכענדיג אן ארט, און זיינען געוועזען אויסגעשטעלט פאר די בליקען פון די אויסגעזעצטע געסט, וועלכע האבען יעדען אריינקומענדען אויפגעגעסען מיט די אויגען און בערעדט מיט די מיילער. עס האט זיך באלד צו זיי צוגעזעצט א ברייטע, דיקע אידענע, מיט איין אויג און א גרויסען קאפעלוש און אנגעהויבען צו רעדען חכמות מיט גמרא־

— מיין ווייב איז דר. לייזעראַוויטשעס טאָכטער. געפעלט דיר נישט דער מחותן? — מיר יאָ — האָט מישאַ אָבגעענטפערט קורץ.

דער פאָטער האָט געוואָלט עפּעס זאָגען, נור דאָס ווייב איז צו צו איתם: „לייזער, שווייג! אז נישט געה איך אויס דער שטוב“. און זי איז צו צו מישאַ'ן, איהם ארומגענומען דעם קאָפּ, ווי מען נעהמט ארום אַ קליין קינד און אָנגעהויבען איהם צו בעגיסען מיט טרעהרען און געגלעט, ווי מען גלעט אַ קליין קראַנק קינד: „מישענקאַ, מיין טייערער!...“

מישאַ האָט זיך ארויסגעמאַכט פון דער מוטער'ס הענד. איהם האָט דער מוטער'ס גלעטען נאָך ערגער געקרענקט, ווי דעם פאָטער'ס ווערטער. ער האָט זיך אוועקגעזעצט אין אַ ווינקעל, פערביסען די ליפּען.

פון דענסטמאָל אָן האָט מען מישאַ'ס חתונה פערשוויגען אין הויז און קיינער האָט זי מעהר נישט דערמאָהנט מיט קיין וואָרט.

---

קאַפּיטעל 6.

## אין קאַפע מאָנאָפּאָל.

עס איז אריינגעקומען פון צווייטען נומער דער פעטער ר' חיים און האָט זיך מיט מישאַ'ן געגריסט, ווי זיי וואָלטען זיך גאַרנישט געטראָפען אין אַ פרעמדער שטאָדט, מיט דערזעלבער פלעגמע און גלייכגילטיגקייט, ווי מישאַ וואָלט אריין צו איהם ביי זיי אין שטעד־טעל.

עס איז שוין געוואָרען נאַכט און עס איז אָנגעקומען סאָניא מיט מערי'ן פון גאַס, וואו זיי האָבען גאַנצע טעג פערבראַכט אין מאַגאַ־זינען.

מישאַ האָט סאָניע'ן נישט דערקענט — זי איז העכער געוואַקסען, ברייטער געוואָרען און זי האָט אויסגעזעהן, ווי אַ גאַנצע דאַמע. אויך איז זי אנדערש געווען געקליידעט, שוין דאַמען־אַרטיג — אין אַ זעהר לאַנגע קלייד, מיט אַ גרויסען, ברייטען קאַפּעלויש.

עס האָט ביי איהם, ווי ביי מערי'ס פאָטער, אויסגעזעהן ווי אַ געלעכטער, ווי אַ דערוויילל, וואָס פאַלט פאַר אין די אונרוהיגע טעג; און ווען די בייזע צייט וועט איבערגעהן, וועלען די אַלע נאַרישקייטען דורכגעהן. אַ שלעכטער חלום איז עס און אַ וועלט קען דאָך ניט לעבען אַ לאַנגע צייט אין אַ שלעכטען חלום. מישא האָט פערשטאַנען דאָס פערהאַלטען זיך פון זיינע עלטערן צו זיין חתונה האָבען. דורכדעם איז ער נישט פערפאַהרען מיט ראַחעל'ן אין דעם האָטעל, וואו זיינע עלטערן וואָהנען, נור זיך בעזעצט, לויט אַ בעקאַנטע אַדרעס, אין אַ ביליגען סטודענטען־פּאַנסיאָן, אין שאַרלאָטענבורג, און אַליין איז ער צו די עלטערן אהין געגאַנגען.

— אַח, מישאַ! גיב נור אַ קוק וואָס פאַר אַ גאַסט מיר האָבען! — האָט דער פאָטער אַריינגעשריען אין שלאָף־שטוב אריין צו דער מוטער, ווען מישאַ איז אין נומער אריין.

די מוטער איז אויף איהם ארויף מיט אַ געוויין און פרייד: „געלויבט צו גאָט! אָך, טייערינקער דו, מישאַ, מישאַ...“

— וואו האָסט דו די זאַכען? ווען ביזט דו געקומען? — האָט דער פאָטער געפרעגט.

—איך בין מיט מיין ווייב געקומען. מיר זיינען פערפאָהרען אויף שאַרלאָטענבורג — דערצעהלט מישאַ.

— מיט דיין ווייב? — האָסט גאָר חתונה געהאַט? — וואונדערט זיך דער פאָטער, ווי ער וואָלט דאָס נייעס צום ערשטען מאָל געהערט, — מזל טוב!

די מוטער איז ארויס מיט אַ שטראָם טרעהרען און געוואונקען צום פאָטער, ער זאָל שווייגען.

דער פאָטער האָט זיך אָבער ניט געקענט בערוהיגען.

— אזוי, קומט אונז דאָך גאָר אַ מזל טוב, רעגינאַ, — רופט ער צום ווייב.

— יאָ, מזל טוב דיר! — שמייכעלט מישאַ.

— וואָלסט מיר כאָטש אויך געוועןפערבעטען. אַ חתונה־קאַרטעל געוועןגעשיקט, אַלץ קומט דאָך מיר אויף דער חתונה זיין — שמייכעלט דער פאָטער איראָניש — שאַ, ווער איז מיין מחותן? מיט וועמען האָב איך זיך דאָס משדך געווען? — פרעגט דער פאָטער.

זאמענגעפיהרט די סוחרים. און די דאקטוירם׳לעס מיט די צילינדער־היט און די שווארצע בעוואקסענע בערד — א לא הערצעל — האבען רעדל געפיהרט צווישען די דיקע ווייבער. און אלע האבען געלעבט אין איין אנגסט־שרעק: וואס הערט זיך אין דער היים, און געלוישט מיט ציטערענדע הערצער די ידיעות פון דער היים, וואס בעקאנטע האבען מיטגעבראכט, וואס די צייטונגען האבען מיטגעטיילט.

און איין בראך איז גרעסער געווען ווי דער צווייטער. יעדעס מאל איז דאס פייער אין אן אנדער שטאדט אויסגעבראכען. מיט יעדען טאג זיינען פרישע אנטלאפענע אנגעקומען פון נייע שטעדט, וואו דאס אומגליק האט אויסגעבראכען. אלע האטעלען זיינען פול געווארען מיט זיי, און דאס קאפע־הויז איז יעדען אבענד ענגער געווארען פון די אנ־געפאהרענע געסט.

די אידען, די רייכע סוחרים, געוועהנט צו האנדעל און וואנדעל — האבען זיך געלאנגווייליגט, גארנישט צו טהאן האבענדיג; די ווייבער האבען זיך געאיילט ביי די פראפעסארען, און די קינדער זייערע האבען זיך משרך געווען מיט׳ן צווייטען. און די דייטשען־קעלנערס האבען געקוקט אויף זיי ווי אויף אנטלאפענע, ארויסגעיאגטע, און זיי האבען זיך געקויפט זייער אכטונג מיט די רייכע טהעע־געלדער. און די פא־ליציי האט זיי געשלעפט יעדען פריהמארגען אין די צירקלען און נאכ־געפרעגט זיך אויף זייערע פערמעגענס, אויף זייערע איינקינפטע, אויב זיי קענען געגוג געלד אויסגעבען אין דער רייכער שטאדט, אז זי זאל זיי דא לאזען פערוויילען.

אין דעם מצב, צווישען דער סביבה, האט מישא געטראפען זיינע עלטערען אין בערלין. זיי האבען געוואהנט אינאיינעם מיט׳ן פעטער ר׳ חיים און די מוהמע, מערי׳ס עלטערען, און אויך מערי (נאך וועל־כער דער פאטער איז געפאהרען און געבראכט פון פעטערבורג) אין איין האטעל, און האבען ווי אנדערע אידען זייער גלייכען אין די גאסען זיך ארומגעדרעהט, אין די מאגאזינען געמאכט איינקויפען. די ווייבער האבען זיך געדאקטערט, און די שדכנים האבען זיי אלע נאכט אין קאפע געשלעפט צו בעגעגענען זיך מיט חתנים, וועלכע מען האט געערדט סאניע׳ן, מישא׳ס שוועסטער, און מערי׳ן. ר׳ לייזער, מישא׳ס פאטער, האט געהערט פון זיין זוהנ׳ס חתונה האבען מיט לייזעראוויטשעס טאכטער און האט זיך נישט געמאכט וויסען דערפון.

בען דאָך געקוקט אויף זיי מיט דערזעלבער פּעראַכטונג, ווי זיי קוקען אויף די אָרימע אידישע עמיגראַנטען, ווי היימישע, איינגעזעסענע בירגער קוקען אויף ארויסגעיאָגטע, וואַנדערענדע ציגיינער־משפּחות.

נאָך זיי, ווי נאָך פּגרים, האָבען זיי מיטגעשלעפּט אַ מחנה שוואַרצע פויגעל. זיי האָבען מיטגעשלעפּט מיט זיך, ווי אומעטום, וואו רייכע אידען קומען, מעקלערס, שדכנים און דאָקטוירים־מעקלערלעך, וועלכע האָבען די רייכע אידען געוואָלט אויספילען זייער לאַנגווייליגע צייט.

אומעטום, וואו אידען קומען, קומט דער האַנדעל — האָבען די מעקלערס דערווייל פּערקויפט איינעמס וואַלד צום צווייטען, איינעמס פאַבריק צום צווייטען, כאָטש עס איז קיינער נישט זיכער געווען, אז דער וואַלד אָדער די פאַבריק געהערט נאָך דעם אמת'ן אייגענטהי־מער.

די שדכנים האָבען דערווייל די קינדער משדך געווען מיט איינ־אַנדער, און די דאָקטוירים־מעקלערלעך האָבען אויסגעזוכט ביי די רייכע אידען און די פעטע ווייבער וואו נור אַ פערשלעפּערטע קרענק — אַ לאַנג פערשלאָפענעם לעבער־וועהטאָג, אַן אַלטע חלאַת'ל, און האָבען זיי ארומגעשלעפּט צו די בערלינער אידישע פּראָפעסאָרען, וועלכע האָבען זיך זעהר געוואונדערט: „די יודען אין רוסלאַנד, די געהט דאָך גאַנץ גוט!"

עס איז נאָך געווען צו־פריה צו פאָהרען אין די פערשיעדענע בע־דער, וואוהין די דאָקטוירים האָבען זיי צושיקט — האָבען זיי זיך אין די בערלינער גאַסען ארומגעדרעהט און זיינען אַלעמען אויפגעפאַלען מיט זייער הויך רוסיש רעדען און שטאַרקע הענד־בעוועגונגען.

נור רייך זיינען זיי געווען און פיעל געלד דער שטאָדט צו לייזען געגעבען — האָט די פּאָליציי די רייכע געלאָזט בלייבען און די אָרימע ארויסגעשיקט.

אין אָבענד זיינען זיי זיך צוזאַמענגעקומען אין דעם קאַפע־הויז אויף דער פריעדריך־שטראַסע, פון וואַנען זיי האָבען שוין געהאַט אַלע דייטשען פעריאָגט מיט זייער הויך רעדען. אין דעם קאַפע־הויז איז געווען די בירזע, — דאָ האָבען זיך געטראָפען וואָס אַ מאָל מעהר בעקאַנטע אידען פון פערשיעדענע געגענדען אין רוסלאַנד און דאָ אַלע געשעפטען געמאַכט. די שדכנים האָבען געשלעפּט די חתנים פון איין טישעל צום צווייטען זעהן זיך מיט כלות, די מעקלערס האָבען צו־

און מישא איז איהר ווי אַ שטילער שאטען נאָכגעגאַנגען, מורא האָבענדיג, אז ער זאָל איהר די פיס נישט אָבטרעטען מיט זיין שאָטען-ליכט... אזוי זיינען זיי ביידע פערפרעמדט און פערליעבט, ווי צוויי שטילע גייסטער, איבער די וועלט געגאַנגען.

---

## קאַפּיטעל 5.

# די אנטלאָפענע פון פּאָגראָם

אין איינעם פון די גרויסע קאַפע-הייזער אין בערלין, אויף דער פריעדריך שטראַסע, האָבען זיך צונויפגעקליבען אַלע פּליטים פון אַלע עקען רוסלאַנד, וואָס זיינען געלאָפען פון די רוסישע פּאָגראָמען.

עס זיינען דאָ געווען פערמעגליכע, וועלכע האָבען געלאָזט די פערמעגענס אין דער היים, אויף גאָט'ס חסד און אויף פרעמדע מענשענס הענד, און האָבען זיך אַליין געראַטעוועט אין דער דייטשער שטאָדט, וואו זיי האָבען פאַר זייער זיכערהייט בעצאָהלט מיט די גרויסע סומען אין די האָטעלען, רעסטאָראַנען און געשעפטען. מעהרסטענטיילס אידען-סוחרים, וואָס מען האָט זיי אָבגעריסען פון זייערע געשעפטען— האָבען זיי זיך דאָ, אין דער גרויסער, פרעמדער שטאָדט, ארומגעדרעהט פוסט און פּאַס, חוזק געמאַכט איינער פון צווייטען און געוואַרט אויף אַ גוטע נאַכריכט פון דער היים...

די דייטשען האָבען געקוקט אויף זיי מיט פעראַכטונג און חוזק, ווי אויף שוצלאָזע רוסישע עמיגראַנטען, וואָס זייער פאָטערלאַנד שפּייט זיי אויס. אָט דאָס זיינען זיי עס, די אונרוהיגע רוסען, די וואָס מאַכען רעוואָלוציע, פון וועלכע זיי האָבען אין די צייטונגען געלעזען!... און וויפיעל די רייכע אידען און די פעטע אידישע ווייבער האָבען ניט געפּרובט איינצוקויפען זיך ביי דער דיענערשאַפט אין די האָטעלען און די רעסטאָראַנען, האָבען זיי אַלין נישט געקראָגען פון זיי נישט נור קיין כבוד, נור אויך קיין גוטע בעדיענונג פאַר געלד: וואָס זיי האָבען געלאָזט גרעסערע סומען לעצט-געלד און טרינק-געלד — האָבען זיי נור געהאָלפען קאָליע צו מאַכען די דיענערשאַפט, וועלכע האָ-

ארומדרעהען שעה'ן־ווייז, כדי איהר לאָזען צייט צו זיין מיט זיך. און פערקעהרט, מיט איהר האָט ער זיך געהיט צו בענוצען זיך מיט ווערטער, וועלכע זאָלען שמעקען צופיעל מיט פאַמיליאַריטעט.

ער האָט זי געהאַלטען פאר א הייליגע, וואָס דרעהט זיך אין זיין שטוב ארום און וואָס ער האָט געפּייניגט. ער פלעגט דאַן אויסמייד־ דען יעדעס וואָרט, וואָס עס וואָלט איהר אַנגעוואָרפען זיין ליעבע.

נור אַמאָל אין אַ פארנאַכט, ווען זי איז צו שפּעט אין פענסטער געזעסען און עס איז קיהל געווען, האָט ער איהר געזאָגט: „קינד, געה אוועק פון פענסטער". — און איז פערשעמט געוואָרען פאר דעם ליעבען שפּרוך און שוין געוואָלט צוריקכאַפּען. זי האָט עס בעמערקט— האָט זיך איבערגעצויגען איבער איהרע שעהנע צייהן אַ מעלאַנכאָלישער שמייכעל, אַ שמייכעל, וואָס איז עהנליך געווען צו אַן אויסדרוק מעהר פון צער, ווי פון פרייד.

וואָרים צייט יענע נאַכט האָט זי געשוויגען, זי איז עלטער געוואָ־ רען און געענדערט זיך. דאָס פּנים איהרס איז געווען, ווי דאָס מיי־ דעלשע וואָלט פערגליוועט געוואָרען, ווי א בלום, וואָס איז פער־ וועלקט געוואָרען פריהצייטיג — אַזאַ טרויער האָט פון די אויגען ארויסגעקוקט, כאָטש דאָס יונגע מויל און די שעהנע, געשליפענע, ווייסע צייהן האָבען געשמייכעלט קינדיש.

און אַ שטילקייט האָט זיך אריינגעגעסען אין איהרע טרויעריגע אויגען אריין, נור איהרע גליעדער האָבען ווי געזונגען. געהילט אין דעם טונקעלען זיידענעם טוך פלעגט זי דורך גאַנצע טעג זיצען ביים אָפענעם פענסטער און ארויסקוקען ווי נאָך אַ הילף, אַזוי ווי עס וואָלט ווער געדאַרפט קומען... און אַ שטילער געזאַנג איז געלעגען איבער איהר גלאַטען שייטעל און איבער איהרע געטאַקטע, פערשלאָפענע, פערהילטע גליעדער, נור אז זיי האָבען זיך בעוואויגען, זיינען זיי געווען, ווי זיי וואָלטען זינגען אין שלאָף...

אַזוי האָט זי זיך ארומגעדרעהט אין מישאַ'ס שטוב, ווי אַ טרוי־ עריגע פּרינצעסין, וועלכע איז יאָהרען לאַנג געפּייניגט געוואָרען, גע־ שלאָגען, פערשעמט, אבער איהר ריינקייט און איהר עהרע געהיי־ טעט...

שטיקעל ארט טראגט א היימישען, פערהייליגטען נאמען = דארט וועט ער זיך צום פעסטעסטען און רוהיגסטען פיהלען. געוואוסט האט ער, אז קיין גרויסער ערד־ארבייטער איז ער נישט, נור ער האט גע־רעכענט נישט צו ווערען קיין ערד־ארבייטער אלס אידעאל, נור אלס פרנסה פאר זיך. דורכדעם האט ער בעשלאסען צו פאהרען קיין בערלין איבעררעדען מיט'ן פאטער, אז ער זאל איהם ארויסגעבען זיין טהייל נדן. פאר דעם געלד וועט ער זיך אפשר קויפען א באיארע און זי אליין בעארבייטען. געלעזען האט ער אין די אידישע צייטונגען, אז מיט א געוויסע סומע געלד קען מען הינטען אזוי ארום א לעבען מאכען, ערגעץ וואו נאהענט ביי א אידישער קאלאניע, אין א אידישע סביבה זיך זיינע פאר יאהר אויסלעבען, פאר זיך, בעהאלטען אין דעם שאטען פון אונבעקאנטהייט און שטילקייט, וואס הילט אין די הונדערטער טויזענדער געוועהנליכע „שטערבליכע" — און דאס האט ער יעצט געוואלט.

ער האט זיין פלאן מיטגעטהיילט ראהעל'ן. זי האט עס אויפגע־נומען גלייכגילטיג און שוויי̈גענדיג, ווי זי האט אלעס אויפגענומען צייט נאך דער שרעקליכער נאכט, וואס זיי האבען ביידע דורכגע־לעבט. זעלבסטפערשטענדליך האבען זיי פון דער ראזיגער נאכט נישט נור בלויז קיין ווארט צווישען זיך געלאזט פאלען, נור זיי וואלטען עס ביידע געוואלט פון געדעכטנים אויסמעקען — האט עס ביי זיי ביידע געלעבט נאך אין דעם זכרון, ווי עס לעבט א ניט־אנגענעהמער חלום דורכגעלעבט צוזאמען. אבער דער אבמאך, וואס זיי האבען צווישען זיך געשלאסען, האט ווי א שטילער תנאי געלעבט צווישען זיי ביידע.

זיי האבען זיך נישט מעהר געפיהלט, ווי מאן און ווייב, נור ווי חברים, מעהר נאך ווי שותפים עפעס, וואס זיינען זעהר העפליך איי־נער מיט דעם צווייטען, אבער נישט אונאנגענעהם העפליך. מישא האט זי צייט יענער נאכט בעשאנקען מיט גרויסע אויפמערקזאמקייט. ער האט אלעס בעמערקט אין איהר, אין גאנצען געווען ווי ער וואלט זיך וועקגעשאנקען פאר איהר. ער האט געפרובט טרעפען אלע איהרע פערלאנגען, נישט פרעגענדיג, און געזעהען, אז ער זאל איהר נישט זיין צודרינגליך. ער האט דערפיהלט, ווען זי וויל זיין אליין — פלעגט ער אין דער שטיל די שטוב פערלאזען, איבער וועגען זיך

ער דאָס נישט געוואוסט פון ערשטען אויגענבליק, אַז דאָס איז דער איינציגער וועג, אַז נור ביי זיך האט ער צו זוכען אַ רוה און אַ ציעל אין לעבען, אַז ער דאַרף אויס דעם וועג געהן. „אַז מען וויל דיה דוקא נישט האבען — געה אוועק", האט ער זיך געזאגט, און אַז ער האט דעם בעשלוס אנגענומען, איז איהם מיט אמאל אַ סך זאכען קלאהר געווארען. ער האט אנגעהויבען צו פערשטעהן דעם צוזאמענ־האנג פון די לעצטע געשעהנישען, נאך וואס און צו וואס די פּאגראמען זיינען געוועזן און דעם אנטלויפען פון זיך. און נאך אַ זאך איז איהם קלאר געווארען: פאר וואס מען האט אידען פיינט. די גרויסע פראגע „פאר וואס?" איז איהם פערענטפערט געווארען. די פיינדשאפט צום אידען איז ניט קיין פערביסענע, נור אַ פעראכטענדע, ווי מען האט צו אַן עקשן.

אידען האבען זיך איינגעשפּארט דוקא דארט צו פערבלייבען, וואו מען יאגט זיי, על אפּם ועל חמתם — צווישען די גוים; און אַז יענע ווילען נישט?

אידען דארפען אויס דעם וועג געהן, — פערקלייבען זיך צו זיך אהיים, אין דעם ווינקעל, אויף וועלכען זיי האבען היסטארישע רעכט. דאכט זיך, עס איז זעלבסטפערשטענדליך, און פאר וואס טהוען עס ניט אלע?

איבריגענס האט ער יעצט ניט געקלערט וועגען כלל — זיין „איך" האט איהם פערנומען זיין לעבען. ער האט געוואלט יעצט רוהען, לעבען דאס איינפאכסטע, רוהיגסטע לעבען. שטודירען איז איהם פער'מיאוס'ט געווארען, און דערמאנענדיג זיך, ווי אידישע סטודענ־טען יאגען זיך פון איין אוניווערסיטעט אין דעם צווייטען און ווילען דוקא ווערען אַ דאקטאר'ל, אַן אדוואקאט'ל, אנכאפּען זיך אַן דעם שטריק פון לעבען און מיטלויפען — איז איהם די בילדונג דערווידער געווארען.

איבריגענס האט ער נישט געקלערט דערפון. ער האט געוואלט יעצט רוהיג זיין, קיינעם נישט שטערען און איהם זאל אויך קיינער נישט שטערען; ער זאל מיט זיין זיין קיינעם קיין גרויסען נוצען נישט ברענגען, נור פערדיענען זיך זיין שטיקעל ברויט און דאס געאייג־נעטסטע איז איהם געוועזן — אַ פעלד־ארבייטער אין ארץ ישראל. דארט אין די שאטענס פון דער גרויסער פערגאנגענהייט, וואו יעדעס

— מישא, געדענק אַז דיין עהרען־וואָרט! האָט דאָס מיידעל געשריען.

— איך וויל נישט געדענקען! הונדערט עהרען־ווערטער און הונ־דערט כבוד'ס פאַר דיין ליעבע!

— אויב אַזוי, וועל איך דיר אין דעם דערמאָהנען — זאָגט ראָחעל און האָט זיך אָנגעהויבען צו רייסען פון מישא'ס הענד, געביסען איהם די הענד מיט דעם פּנים, אַז ער איז געצוואונגען געווען באַלד זי אָבצולאָזען.

— אַז איך האָב זיך געקענט געגען יענע אין עצה געבען, וועל איך זיך אויך קענען קעגען דיר בעשיצען — זאָגט ראָהעל, בעפרייענדיג זיך פון זיינע הענד.

מישא איז געפאַלען צו דער ערד און איז ליגען געבליעבען אַ מיעדער און אָהנבעוואוסטער . . .

די פרישע מאָרגענדיגע פריהלינגס־זונן האָט זיי ביידע געטראָפען ליגענדיג אויף דר'ערד מיעדע און שוין שלאָפענדע.

---

קאַפּיטעל 4.

# צוויי נשמות

אין אַ פּאָאָר טעג אַרום זיינען זיי געפאָהרען קיין בערלין זעהן זיך מיט מישא'ס עלטערן, וועלכע האָבען, נאָכ'ן פּאָגראָם אין רוס־לאַנד,זיך דאָרט אויפגעהאַלטען.

מישא האָט בעשטימט אַראָבצופאָהרען קיין ארץ ישראל און דאָרט פערבלייבען אַן ערד־אַרבייטער.

דעם בעשלוס האָט ער אָנגענומען פּלוצלינג. אין אַ שעהנעם פריהמאָרגען, אַז ער האָט זיך אויפגעהויבען, איז איהם אַלעס מיט אַ מאָל קלאָר געוואָרען. ער האָט געזעהן זיין וועג פאַר זיך, און דאָס אַראָבפאָהרען קיין ארץ ישראל און דאָרטען ווערען אַן ערד־אַרבייטער איז איהם אויסגעקומען אַזוי איינפאַך, אַזוי זעלבסט־פערשטענדליך אין זיין יעצטיגען מצב, אַז ער האָט זיך געוואונדערט, פאַר וואָס האָט

אין פנים ארײן און שטעקט ארויס אזעלכע גרויסע אויגען, און מויל, און צייהן . . . און עס בעפאלט דיך א שרעק, ס'ווערט דיר ענג, די ווענד רוקען זיך צונויף, קוקסט אוים אויף הילף, בעסט דיך ביי די ווענד הילף . . . און א ווארימער ווארעם רוקט זיך צו דיין ליב צו, און עס בעפאלט דיך א פארע . . .

— הער אויף! הער אויף! — שרייט אוים מישא — אדער איך ווער משוגע, איך רײס מיר די אדערען אויף צוויי!

— האסט עס געוואלט הערען — האסט דו עס. האסט עס ניט קיין מוטה אויסצוהערען, — וואס ארט עס דיר? עס איז דאך נור אידישע עהרע, אלע אידען ריהרט עס אן ווי דיך — וואס האסטו דיך מעהר צו קאכען ווי אנדערע?—

מיט איין שפרונג איז מישא געוועזן ביי איהר. ווידער האט ער זי ארומגעהאלטען מיט זיינע צוויי שטארקע הענד:

— עס איז מיין כבוד, מיין אייגענער, נישט פון אידישען פאלק! עס איז מיין ווייב, מיין געליבטע, — מיין כלה האט מען נעשענדעט — מיין כבוד, מיין אייגענער, פריוואטער... דערצעהל, דערצעהל, איך וועל אלעס הערען! . . . לאזען זיי ברענען די ווערטער, ווי בליי — ווי פייער שטיקער פלייש און נשמה אויסברענען, — דערצעהל!

— עס איז גאר ניט געוועזן — קוקט זי איהם שטאלץ אין די אויגען ארײן, — איבער'ן פיסק האבען זיי מיר געפאטשט, די צייהן האבען זיי מיר אויסגעקלאפט, אבער גאר נישט האבען זיי מיר געקאנט טהאן. זעהסט די ברוסט מיינע — רייסט זי דאס העמד אויף זיך — זעהסט — דאס שטיק פלייש פעהלט. דעם ביס פון די שארפע צייהן האב איך אויסגעהאלטען, אבער נאכגעגעבען האב איך נישט. דו זעהסט די שטיקער האאר, וואס פעלען אויף מיין קאפ — צווישען זייערע פינגער זיינען זיי געבליעבען, אבער מיין ליב האבען זיי נישט געהאט. מיט מיינע צייהן האב איך זיך געוועהרט, קיין מאכט האט מיך נישט געקענט פון דער ערד אויפהויבען. און ווייסטו ווער עס האט מיך די קראפט געגעבען? — דו, דו. איך האב דיך געזעהן פאר די אויגען, ווען איך האב מיך געראנגעלט מיט זיי.

ווי א קינד האט זי מישא געגעבען א כאפ אויף זיינע הענד און צוגעטראגען זי אויף דעם בעט.

איז ביי איהר. מיך האסטו גענומען, אזוי ווי דו זאגסט, אלס צייכען, אז איך זאל דיר דערמאנען אן דער פערשוועכטער עהרע. אז דו ווילסט עס — זאל אזוי זיין. אז נישט — וועל איך מארגען אהיים פאהרען צום טאטען. ווען איך האב זיך בעשלאסען מיט דיר מיט־צוגעהן, איז ניט געווען מיין מיין צו געווינען דיין ליעבע מיט געוואלד. ניין, מישא, גלויב מיר, אז נישט דאס. איך וויים אליין נישט פאר וואס איך בין מיט דיר מיטגעפאהרען אין אויסלאנד, אפשר אויך צוליעב דעם וואס דו זאגסט = אלס צייכען פאר די אויגען, צו דער־מאנען דיך. יא, יעצט זעה איך אליין, אז דאס איז געווען מיין צוועק, אהן צו וויסען.

— אבער, ראחעל, — שרייט אוים מישא — פערשטעהסטו נישט, אז איך האב גערעדט אין א ווילדען צושטאנד, אז אויסער א איד מיט א אידישער טראגעדיע, בין איך אויך נאך א מענש ; פערשטעהסטו נישט, אז דענסמאל, ווען איך האב געליעבט מערי'ן, בין איך נאך א קינד געווען, אז דאס איז שטימונג געווען ; אז אין דיר האב איך ליעב געקריגען דאס ווייב, אז דו עסט מיך אויף מיט דיין תאוה, אז דאס וואס איך האב פריהער געזאגט, זיינען נור געווען ווערטער געווארפען אין דעם צושטאנד פון עקסטאז און ליידענשאפט נאך דיר... פאר וואס האסטו מיך געבונדען מיט מיין ווארט ? איך געה אוים נאך דיר !

ווי וואלט ער אוועקגעגעבען זיין לעבען יעצט פאר זיין עהרען־ווארט !

אבער ראחעל האט זיך געשטעלט אין פענסטער, איהר פול נאקעט לייב האט זיך ארויסגעריסען פון איהר לייכטען טוך און בעלויכטען געווארען אין ליכט פון דער לבנה, און זי זאגט צו איהם:

— יא, מישא, דו האסט רעכט ; האסט מיך פריהער געבעטען, איך זאל דיר אלעס דערצעהלען. דיר, דיר מוז איך אלעס דער־צעהלען ; דו מוזט פון אלעס וויסען, מישא — ציטערט איהר שטי־מע. — וויסטו, אז זיי האבען מיך געפייניגט, ווייסטו וואס הייסט פייניגען ? וואס ס'הייסט א פרעמדער קערפער ווען ער ריהרט זיך צו צו דיר ? . . . זעהסט עס פון דערווייטענס, ווי עס דערנעהנט זיך צו דיר, — און א פנים פון א חיה, פון א הונד שמייכעלט דיר

געמאַכט מישא'ן. ער איז געקומען צו זיך און זיך דערמאָנט, וואָס ער האָט געטהאָן און וואָס ער האָט גערעדט.

— זיי, מוחל, ראחעל — האט ער אנגעהויבען צו ריידען פון דער־ווייטענס אויף רוסיש — איך בין משוגע געווען, איך בין ווילד געווען, עס איז צום ערשטען מאל; איך וויים נישט וואס עס איז מיט מיר געשעהן. — קום אין שטוב אריין, ווערסט דיך פערקיהלען — ביסט נאקעט.

— איך וועל נישט פריהער געהן, ביז דו וועסט מיר געבען דיין עהרען־ווארט, אז דו וועסט מיר ניט אנריהרען, אז דו וועסט האלטען דאס ווארט, וואס דו האסט אין שטוב געזאגט. יעצט ביזטו רוהיגער, קען איך דיר גלויבען.

— איך בין משוגע געװען, רחל'ע — לאכט מישא — משוגע געווען. פערגעס, ראחעל — און ער מאכט א טריט נעהנטער צו איהר.

— מישא, שטעה — אדער איך ווארף זיך אין ברונען אראב. מישא איז געבליבען שטעהן:

— אבער געדענק אין גאט, קום אין שטוב — ווערסט דיך פער־קיהלען.

— בעפאר נישט.

— נא, דעק דיך צו — ווארפט ער איהר צו זיין ראק — אבער, ראחעל, זיי מיר מוחל.

— איך וועל נישט פריהער ריידען מיט דיר, ביז דו וועסט מיר נישט געבען דאס עהרען־ווארט.

— איך גיב דיר דאס עהרען־ווארט — איך וועל דיר נישט אנ־ריהרען, ביז דו וועסט אליין נישט וועלען.

— איך גלויב דיר. — און זי איז אוועק פון ברונען אין שטוב אריין און פלינק זיך איינגעהילט אין א טוך.

א געוויסע צייט האבען זיי ביידע געשוויגען. מישא איז געזע־סען אין א ווינקעל זעהר נידערגעשלאגען.

די ערשטע האָט אָנגעהויבען צו ריידען ראחעל:

— דו דארפסט גאָר ניט חרטה האָבען, קיין איין ווארט נישט צוריקנעהמען פון דיינע ווערטער, מישא, און נישט טרויעריג זיין. איך פערשטעה דיר גאנץ גוט, און האב עס פריהער געוואוסט. איך וויים, אז דו ליעבסט מיך נישט, אז דו ליעבסט מערי'ן — דיין האַרץ

די האַנד, גיב די האַנד, אַז מיר וועלען נישט פריהער קיין קינדער האָ־בען ביז מיר וועלען זיין בעפרייט. — ניין! שווערען, אַז מיר זאָלען ביידע — קיין קינדער נישט האָבען אין שקלאַפעריי, ביז מיר וועלען האָבען געפונען אַ מקום מנוחה... גיב די האַנד!... און וועט מיך בעפאַלען אַ שוואַכקייט, וועסטו מיך צוציהען אַזוי צו דיר, ווי איצט — זאָלסט מיך שטעכען, שטעכען, ווי די אמת'ע אידישע טעכטער האָבען עס געטהאָן אַמאָל אין ירושלים... גיב די האַנד, אַז מיר וועלען נישט האָבען קיין קינדער אין שקלאַפעריי, נישט לעבען אין שקלאַפעריי — גיב די האַנד!...

זי האָט געפיהלט זיין הייסען אטהעם, וואָס האָט זי אַרומגענומען, ווי אַ וואַרימע דעקע — און מיט איין ענערגישען וואָרף איז זי אַרויס אַ נאַקעטע פון זיינע הענד און אַרויסגעכאַפּט זיך פון דער שטוב אין סאַד אַריין.

ער איז געפאַלען אויף דער ערד, אַ מינוט געלעגען און נישט געוואוסט, וואָס עס טהוט זיך מיט איהם. באַלד האָט ער זיך דערמאַנט וואָס ס'איז געשעהן, און איז אַרויס נאָך איהר אין סאַד אַריין.

דער גאַרטען איז געשטאַנען אין דער פריהלינגס־נאַכט בעגאָסען אין גאַנצען מיט דעם פולען לבנה־ליכט, און די ווייס־בליהענדע עפּעל־בוימער און די רויט־בליהענדע פלוימען־בוימער זיינען געשטאַנען בעגאָסען מיט לבנה־ליכט, ווי ווייסע שדים. אַלעס איז געשטאַנען דערשראַקען און פערעמד און פערגומען אין סוד פון דער נאַכט.

ראַחעל איז געזעסען אַ נאַקעטע אויפ'ן ברעג פון דעם ברונען. דאָס לבנה־ליכט האָט אויך בעגאָסען איהר נאַקעטע לייב, און מיט איהרע לאַנגע צופלאַשעטע האָהר און דערשראַקענע אויגען האָט זי אויסגעזעהן אַזוי פרעמד, ווי זי וואָלט אויס אַן אַנדער וועלט געקומען — מישאַ האָט זי גאַר ניט דערקענט.

ער איז געגאַנגען צו איהר אַ דערשראַקענער.

— דערנעהן זיך נישט צו מיר! — האָט זי אויסגערופען צו איהם פון דער ווייטענס, — קומסטו אהער, וואַרף איך זיך אין ברונען אַריין.

איהרע ווערטער זיינען געווען שטיל און איינפאַך געזאָגט, און געהערט האָט זיך פון זיי אַ זיכערהייט. זיי האָבען אין גאַנצען ניכטערע

— מיין שוועסטער, זיי האָבן דיך געשענדעט, ווי די ווילדע הינד זיינען זיי דיך בעפאלען... ביזט געווען אליין... דו האָסט געהערט זייער ברומען, זייער לאַכען: האָסט געזעהן, ווי זיי נעהנען זיך צו דיר... און מיט די שמוציגע הענד האָבען זיי דיך געכאַפּט, געריסען דאָס קלייד פון דיר — און אַ נאַקעטע ביזט דו פאַר זיי שטעהן געבליבען... געפאלען אויף דיר, ווי די הינד, ווי די חזירים טאַפּטשען אַ גאַרטען — און דו ביזט געפאלען אונטער זיי אַזוי...

ראחעל האָט שוין גאָר ניט גערעדט, נור געביסען זיינע פינגער און געריסען זיך פון איהם. ווי מיט אייזערנע קלעשטשעס האָט ער זי געהאַלטען, צוגעטראָגען זיין פּנים צו איהרס און טיעף איהר געקוקט אין די אויגען אריין און געזאָגט צו איהר:

= מיין שאַנד, נישט דיינע. איך האָב געזאָלט אבהיטען דיין כבוד — דער אידישער גבור, און בין געלעגען הינטער דיין טהיר... איך האָב אפשר געהערט דיינע געוואָלדען — און וואָס האָב איך געטהאָן? האָב איך זיך דורכגעריסען דורך די שפּיזען פון די זעלנער דיך צו ראַטעוון? — ניין. איך האָב חתונה געהאַט מיט דיר, כדי דו זאָלסט מיר דערמאַהנען מיין שוואַכקייט, מיין אונבעהאָלפענקייט. שטענדיג זאָלסטו מיר שטעהן פאַר די אויגען... און שלאָג מיך, שלאָג מיך — עס איז מיין שאַנד, מיין בושה!... ווייז די פלעקען, וואו זיי האָבען דיך געשלאָגען, = דאָ, דאָ, — איך וועל זיי מיט מיין בלוט בעגיסען, מיט מיין בלוט!... און ער איז געפאלען אויף איהר און האָט זי אָנגעהויבען צו קושען ליידענשאַפטליך, = ווי אַ חיה איז ער זי בעפאַלען...

— ניין, איך האָב קיינמאָל קיין אנדערע נישט געליעבט, קיינמאָל, קיינמאָל נישט. פאַר דיר בין איך בעשאַפען געוואָרען, און דאָס האָט דיך גאָט געשיקט אַזוי צו מיר. מיט אַ כיון האָט ער עס געמאַכט, אַז מען זאָל דיר שענדען, שענדען מיין כבוד, מיין ווייב, די מוטער פון מיין קינד — אַ צייכען, אַ צייכען אויף לעבענס־לאַנג אויף שוואַכקייט, אויף אָרימקייט, אויף אונבעהאָלפענקייט... אַז מען איז שקלאַפען, שענדעט מען די ווייבער. — ווייסט, אלע כלות פון דאָרף האָבען געהערט צום שררה, אין דער צייט פון פּאַנשטשינאַ. מיר זיינען אויך שקלאַפען. ווילסטו קינדער האָבען אין שקלאַפעריי?... אידישע טעכטער האָבען נישט קיין קינדער געהאַט אין שקלאַפעריי... גיב מיר

אז ער איז קיינמאל אין רוסלאנד נישט געוועז, האט קיינמאל נישט איבערגעלעבט דאס, וואס ער האט איבערגעלעבט. מיט ראחעל'ן איז גארנישט געשעהן... זי איז זיין יונגע, יונגע כלה און ער וואהנט שוין דא, אין דעם פריהלינגס־גארטען, צווישען די בליהענדע בוימער און בעשטערענדער נאכט, צווישען מאי־ריח און דעם פריהלינגס־לופ־טיגען ווינטעל — פון תמיד אן, וועט שטענדיג, שטענדיג דא וואהנען.

קאפיטעל 3.

# א ווילדע נאכט

א ווילדע נאכט איז עס געוועזן. די פענסטער זיינען געוועזן אפען אין גארטען אריין, וואס איז געוועזן אינגאנצען בעגאסען מיט דעם ווילדען לבנה־ליכט פון פריהלינגס־צייט. די שאטענס פון די בליה־ענדע בוימער האבען שפאציערט ווי גייסטער אויף די ווענד פון שטי־בעל, און זייערע בלעטער און בליהעכטס האבען זיך בעוואויגען אין שאטען אויף זייער בעט און בעטגעוואנד.

דער ווינד האט זיי אריינגעבראכט דעם ווילדען געשמאק פון די בליהענדע בוימער אין דער פריהלינגס־נאכט.

מישא האט געהאלטען די נאקעטע ראחעל אויף זיינע הענד, צו־געדריקט זי צו זיין הארץ און געקוקט איהר שארף אין די אויגען אריין.

— איך וויים פון אלעמען. זיי האבען דיך געשענדעט, — דערצעהל מיר, שוועסטער, דערצעהל. שלאג מיך מיט דיינע ווערטער, — עס איז מיין שאנד, מיין שאנד פאר מיין שוואכקייט, פאר מיין ארימ־קייט... דערצעהל, שוועסטער, דערצעהל, וואס האבען זיי געטהאן מיט דיר? איך וויל אלעס וויסען — אלעס וויסען.

ראחעל האט זיך געריסען פון זיינע הענד און געקוקט אויף איהם מיט שרעק, ווי אויף א משוגע'נעם. — און א גרויסע בושה האט זי אנגעצונדען. זי האט זיך געריסען פון זיינע הענד:

— לאז מיך אב. לאז מיך אב.

פאַליען צווישען צוויי קלאָהרע וואַסערלעך — האָבען זיי זיך געלאָזט דורך דער אַלעע ביז זיי זיינען אָנגעקומען אויסער דער שטאָדט.

דאָ איז שוין געווען דער פריהלינג אויסגעגאָסען איבער אַלע בהעגעס. אויסגעגאָסען האָבען זיך די בייטען גרינס און פערנומען אַלע פעלדער און וועלדער, וואו דאָס אויג האָט נור געקענט פערכאַפּען. ווי דעם ליכטיגען הימעל אויבען, אַזוי די ערד אונטען, און אריינגע־ריסען זיך אויף אַלע וועגען און שטעגען און קוים איבערגעלאָזט די מענשען און וועגען אַ שפּאַר פּאַסיקעל צו געהן. צווישען די סעדער און גרינס האָבען ארויסגעקוקט ווייסע און רויטע הייזלעך, בעוואַקסען אין גאַנצען אין בלעטער. פאַר אַ הויז איז געשטאַנען אַ מענש מיט אַ אינטעליגענט געזיכט, אין אַן ארבייטער בלוזע, און האָט זיך זאָרג־פעלטיג איבערגעקוקט יעדעם בלימעל פון זיין גאַרטען. אַ מינוט איז מישאַ געשטאַנען און האָט איהם בעטראַכט און נאָכגעקלערט, — געזאָגט צו ראחעל'ן:

— ווייסט וואָס, לאָמיר גאָר דאָ בלייבען. קום, מיר וועלען זוכען צווישען די הייזלעך אַ וואָהנונג, ווילסט?

— יאָ, — פרעהט זיך ראחעל.

נאָך אַ שעה זוכען האָבען זיי געפונען צוויי קליינע צימערלעך אין אַ געדיכט בעוואַקסענעם סאַד. נאָך דעם זעלבען פאַרנאַכט האָבען זיי איבערגעפיהרט זייערע זאַכען אין דרויסען ארוים — צו דער נייער וואָהנונג, אין די פרעמדע צוויי ריינע דייטשע שטיבלעך, מיט דעם קליינעם גערטענדעל פאַר דער טהיר.

נאָך דעם זעלבען אבענד האָט אין זייערע פענסטערלעך אריינ־געשיינט די יונגע לבנה, מיט איהר בעגלייטערין, די ווענוס. מישאַ איז געשטאַנען ביים פענסטער, בעטראַכט די בלאָהע, פרישע פריה־לינגס־נאַכט. די ווייס־בעבליהטע בוימעלעך, וועלכע זיינען געשטאַנען אין גאָרטען, בעגאָסען מיט לבנה־ליכט, האָבען איהם אויסגעזעהן אַזוי ווי אַ פער'כשופ'טע וועלט. אַ שטילקייט האָט געהערשט ארום. מען האָט נור געהערט, ווי דער ווינד יאָגט פון דעם געבליהעכטס דעם געשמאַק ארוים, ווי די שטערען געהען און ווי די פויגעל־נעסטען אין די בוימער ליעבען זיך. ראחעל איז אין שטוב געווען, האָט עפּעס גע־זונגען, וואָס שוין לאַנג, לאַנג האָט זי דאָס נישט געטהאָן, און איינ־געקעמט איהרע צעפּ צום נאַכט־שלאָף. און מישאַ'ן האָט זיך געדאַכט,

געבראכט, און ער האט זיך געפיהלט אריינגעטהאן אין דעם יום־טוב. און דער יום־טוב איז ביי איהם געווען ווי א סימבאל פון ליעבע פון מענש צו מענש, פון זיכערקייט, פון אלט איינגעזעסענהייט, פון תושב.

נור ווי דער עולם האט זיך צוגאנגען און זיי זיינען געבליבען אליין — האט איהם דער געראנק וועגען איינזאמקייט ווידער אנגע־הויבען צו פייניגען. ער האט זיי מקנא געווען, מקנא געווען די גאנצע וועלט, וואס יעדער האט א היים, וואו ער געהט נאך דעם יום־טוב אהין, און ער בלייבט אין דער גאס... זיין צוקונפט, זיין גורל און דער גורל פון גאנצען פאלק איז איהם ווידער פאר די אויגען גע־שטאנען אין זייער גאנצען שרעק. נור ער האט זיך אוועקגע'גנב'עט פון די געדאנקען, פערליערען זיי געוואלט — ער איז געווען אינגאנצען אריינגעטהאן אין דעם גרויסען יום־טוב פון דער וועלט, פון פריהלינג.

אנגענומען האבען זיי זיך ביי די הענד און אנגעהויבען איבער די גאסען צו שפאצירען, און עס האט זיי ענטציקט יעדע קליינינקייט — ווי די הייזלעך זיינען קליין און שטעהען יעדעס בעזונדער אין א גער־טענדעל, ווי די בוימער בליהען פאר די טהירען, ווי די ווייבער בע־גיסען די בייטען בלימעלעך. און געשמייכעלט האבען זיי צו אלעמען און געגריסט אלעמען.

דערזעהן אן אפענעם רעסטאראן, פאר דער טהיר פון וועלכען א סך מענשען זיינען געזעסען און געגעסען, האבען זיי זיך אויך אוועק־געזעצט עסען — און געפיהלט זיך אינאיינעם מיט'ן גאנצען עולם.

נאכ'ן עסען האבען זיי ווידער שפאצירט אין די גאסען. אנגעע־קומען צו א בייט טולפאנען, וואס האבען געבליהט אין א ראד אין מיטען א גרויסען מארק, האבען זיי זיך אוועקגעזעצט אויף א באנק ביי די טולפאנען און בעטראכט די קעפקעלעך, ווי זיי פערמאכען זיך, און געפרעהט זיך מיט זיי.

זיי זיינען שוין מיער געווארען: אין האטעל האבען זיי נישט געוואלט צוריקגעהן: עס איז זיי צו ענג געווען דאס שטיבעל און האבען מורא געהאט דערפאר. זיי האבען געוואלט זיין אין דרויסען, אין פריהלינג.

— קום, מיר וועלען געהן הינטער דער שטאדט — האט מישא געצויגען ראחעל'ן. זיי האבען אנגעטראפען א לאנגע אלעע פון טא־

געשפּיעלט דעם פריהלינגס־מאַרש, די בירגער האָבען די היט גע־צויגען און אויסגעשריען אַ שאַלענדען הוררא!

דערנאָך, אַז מען האָט דעם „ווינטער" פערברענט, האָבען זיך די יונגע בחורים פון שטעדטעל געפּרובט אַרויפקלעטערען אויפ'ן הויכען דראָנג, וואָס איז דאָרט געשטאַנען, וועלכער איז געווען בע־שמירט מיט זייף, כדי עס זאָל זיין גליטשיג. און אויף דעם דראָנג איז געלעגען אַן אַנצוג מיט אַ זייגער. און ווער עס האָט זיך אַרויפגע־כאַפּט אויף דעם דרייסיג־פוסיגען דראָנג — דעם קעהר דער אַנצוג מיט'ן זייגער.

נאָכדעם ווי אייניגע זיינען פון דראָנג געפאַלען, איז עס דאָך איינעם געלונגען זיך אַרויפצוקריכען אויפ'ן דראנג, און ער האָט גע־קראָגען דעם נייעם אַנצוג מיט'ן זייגער. די בירגער האָבען דאָן ווידער די היט געצויגען און אַ שאַלענדע הוראה אויסגערופען.

אַז די אַלע זאַכען האָבען זיך געענדיגט, זיינען זיך די בירגער צוגאַנגען. נאָך האָבען די מיידלעך געטאַנצט ביי דעם שפּיעלען פון מוזיק, — באַלד איז אָבער די מוזיק פערלאָשען געוואָרען, יעדער איז זיך אַהייט געגאַנגען זיין וועגס, און אין אַ האַלבע שעה אַרום האָט שוין דאָס שטעדטעל אויסגעזעהן ווי געוועהנליך. יעדער איז געווען פערנומען מיט זיין אַרבייט, נור בלויז וואָס די זוהן איז נאָך אַלץ גע־שטאַנען אַזוי יום־טוב'דיג ווי פריהער און האָט נישט געוואוסט, אַז דאָס שפּיעל איז שוין צו ענד; און דער פריהלינג, די בלימעלעך האָבען זיך ווייטער געריסען אויף די עקען פון די גאַסען, וואו זיי האָבען נור געקריגען אַ שפּאַלט ערד צווישען אַ שטיין.

מישאַ און ראחעל זיינען געשטאַנען דורך דער גאַנצער צייט פון שפּיעל און געפיהלט זיך אין מיטען דער חתונה. זיי האָט בעגייסטערט און פערוואונדערט יעדע קלייניגקייט פון שפּיעל. ראחעל האָט זיך געפרעהט ווי אַ קינד. מישאַ האָט זיך געפיהלט, ווי אויף אַ גרוי־סען יום־טוב. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז יעדער פון די אַנטהייל־נעהמער איז דורכגענומען מיט אַן ערנסטען געפיהל צו דעם יום־טוב פון פריהלינג, און ער מוז אויך האָבען דאָס ערנסטע געפיהל. די שנאה צו דער אַלטער היים, פון וואַנען ער קומט יעצט, און די ענט־ציקונג פאַר דעם רוהיגען לעבען, וואָס שפּיעלט זיך אָב אין דעם קליי־נעם, רוהיגען דייטשען שטעדטעל, האָבען איהם אָט אויף די געדאַנקען

רייהען שפּאַציערט נאָך די מוזיקאַנטען. אַלעס איז געווען פאַר־שטעלט. אַלטע גוים מיט לאַנגע בערד און יונגע שקצים'לעך, אַנגע־טהאָן אין מיטעלאַלטערישע קאָסטיומען, אין היטען מיט פעדערען — זיינען געגאַנגען אין די רייהען מיט ערנסט און כבוד, ווי זיי וואָלטען זייערע הייליגסטע פפליכטען ערפילט. אויף אַ וואָגען זיינען געפּאָה־רען די לעגענדאַרישע „ראַזבויניקעס" מיט די העק אין די הענד, און דער אַלטער „ראַזבויניק" מיט אַ לאַנגער גרויער באָרד איז האַק אין האַנד האָט אַנגעפיהרט די שייקע. נאָך זיי זיינען געגאַנגען דעם פירשט'ס „לאַנדסקנעכט" מיט די אַלטע פּיקעס אין האַנד און האָבען געפיהרט צווישען זיך אַ זעלנער־„דירנע"; דער „שניידער" און דער „וואַלד־ריעזע" פון גרימס מערכען און די העלדען פון די אַלטע גוטע פאָלקס־ליעדער; די סטודענטען־שאַרען פון „אַלט־היידעלבערג" מיט די פאָהנען און שווערדען און נאָך זיי — די יוגענד־צעכען — בעקער, שניידער, שוסטער, — און אַלעס איז געווען פערשטעלט און געגאַנגען אין די רייהען מיט כבוד און ווירדע.

דער גאַנצער עולם האָט ארויסגעאיילט אויפ'ן פּלאַץ הינטער דער שטאָדט, וואו עס איז שוין געווען אויפגעשטעלט אויס וואַטע דער „אייז־בער" — צו פערברענען, וואָס דאָס האָט געזאָלט זיין לזכר שנעע און ווינטער, וואָס די עהרליכע דייטשען פון דעם קליינעם שטערטעל האָבען אין די אויגען ניט אַנגעזעהן און ווייסען נור, אַז עס עקזיסטירט שנעע און פראָסט, פון דער נאַטור־געשיכטע און פון די רייד פון זייערע אַלטע זיידעס און באָבעס, וועלכע דערצעהלען, אַז אַמאָל, אין זייערע יאָהרען, איז זייער שטעדטעל אום ווינטער איז גאַנצען פערשנעעט געוואָרען און מען איז געפאָהרען מיט שליטענס; נור דער קלימאַט בייט זיך און שוין גאַנץ לאַנג איז ביי זיי קיין שנעע ניט געוועזען, אָבער עס דאַכט זיך, אַז אויך זיי האָבען אין די אויגען קיין שנעע ניט אַנגעזעהן און ווייסען עס פון דעם, וואָס זיי האָבען דער־צעהלט זייערע זיידעס און באָבעס... פיער יונגע מיידלעך אין ווייסען אַנגעטהאָן, בעקרענצט די קעפּ, (דער פריהלינג האָט דאָס געזאָלט בע־דייטען), מיט פיער פאַקעל אין די הענד — זיינען צו צום „ווינטער" און אונטערגעצונדען דעם וואַטענעם אייז־בער.

ווי דער פלאַם האָט זיך ארויפגעכאַפּט צום אייז־בער און די וואַטע איז אין פייער צוגעגאַנגען, האָבען די אָרקעסטרעס פון די צעכען

זיך אוועקגעשטעלט און האָט מיט איהר קינדישען חן אנגעהויבען אבצוזינגען איהר פריהלינגס ליעד.

זיי זיינען ביידע שטעהן געבליבען, האָבען נישט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט זיי געפינען זיך, צי חלום'ען זיי דאָס נישט. און דערווייל זיינען וואָס אַ מאָל די גאַסען געוואָרען מעהר בעלעבט. אלץ מעהר האָבען זיך געוויזען יום־טוב'דיג געקליידעטע מענשען, איינצעלנע פערשטעלטע, און אלע האָבען זיך געלאָזט אין מיטען מאַרק, געזונגען ליעדער, אין גאַס געגאַנגען.

פון דערווייטענס הערט זיך שוין די מוזיק שפּיעלען, פאָהנען פון צעכען ווייזען זיך. אלטע בעלי־בתים, ווייס־בעהויבטע בעל־בית'עס שטעקען ארויס זייערע גרויע קעפּ צווישען די ווייסע פאָרהענגעלעך אין די פענסטער. און דער פריהלינג האָט אויף זייערע אלטע פּנים'ער, ווי אויף אלטע, אָבגעלעבטע בוימער, אויך געבליהט און ארויסגע־בראַכט אויפ'ן געזיכט דאָס ביסעל חיות און רויטליכקייט וואָס האָבען זיך געפונען אין די אלטע קערפּערס. ווארום עס איז געווען אַ גרויסער יום־טוב אין דער שטאָדט, דער יום טוב פון פערברענען דעם „ווינטער", דעם „אייז־בער" און פון פייערען דעם פריהלינג, און דאָס גאַנצע שטעדטעל איז ארויס פייערען דעם יום טוב.

מישאַ און ראחעל האָבען זיך ביי די הענד אנגענומען און געלאָזט זיך מיט דער מענגע — אויף פייערען דעם יום־טוב פון פריהלינג, און מיטגעזונגען מיט אלעמען דאָס געזאַנג, וואָס זיי האָבען נישט פערשטאַנען.

---

קאַפּיטעל 2.

## דער יום טוב פון פערברענען דעם ווינטער

צוערשט זיינען געגאַנגען די מוזיקאַנטען פון די צעכען, די צעכען מיט די פאָהנען. און די בעלי־בתים פון שטעדטעל, פערקליידט אין די מלבושים פון זייערע זיידעס און עלטערע זיידעס. וועלכע האָבען גע־לעבט אין דעם שטעדטעל מיט הונדערטער יאָהרען צוריק, האָבען אין

זי האט נישט געוואוסט וואס צו טהאן, נור רויט געווארען און געקוקט אויף מישא'ן, ווי אויף א וואונדער, מיט א פאר גרויסע, גרויסע, אפענע אויגען. און גרויסע טרעהרען האבען זיך איהר בע־וויזען אין די גרויסע אויגען. און מישא איז אויף שטעהן געבליבען, נישט געוואוסט וואס עס טהוט זיך מיט איהם און געשמייכעלט. — געשמייכעלט אין דער וועלט אריין . . .

נור באלד האט ער זיך געפונען — ארומגענומען דרייסט ראחעל'ן ביי איהר לייכטע טאליע און געזאגט:

— קום, ראחעל, דער פריהלינג איז דא, און די דייטשען איילען זיך זעהר . . .

דאס מיידעל האט זיך ארויסגעמאכט פון זיין האנד און פלינק זיך אנגעטהאן. זי האט היינט לענגער געקוקט אין שפיגעל אריין, ווי אן אנדערם מאל; זי האט נישט געהערט מישא'ס רייד — אין איהר הארץ האט זיך אנגעצונדען א גרויס גליק.

---

אז זיי זיינען אויף דער גאס ארויס, האט זיי א פרישער מאי־ווינד בעהויכט און ארומגענומען זיי דורך און דורך. זיי זיינען, ווי דורך א וואונדער, אין דעם טיעפען פריהלינג, וואס איז דא מיט א צוויי חדשים פריהער ווי ביי זיי אין דערהיים.

דער פריהלינג האט געבליהט איבעראל — אויף דער גאנצער ערד, איבער'ן גאנצען הימעל און איבער אלע בוימער. אלעס האט זיך געבאדען אין גרינס, און מענשען, הייזלעך און גערטענדלעך — זיי־נען געווען אבגעוואשענע, אויסגעפוצטע, יום־טוב'דיגע. ווארום א גרוי־סער יום־טוב איז נעווען אין שטעדטעל — דעם יום־טוב פון פריהלינג. די קנאספען אפען, די צווייגען בעבלעטערט, און דאס גרינס רייסט זיך פון שטיינער און טראטוארען... קינדער אין ווייסען אנגעטאהן האלטען קרענצלעך פיילכען אין די הענד, ציהען איבער די גאסען און זינגען לידער, — גריסען זיי פון דערווייטענס. איין מיידעל איז צו־געגאנגען צו זיי און האט זיי געגריסט: „גוט מארגען, מיין הערר!“ און דערלאנגט ראחעל'ן דאס קרענצעל בלומען. און דאס מיידעל האט

געלעגט, זיין גאנצע לאנגע איז איהם פאר די אויגען ווידער גע־שטאנען, נור ער האט דאס פון זיך מיט געוואלד אוועקגעטריבען. די זונן שיינט אריין, זיי זיינען אין א פרעמדע שטאדט, און ראחעל איז פרעהליך: אוועק איז פון איהר דער טרויעריגער שאטען, וועלכער האט זי בעגלייט דעם גאנצען וועג. ער האט געקוקט אויף איהר, אויף איהרע נאקעטע הענד און האט צום ערשטען מאל בעמערקט איהר צארטען, קינדישען קערפער — און עס האט איהם ארומגע־נומען א רחמנות געפיהל צו איהר. ער האט זי יעצט ליעב געהאט און געהאט דאס בעדערפניס זי אויף די הענד צו נעהמען און ארום־צוטראגען זי איבער די גאסען ווי מען טראגט א קינד. . . .

דאס געפיהל האט איהם אן אלעם פערגעסען געמאכט. בע־גראבען האט ער אין זיין הארץ טיעף דעם טרויער, וועלכען ער האט מיט זיך פון זיין היימאט מיטגעבראכט — דעם טרויער און דעם צער. די יוגענד און די זונן האבען געטהאן דאס זייערינע.

— שוייג, ראחעל, וועסט זעהן, וואס מיר וועלען זיך אנטהאן. עס איז פורים ביי די דייטשען, א פערשפעטיגטער פורים, — נו, וועלען מיר אויך פורים־שפּיעלער ווערען. ווייסטו וואס, וועסט דיך אנטהאן ווי א אינגעל אין שווארץ־זיידענע הויזען, אין לאנגע שווארץ־זיידענע שטרימף און א ברייטען מארקיז־קאפּעלוש מיט א גרויסע פעדער; כ׳לעבען, עס וואלט דיר זעהר געפּאסט, — בעטראכט ער איהר פיגור און געהט אין דער שטיל צו און גיט איהר א קוש אין דעם נאקעטען קארק אריין.

ראחעל האט זיך אומגעקוקט, ווי עפּעס א וואונדער וואלט געשעהן. א שטראם בלוט האט זי בעגאסען פון אויבען ביז אראב, — צום ערשטען מאל, צייט זיי זיינען נאך דער חתונה, זעהט זי איהם אזעלכען. וואס איז דא געשעהן מיט איהם? צייט נאך דעם, וואס עס האט מיט איהר דאס אונגליק געטראפען, האט ער זי נאך נישט געזעהן . . . און זי ווייסט דאך, אז ער האט חתונה געהאט מיט איהר צוליעב רחמנות, אז ליעב האט ער אנ׳אנדערע — מערי׳ן.

דאס ערשטע מאהל ווי זי זעהט איהם אזעלכען, ווי זי בעמערקט אין איהם א נייגונג צו איהר, — און איהר האט זיך דאך געדאכט אז ער וועט זי שוין קיינמאל, קיינמאל נישט זעהן, און זי איז אומ־געגאנגען נעבען איהם ווי אין שלאף, ווי א שאטען . . .

— די זונן שטעהט אויף ביי זיי פריה, — זאגט מישא מיט א שמייכעל און זוכט די ברילען אויף זיין שרייב־טיש, — א טיכטיג פאלק. — און הויבט זיך אן אנטהאן נאך זיין פרוי.

— נעכטען ביינאכט, ווען מיר זיינען אין שטאדט געקומען, איז שוין אלעם געשלאפען געווען, — זאגט ראחעל — עס איז דאך א פערגניגען אזוי, אין א שעהנעם פריהמארגען, אין א פרעמדע שטאדט, זיך אויפצוכאפען אין א האטעל־צימער. זעה, ווי אלעס איז דא ביי זיי ריין, יעדע זאך אויף איהר ארט, — אך, א יום טוב, א יום טוב היינט! — שרייט אויס דאס יונגע ווייבעל, שטעהענדיג ביים האלב־אפענעם פענסטער — קום אהער, מישא, זעה ווי די קינדער געהן מיט בלימעלעך אין די הענד און זינגען לידער. קום אהער צום פענסטער!

— אך, א יום טוב, ווען מיר מזל האבען — אריינגעקומען אין דער שטאדט אריין אום יום־טוב, — זאגט מישא און געהט אויך צו צום פענסטער. באלד דערמאנען זיי זיך אין וואס פאר א „הלך" זיי שטעהן ביים אפענעם פענסטער, און פון אונטען האט מען שוין אנגעהויבען ארויפצוקוקען צו זיי — זיינען זיי פון פענסטער אבגעשפרונגען און אנגעהויבען פלינק זיך אנצוטהאן.

אז דאס קאלטע וואסער האט זיך געגאסען איבער ראחעל'ס נאַ־קעטען לייב, האט זי געלאכט אויס דעם פולען האלז:

— מיר וועלען קיין בעקאנטע ניט זעהן, מישא. מיר וועלען זיך ארומדרעהן אין שטאדט, ווי ווילד פרעמדע — עס איז א פער־גניגען.

— יא, ראחעל, ווי ווילד פרעמדע, — נור ער איז שוין געקומען צו זיך. ווי מיט א הויך איז אוועק פון איהם די נאטירליכע פרעה־ליכקייט, וועלכע האט ארויסגעקוואלען פון איהם, פון זיין יונגען טעמפעראמענט. ער האט זיך דערמאנט, ווער ער איז — און א גרויסע וואנד איז געשטאנען צווישען איהם און דער זונן, וואס האט אזוי פריינדליך אריינגעשיינט אין פענסטער. עס האט איהם ארומגענומען דער ענגער פאס, וואס נעהמט ארום מענשען, וועלכע האבען אויף זיך גרויסע זינד, אדער א געפעהרליכע קרענק... די טרויעריגע געדאנקען, מיט וועלכע ער האט זיך נעכטען שלאפען

קאפיטעל 1.

# אין א פרעמדע שטאָדט

די זונן האט זיך אריינגעריסען דורך די צוויי פענסטערלעך אין דעם קליינעם, ריינעם דייטשען האטעל־צימעריל און האט דאס שטיבעל בעגאסען מיט גאנצע צעבערס ליכטיגקייט, פערכאפּט די צוויי בעטען, וואָס זיינען געשטאַנען נעבען איינאַנדער און אויפגעריסען מישאַ זיל־בערג'ס פערמאכטע אויגען.

אז ער האט זיך אויפגעכאפּט, האט ער זיך אומגעקוקט פער־וואונדערט — נישט געוואוסט וואו ער געפינט זיך און פון וואנען ער קומט דא אהער. עס האבען איהם אבער באלד אנטקעגען געשמייכעלט די צוויי גרויסע, ליכטיגע אויגען פון זיין יונג ווייבעל אויס דעם צווייטען בעט, וואס איז געשטאנען נעבען זיינס. ער האט זיך ווי־דערמאנט און געזאגט מיט א שמייכעל:

— אח, דו ראחעל, שוין לאנג אויף?

— יא, מישא, — לאכט איהם די יונגע ווייבעל אין פנים אריין — די דייטשע זונן לאזט נישט שלאפען. איך האב דיך נישט געוואלט וועקען; ביסט אזוי געשמאק געשלאפען — א פערגעניגען געווען צו זעהן.

— געפינען מיר זיך טאקע אין דעם דייטשען שטעדטעל, וואו מיר זיינען נעכטען ביינאכט פערפאהרען?

— יא, מישא. קום, הויב דיך אויף! איך בין נייגעריג צו זעהן, ווי א דייטש שטעדטעל זעהט אויס. איך האב דאך קיין מאל ניט געזעהן, און די קינדער זינגען פון פריהמארגען אן, — האט דאס יונגע ווייבעל געזאגט און איז מיט איין שפרונג, ווי א יונגער פויגעל אויס דעם בעט געפלויגען.

# דער וועג צו זיך

ראָמאַן

פון

## שלום אש

---

אין צוויי טהיילען

צווייטע אויסגאַבע

ארויסגעגעבען פון
„פארווערטס“ פאבלישינג אססאסיאיישאן
175 איסט בראדוויי, ניו יארק.
1918